# בּרוך גלאַזמאַן

# בּרויט

## ראָמאַן




אַרויסגעגעבן פון
ברוך גלאַזמאַן קאָמיטעט
בשותפות מיטן
דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד
ניו-יאָרק, 1946

מיין ליכטיקער פרוי — געווידמעט

„וואָרים ניט אויף ברויט אַליין
לעבט דער מענטש...״

"Dans l'adversité de nos meilleurs amis, nuos trouvons toujours quelque chose qui ne nous déplait pas..."

*La Rochefoucauld*

## 1

— קום שוין, לינעלע, — האָט קאַרלין אומגעדולדיק אונטערגעאײַלט זײַן פֿרוי, — עס איז דאָך שוין באַלד זיבן דער זייגער! איכל נאָך צוליב דיר פֿאַרשפּעטיקן, דוס׳ט זען...

נאָך וואַרעמער האָט לינע אַרומגעוויקלט מיטן קאָלדרעלע דאָס עלטערע קינד וואָס איז געשלאָפֿן אויפֿן קאַנאַפּע, דודלען. גוט, וואָס עס האָט זיך ניט אויפֿגעכאַפּט... דאָס קלענערע קינד לוסין, אַ מיידעלע פֿון קנאַפּע צוויי יאָר, האָט זי נאָך פֿון פֿריער אַליין אָנגעקאָרמעט מיט אַ האָבערגריץ, געגעבן אויסטרינקען אַ וואַרעמע גלאָז מילך, און עס איז שוין באַלד ווידער איינגעשלאָפֿן אין זײַן בעטעלע. אָבער די מוטער, שוין אָן אָנגעטאָנענע אינם דינעם אָפּגעבליאַקירטן האַרבסט־סאַקל, האָט זיך באַלד אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט אויך נעבן קליינעם קינד אין וויגעלע, האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין מחשבות, ווי זי וואָלט גאָר פֿאַרגעסן איר ביז איצטיקע איילעניש.

פֿון די פֿענצטער אינם פֿראָנט־צימער, צום גאַס־צו, האָט שוין אַפֿילו אַרײַנגעטריפֿט דאָס טריבע ליכט פֿון אַ כמורנעם האַרבסטיקן פֿרימאָרגן. אינם צימער, וואו די קינדער זײַנען געשלאָפֿן, איז נאָך געווען נאַכטלעך־טונקל. דאָס איינציקע פֿענצטער איז געווען אויסגעהאַקט צו אַ שמאָלן, לענגלעכן דורכגאַנג צווישן איינקלאַמערנדיקע ווענט פֿון צוויי האַרט־צוגערוקטע מויערן.

דאָ, אינם כמעט טונקעלן צימער, וואָלט קיינער סיי־ווי ניט געקאָנט באַמערקן אַזאַ קליניקייט, ווי דאָס פֿלוצלונגדיקע אויפֿציטערן פֿון קאַרלינס ליפּן, די אָנגעשטרענגטע באַוועגונג פֿון זײַנע האַלדזמוסקלען, ווי ער וואָלט מיט געוואַלט דאָרט עפּעס געפּרובירט אַרונ־

טערשלינגען... איז וואָס־זשע האָט ער זיי, די ליפּן, באַלד אַזוי פאַרביסן איינע אין די אַנדערע? צוליב וואָס האָט ער עס אַזוי העפּטיק אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט אָוועק־שרעקן פונם אויג די טרער, וואָס האָט זיך אָט־אָט דאָרטן באַוויזן? מיט איבערגעטריבענעם פאַרדראָס האָט ער אַ שלעפּ געטאָן לינען פאַרן אָרבל, זי אָוועקגעצויגן פונם קינדס בעטל:

— אומגליקלעך מאַכסטו מיך מיט דיינע קאַפּריזן... (ווייל ס'איז דאָך געווען לינעס עקשנותדיקער איינפאַל זיך היינט אויך אָוועק־לאָזן מיטן מאַן גאָר פרי זוכן אַרבעט). — כ'וועל נאָך איבער דיר פאַרלירן היינט אַ דזשאָב... אָט וועקט זיך שוין לוסי ווידער...

און זיי זיינען ביידע אַ מינוט געבליבן אָטעמלאָז, מיט אָפענע מיילער, אין גרויס שרעק... אָבער קיינס פון די קינדער האָט זיך דאָך ניט אויפגעוועקט. דאָס פאַרפאַלק האָט זיי דעריבער באַלד איבערגעלאָזט, אַרויס פון צימער אויף שפּיץ־פינגער. לינע האָט פאַרזיכטיק צוגעשלאָסן די האַלב־גלעזערנע טיר פון ניט־דורכזיכ־טיקן גלאָז, האָט אַרונטערגעלייגט דעם שליסל ביי דער דערבייאַי־קער קאָרידאָר־טיר פון דער אוקראַאינישער שכנה.

דאָרט איז איצט געווען שטיל. גאַרניצקי, אַן אוקראַאינישער געפּעס־וואַשער, אויף נאַכט־אַרבעט אין איינער פון יענע קאַפעטע־ריעס וואָס זענען אָפן אַ קיילעכדיקן מעת־לעת, פלעגט זיך אומקערן אַהיים אַרום 8 אינדערפרי. זיין ווייב, די קינדערלאָזע און גוט־מוטיק־דיקע מרס. גאַרניצקי פלעגט זיך ערשט דעמאָלט אַליין אויפ־וועקן.

די טריט זייערע זענען ווייך געזונקען אינם שטויביקן אָפּגע־בליאַקעוועטן טעפּיך, מיט וועלכן עס איז געווען געדעקט דער קאָ־רידאָר און די טרעפּ פונם אַלט־מאָדישן הויז, וואָס האָט אַמאָל, אין פּרעזידענט מעקינלים צייטן געווען געזען בעסערע ליכטיקערע טעג. ווען זיי זענען ענדלעך אַרונטער אַלע פינף שטאָק פונעם שמאָלינקן טרעפּנגאַנג, האָט קאַרלין אינם קליינינקן וועסטיביול אונטן געטריי אַרומגענומען דאָס ווייב זיינס, אַ בויג געטאָן צו זיך, אַ קוש געטאָן אין באַק, ווי ער וואָלט זי צום לעצטן מאָל געפּרואווט אַרויסריידן פון איר עקשנות:

— אי, צעבאַלעוועטע דו... אַ מאַמע שוין פון צוויי קינדער — און פירט זיך נאָך אַליין אויף פונקט ווי אַ קליין קינד... אַן איינ־פאַל איבערצולאָזן די קינדער אַליין, און זיך לאָזן שלעפן זוכן אַ דזשאַב... ווער, וואו, ווען — ביי וואָס? מיינסט אפּנים אַז אָן דיין הילף וועט שוין די שטוב נישט אויסקומען? דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז היינט וועל איך באַשטימט קריגן אַרבעט!

אין דרויסן איז די לופט געווען האַרבסטיק־שאַרף, האָט גע־צופּט די נאָזלעכער. לינע, טאַקע אַ מיניאַטורנע קינדישע פרוי, האָט זיך דערפילט שטיפעריש, האָט אומישנע געמאַכט דעמאָנס־טראַטיוו־גרויסע, מאַנסבילשע שפּאַנען, אין טראָט מיט איר מאַן. זי האָט וואוילעריש אַריינגעקוקט קאַרלינען אין די אויגן, געפּרואווט אים פונאַנדערלאַכן.

— נאַרעלע, מיר זאָגט אויך דאָס האַרץ אַז היינט וועסטו באַ־שטימט געפינען אַרבעט, סט'זען... — האָט זי זיך אינם דינעם מאַנטעלע געטוליעט צום מאַן, מעגלעך כדי צוצוגעבן אים קוראַזש, אָדער אפשר גאָר מחמת קעלט. — אָבער פאַרוואָס זאָל איך אויך אַמאָל נישט פּרובירן מיין מזל? בפרט אַז מיט סיגל, פון דער דזשו־איש ווימענס קאָנסיל, האָט אין מיין אָנוועזנהייט אַליין טעלעפאָ־נירט אינם שפּיטאָל, — האָט לינע טריאומפירט. — איך זאָג דיר, ס'איז כמעט ווי זיכער... ס'איז גרינגע אַרבעט אויך!

אָבער קאַרלין האָט שווייגנדיק ווידער געשפּאַנט.

— און וועגן די קינדער — האָב קיין זאָרג ניט... — האָט זי ווייטער געפּלאַפּלט. לאָמיך נאָר זיך פאַרזיכערן מיטן דזשאַב, וועל איך שוין אַלץ אינדערהיים קאָנען גרינג איינאָרדענען... כ'מיין, מיט די קינדער, מיט דיר, מיט דער שטוב... — האָט זי מיט לייכטן געמיט אַלץ אויסגעגליכן. — אפשר אַ מענטשן אין שטוב אַריינגנע־מען אויף אַ פּאָר מאָל אין וואָך... באַיזער בונדיסטל, דו גיב נאָר אַ לאַך... דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז היינט וועט אונז ביידן גע־לינגען!

אָבער אויב ניט איר, אים אַלנפאַלס האָט דאָס האַרץ אינדער־אמתן אונטערגעזאָגט איינגאַנצן עפּעס אַנדערש... פון ווייטע זאַ־וואָד־קוימענס, פון אַ ראַדיאָ־פאַבריק ביים איסט־ריווער וואָס האָט

גראָד יאָ אַ סך געאַרבעט די לעצטע קריזיס־וואָכן — ווייל מענטשן ניו יאָרקער הערן קיינמאָל נישט אויף דורך די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן נאָכאַנאַנד צו צאַפּן דאָס ביסעלע קאָנסערווירטע, אימאַגינערע פרייד, אָדער מיט פאַרכאַפּטן אָטעם זיך איינהערן צו די נייס־טראַנסמי־סיעס וועגן נייע וועלט־אומגליקן, וועגן נייע פּורעניות און בראָכן — פון יענער פאַבריק האָט זיך שוין לאַנג געלאָזט הערן אַן אויפ־מונטערנדיקע און אָנזאָגנדיקע פרימאָרגנדיקע קוימען־פייפעריי. אָבער קאַרלינען האָט עס גראָד אָנגעפילט מיט גרויס אומרו און זאָרג...

אַז ער וועט אָנקומען צום געזוכטן אַרבעטס־פּלאַץ, וועט שוין מסתמא זיין נאָך אַלעמען... עמיצער וועט שוין האָבן זיך מקדים געווען, אים אויסגעכאַפּט דעם דזשאַב... לינעלע, וואָס קריכסטו אַזוי לאַנגזאַם? אַי עם סאָררי, אָבער מיר גייען דאָך ניט אין די מואַווים!

ביז נאָך האַלבער נאַכט האָט ער נעכטן געוואַרט ביים גרויסן צייטונגס־געשטעל אויף דער 149־טער סטריט און דריטע עוועניו, געוואַרט אויף די פרימאָרגן־צייטונגען, די ענגלישע און די יידישע. דאָס מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי פאַרשידענע אַרבעט־אָנאָנסן, זיי אַרומגערינגלט מיט אַ בליישטיפט־ראָם. איינער — אַ וואָלקאַניזירער אין אַ שאַפּ, וואו מען ניצעוועט איבער אַלטע אויַ־טאָמאָביל־רעדער, דער צווייטער — ביי פּעינטינג...

אמת, שוין יאָרן און יאָרן, אַז ער האָט ביי אָט די פאַכן ניט געהאַט געאַרבעט, זיך גאָר געהאַט אַוועקגעלאָזט אויף אינגאַנצן נייע, ניט־פּראָלעטאַרישע וועגן. אָבער מען האָט איצט, אין די שווערע צייטן, זיך געדאַרפט דערמאָנען אָן אַלע אַמאָליקע טאַלאַנטן... נו, מישט זיך דאָ אינמיטן אַריין לינע: אין אַ שוואַכער מינוט האָט ער איר נעכטן געגעבן היילִיק אַ וואָרט אַז זיי וועלן אינדערפרי זיך צו־זאַמען לאָזן גיין זוכן אַרבעט...

ביז דער „על"־סטאַנציע — אַכט לאַנגע בלאָקס. אַ היפּשער שפּאַציר. לינע, וועלכע איז שוין זייער לאַנג אַזוי פרי אין גאַס ניט געווען, האָט געקוקט אַרום זיך מיט חידוש, די ברייט־פונאַנדערגע־עפנטע גוטע אויגן האָבן מיט פרייד געשפּרונגען איבער די פרימאָרגנ־דיק־פרישע גאַסן: זע נאָר, מענטשן איילן זיך דאָך אַפילו איצט צו דער אַרבעט... איז עס מעגלעך? און איר האָט זיך שוין געהאַט גע־

גלויבט די לעצטע פּאָר יאָר, אַז קיינער אַרבעט מער ניט אין ניו יאָרק, אַז די גאַנצע שטאָט האַלט בלויז אין זוכן אַרבעט, פּונקט ווי איר נחום... אוי, סאַראַ קאָמישע זי איז!

באַלד איז זיי אויסגעקומען פאַרבייצוגיין די היפּשע ברוינע געביידעס פון אַ גרויסן קאַטוילישן מאָנאַסטיר־שפּיטאָל ביים וועג. לינע האָט אומרואיק אַ צי געטאָן דעם מאַנס אָרעם, זיי זאָלן אַריבער אויפן צווייטן טראָטואַר. זי האָט פונדערווייטנס באַמערקט זיך דער־נעענטערן אַ נאָנע אין ברייטע שוואַרצע בגדים, און זי האָט זיך ניט געוואָלט באַגעגענען מיטן פאַרשוין מיט די ברייט־פלאַטערנדיקע אַרבל, ווי אַ ריזיקע פלעדערמויז... פאַר איר וואָלט עס געווען אַ סימן פון שלעכטן מזל, וואָס דערוואַרט זיי יענעם פרימאָרגן.

שווייגנדיק, פילנדיק די גאַנצע צייט איר קליינע וואַרעמע האַנט אונטער זיין רעכטן אָרעם, האָט ער איר וואונטש נאָכגעגעבן. ער האָט גוט געוואוסט אַלע אירע קינדערשע שוואַכקייטן, אַלע פאָראור־טיילן. ווען אַ קאַץ זאָל פּונקט איצט זיי האָבן איבערגעלאָפן דעם וועג — וואָלט שוין אויך איר גלויבן אין אַ גוטן מזלדיקן טאָג געווען דעמאָלט פאַרשוואונדן... די אָרעמע, די קינדישע פרוי זיינע! די מוטער פון זייערע קינדער — נאָך אַליין אַ קינד! קליינע צאַרטע קינד־מוטער! ער איז איצט גרייט געווען אַליין גערן צו טאָן יעדע געוואונטשענע נאַרישקייט אַבי איר שטימונג זאָל זיך הויבן, אַבי אירע האָפענונגען זאָלן ליכטיקער און מונטערער באַנייט ווערן...

אונטער זיין לינקן אָרעם — אַ פּעקעלע מיט צוויי פּאָר אָווע־ראָלס, אַ ווייסע און אַ ברוינע פּאָר. ער איז געווען אָנגעגרייט פאַר יעדן דזשאַב, וואָס אים וועט געלינגען צו קריגן... די ווייסע אָווע־ראָלס דאַרף מען פאַר מאָלעריי. די ברוינע — פאַרן אויטאָמאָביל־דזשאַב.

— ווייסט, נחומקע, ליוסעלע האָט זיך קאַנאַהאָרע אַזוי אָנגע־זשלאָקעט אינדערפרי מיט קאַשע־מיט־מילך, אָט אַזאַ גרויסן טעלער אויפגעגעסן! — האָט זי פלוצלונג לוסטיק פלאַטערנדיק אָנגעהויבן פּלאַפּלען, אפשר אין דער האָפענונג, אַז קאַרלין וועט דאַן אַ ביסל פאַרלאַנגזאַמען זיין האַסטיקן מאַנסבילשן טראָט, ווייל איר האָט שוין אָנגעהויבן אויסצעלן אָטעם. — און זי האָט אויסגעקוקט אַזוי,

„פּעינקניע”*) בעת זי איז ווידער איינגעשלאָפן, אַזעלכע לאַנגע ברעמען, ממש אַ ליאַלקע... אַ גאָלדן קינד... אוי, ווי דו לויפסט, נחומקע, ס׳איז ניט גוט פאַר דיין האַרץ!

קאַרלין האָט גאָרניט געענטפערט. אַ שמחה מיט איר! פּונקט ווי זיי וואָלטן איצט געגאַנגען אויף עפּעס אַ טעאַטער־אָוונט, און די קינדער זענען רואיק געבליבן אויף די זיכערע הענט פון אַ דינסט... אין זיינע אויערן, אין זיין גאַנץ בלוט קלינגט בלויז איין־איינציק וואָרט: פאַרשפּעטיקן... אַלע זיינע רמ״ח איברים און אַלע שס״ה גידים זענען אינגאַנצן אָנגעשטרענגט אויף איין געדאַנק: דאָס מאָל וועט ער אָננעמען אַ דזשאַב, וואָסערע באַצאָלטס מען וועט אים נאָר פאָרלייגן („כאָטש ס׳וואָלט גוט געווען אַ צוואַנציק דאָלער אַ וואָך”! — האָט ער זיך אין געדאַנק פאָרט געדונגען). און פון קיין שום באָסישע אָדער פאָרמאַנישע גראָבקייט וועט ער זיך אויך מער ניט לאָזן פּראָוואָצירן! ער׳ט נאָכגעבן אין קאַרבייסן די ליפּן! — נאָר זאָל ער נאָר ניט פאַרשפּעטיקן, נאָר ניט פאַרשפּעטיקן... אַי, לינע לינעלע, די קינדערשע קאַפּריזן אירע... זיי זאָלן אים נאָר ניט טייער קאָסטן דאָס מאָל! איבערגעלאָזט פּיצלעך קינדער אַליין...

אינדערהיים האָט ער אָבער קיין וואָרט ניט געזאָגט. האָט ער דען אַ רעכט זי אָפּצוהאַלטן — דער גרויסער פאַרדינער וואָס ער איז? ווי זי וואָלט דערפילט זיינע לעצטע געדאַנקען, האָט לינע — אויסנוצנדיק דעם מאָמענט וואָס קאַרלין האָט געמוזט שטיין אין דער ריי ביי דער טויש־ביידל אויף דער עלעוויטעד־סטאַנציע, אויסבייטן אַ קוואָדער אויף ניקלס — ווידער אָנגעהויבן פּלאַטערן, פריילעך קלאַפּן מיט דער צונג.

— ווייסט, נחומקע, וועגן די קינדער דאַרפסטו אויך ניט זאָרגן... מרס. גאָרניצקי איז אַ טייערע שכנה; זי וועט באַשטימט אַריינקומען צו אונז אַכט אַזייגער, פּונקט דאַן ווען דודל כאַפּט זיך אויף... זי וועט אָפּטאָן אַלץ וואָס ס׳איז דאַרט נויטיק, אַפילו אָוועקפירן דאָס קינד אין קינדערגאָרטן — כ׳האָב שוין נעכטן אָוונט מיט איר אַלץ אָפּ־גערעדט... און אויב איך וועל גאָר קריגן דעם דזשאַב, וועל איך איר

---

*) שיין.

טעלעפאָנירן אינם דראָג־סטאָר אויפן קאָרנער, וועל איר זאָגן ווען כ׳וועל קומען קריק, וואָס מען דאַרף היינט אָפּקאָכן... דו ועעסט זען, דאָס האַרץ זאָגט מיר: איך וועל היינט קריגן זייער אַ גוטע שטעלע! און דאַן וועל איך גאָר אַריינגעמען אַ מענטשן אין שטוב און...

זיך שטויסנדיק זיך שוין אויף דער „על"־פּלאַטפאָרמע, צווישן צענדליקער, הונדערטער פּאַסאַזשירן — אָפּ־טאַון, דאַון־טאַון. עקס־פּרעס, לאָקאַל — האָבן אירע ווייכע טויבן־אויגן מיט כלה־ליבשאַפט אַריינגעקוקט אין זיינע שטרענג־פאַרכמורעטע אויגן:

— אַבי דו האָב ניט קיין זאָרג, ניוקעלע. אויב דוס׳ט היינט ווידער גאָרניט קריגן, איז ניט געפערלעך, קום גלייך אַהיים. און אויב יאָ...

ס׳האָט אונטערגעדונערט אויף די רעלסן איר עלעוויטער: אַפּטאַון. דער הויכער גרוי־אוניפאָרמירטער וואַכמאַן האָט לינען אַריינגעשטופּט דורכן מעטאַלענעם טירל צוזאַמען מיט אַ טוץ אַנדערע מענטשן. זי האָט אָבער נאָך באַוויזן אַריבערצושרייען צו דעם מאַן.

— האָסט כאָטש גענוג געלט אויף לאָנטש? כ׳מיין נאַטירלעך, אין פאַל דו קריגסט יאָ אַ דזשאָב... זאָלסט נאָר ניט זשאַלעווען! האַ?

און ווען די באַן האָט אַוועקגערודערט, האָט דער נאַרישער קאַרלין געפילט ווי דאָס וואָלט די באַן ביי אים צוגעכאַפּט און אַוועקגעיאָגט מיט זיין קינד־ווייב — אויף שטענדיק שוין אַוועקגערויבט! ער האָט אפילו ניט באַמערקט, ווי הינטער אים אויף דער צווייטער זייט פּלאַטפאָרמע, האָט דערוויל אַריינגעדונערט די באַן דאַון־טאַון. ער האָט נאָכאַנאַנד נאָכגעקוקט דעם זיך דערווייטערנדיקן צוג מיט לינען, און האָט געשמייכלט, נאַריש און הילפלאָז פון דרויסן געשמייכלט, און אינעווייניק געוויינט.

## 2

אַ קילע, גלייכגילטיק־זיך־צוקוקנדיקע זון האָט נאָכמיטאָג־צו זיך אַ ביסל דערוואָרעמט. זי האָט ענדלעך אָנגעהויבן פּרובירן צו צעפּליקן די גרויע און שמוציקע וואָלקנס, וואָס האָבן דעם ערשטן האַלבן טאָג פאַרדעקט די ניו יאָרקער הימלען.

אַ ווײַלע איז עס איר טאַקע געראָטן. די הימלען האָבן זיך ווי העכער אַ הויב געטאָן, די וואָלקנס האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן אין דער ריכטונג צו ברוקלין־צו! און אַרום דרײַ בײַטאָג, ווען קינדער און שול־יונגוואַרג האָבן זיך געהאַלטן אין אומקערן פון די פּאַבליק־סקולס, האָבן זיי אַזוי לוסטיק און לעבעדיק געצוויטשערט ווי ס׳וואָלט איצט געווען פרילינג־צײַט...

ווײַס אוניפאָרמירטע גאַסן־קערער האָבן געלאָזט לויפן וואַסער־שטראָמען, אַרונטערשווענקען דעם טאָגיקן אָפּפאַל און שמוץ פון די דורכפאָר־גאַסן. און שול־יונגוואַרג האָט געפּלאַטערט פּונקט ווי די שפּערלען אויפן ברוק, וואָס זײַנען איצט אַרומגעשפּרונגען אין די רינעס, זיך געטוקט אינם פלײַצנדיקן וואַסער, פונאַנדערגענומען דערנאָך די פליגלען, אָפּגעטרייסלט די פּיצינקע־הייסע קערפּערלעך פונם קאַלטן וואַסער, געפּיקט ברעקלעך דאָ, דאָרטן.

ווען קאַרלין איז פאַרבײַגעגאַנגען דעם גאַס־ווינקל אַרום ברוק־עוועניו, האָט ער ניט פאַרגעסן אָפּטרעטן אין דער קליינער זײַטיקער בעקערײַ דאָרטן. אַ מאָדנע בעקערײַ. ער האָט דוכט זיך דאָרט קיינמאָל קיין קונים ניט אָנגעטראָפן. אפשר ווײַל ער פלעגט אַהער אַרײַנקומען אינמיטן טאָג, נישט אין דער פרי אָדער אין אָוונט. די פאַרקויפערין, אַן אַרעם־געקליידעטע מיטליעריקע דײַטשקע מיט לאַנג־פאַרפלאָכטענע האָר, פלעגט תמיד זיצן איינע אַליין איבער אַ צײַטונגס־בלאַט, אָדער גלײַכגילטיק שטריקן אַ זאָק. זי פלעגט קיינעם ניט באַ־דינען — דער קונה פלעגט אַליין אויסקלײַבן וואָס ער וויל, צוטראָגן צו איר זי זאָל עס פאַרפּאַקן.

דאָ האָט מען פאַרקויפט זייער וואָלוול, אָבער בלויז אַלט־געבאַקן געבעקס. אמת, אין דורכשניט מער ניט ווי איין טאָג אַלט. אָבער פאַר די צעבאַלעוועטע אײַנוואוינער פונם גרויסן כרך וואָס האָט ליב דווקא סאַמע פרישינקע, הייסינקע געבעקס שיר ניט אָקאָרשט פון אויוון אַרויס; אין אָט יענע נאָרמאַלע בעקערײַען וואו ס׳הענגען שילדלעך: „פרישינקע זעמעלעך און פּלעצלעך — דרײַ מאָל אַ טאָג" — דאָרט האָט מען אַזוינס ניט געוואָגט אפילו צו האַלטן...

אין די אַמאָליקע גוטע צײַטן פלעגט אַזאַ מין געבעקס, וואָס איז שוין עלטער פון איין טאָג, אָדער פאַרקויפט ווערן פאַר די הינער־

פּאַרמס, אָדער אין אַלערליי שפּייז־פאַבריקן, איבערצומאָלן פּאַר פּאַר־שידענע צוועקן. איצט אָבער האָבן זיך שוין דאָ און דאָרט אין שטאָט געעפנט בעקערייען אויסשליסלעך פון צווייט־האַנטיקע געבעקסן. די איינוואַנדערער פון אָט דער אָרעמער געגנט, די אָרעמע אַרבעטסלאַזע איירישע, איטאַליענער, גריכן און יידן, שוין אָפּגערעדט פון די נע־גערס, זענען דאָך אַליין אויך געווען צווייט־קלאַסיקע באַשעפענישן... נישקשה, זיי האָבן זיך מיט אַזא געבעקס גאָרניט געהאַט וואָס צו וואַרפן.

אויך די קאַרלינס האָבן זיך שוין פון לאַנג באַנוצט בלויז מיט אָט דער בעקעריי. אַ נעכטיקער לעבל ברויט האָט דאָ געקאָסט מיט גאַנצע דריי סענט ווייניקער, אַ גרויסער „ראָלל" — בלויז איין פּעני, צען סענט אַ טוצן... קאַרלין האָט אָבער איצט איינגעהאַנדלט נאָך עפּעס חוץ דעם שמאָלן לאַנגן לאַבן ברויט און די זעמל פאַר די קינ־דער. ער האָט געקויפט עטלעכע שטיקלעך „דעניש פּעיסטרי", שוין אַ ביסל איינגעשרומפּענע און איינגעדאַרטע זיס־טייגיקע קיכלעך, וואָס דער אויל־גלאַנץ אויף זיי האָט שוין אָפּגעבליאַקעוועט, דאָס צוקער־שמירעכץ אָפּגעקראָכן, די ראָזינקעס, די מאַנדלען, די מאָן — טייל־ווייז אַרויסגעפאַלן... „געזינטער פאַרן מאָגן, ווי פריש געבעקס, איז עס זיכער!" — האָט קאַרלין אין דער דיעטעטיק געפונען אַ טרייסט פאַרן ניט־עסטעטישן אויסזען פון אָט די אָפּגעצופּטע קוכנס.

איינס פון זיי האָט ער אַריינגעפּאַקט גלייך אויפן אָרט, שיר ניט מיט איין שלונג, כאָטש דאָס איז אפשר געווען אויך ניט אַזוי געזונט פאַרן מאָגן... און דערצו נאָך האָט ער זיך שוין געפונען איינגאַנצן אַ פאַר בלאָק פון שטוב! ער איז אָבער געווען זייער הונגעריק. ער האָט דאָך קיין לאָנטש היינט ניט געגעסן. אַריינשטופּנדיק אין פּיסק אַריין דאָס צווייטע שטיק באַמאַנדלטן און באַצוקערטן קוכן, טומ ער גלייך אָפּ נאָך אָן אומבאַרעכנטן שריט. נאָך מיט אַ פולן מויל זאָגט ער דער אָרים־געקליידעטער פאַרקויפערין, זי זאָל פאַר אים אויך איינפּאַקן אָט יענעם היפּשן שטיק „קאַסטערד פּאַי", וואָס איז שוין זיכער אַלט געווען אַ פּאָר טעג, די הויט פון אויבן איז ביי דעם געווען טונקל, טאַקע ניט אַזוי פאַרברוינט, ווי פּשוט פאַרברענט: אַ „פּאַי" אַ קאַליקע, אַ פּאַי אַ בעל־מום... דערפאַר אָבער האָט דאָס אינעווייניק־

סטע פּילעכץ זיינע געלאַקט מיט זיין קרעם־קאָלירענע גלאַטקייט, איז זיכער געווען זייער באַטעמט. און אַזאַ מציאה — בלויז זיבן סענט! אפשר אַ דריטל פונם געוויינלעכן פּרייז... דאָס וועט ער ניט נאָר ברענגען אהיים, נאָר אפילו אין שטוב אויך ניט אָנרירן; לינעלע וועט עס האָבן פאַר זיך אויף דעסערט, טאָקע אויף אַ פּאָר מאָל־צייטן... און אויפגעהייטערטער, האָט ער זיך ענערגיש געלאָזט שפּאַנען מיט זיינע לאַנגע טריט אויפן וועג אהיים.

אָבער וואָס איז עס אויף אים אַזוי געווען די שמחה? מען וואָלט געקענט דענקען כ'וויס וואָס... קיין דזשאָב האָט ער דאָך אויך הײַנט ניט געקראָגן! צום מאַלעריי־דזשאָב — אהין האָט ער זיך געיאָגט צום סאַמע ערשטן, ווייל ס'איז געווען דער נאָענטסטער אַרבעטס־פּלאַץ, אינמיטן האַרלעם — האָט ער דאָך טאָקע פאַרשפּעטיקט. ביים פּעינטינג־סטאָר האָט ער שוין אָנגעטראָפן אַ גרופּקע גליקלעכע אַרבעטער, מאָליערס און טאַפּעצירערס, ווי אייזלען שווער באַלאָדענע מיט לייטערס, מיט צונויפגעלייגטע אַרבעטס־טישן און „סטרעיט־עידזשעס״, שוין מיט איין פוס אויפן לאַסט־אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיי באַלד געדאַרפט פונאַנדערפירן אויף זייערע פאַרשיידענע אַרבעטס־פּלעצער. אין פּיינלעכער חרטה האָט זיך קאַרלין אַזש געביסן די נעגל: אַהער האָט מען דאָך געוויס ניט געטאָרט קומען שפּעטער פון זיבן אַזייגער, נאָך בעסער — האַלב נאָך זעקס... וואָס פאַר אַ באַרעכטיקונג האָט ער פאַר זיך דען געקאָנט געפינען? ווער גיט עס נאָך אין אַזאַ פאַל אַ ווייבס קאַפּריז?...

כמעט אַליין שוין ניט גלויבנדיק מער אין זיין מזל הייַנטיקן פרימאָרגן, האָט ער זיך דאָך אין אייַלעניש געלאָזט צום צווייטן אַרבעטס־פּלאַץ, צום שאָפּ פון אַלטע אויטאָמאָביל־רעדער, וואָס איז אויך געווען גראָד ניט ווייט פון דאַנען, אין יאָרקוויל. ער איז דאָך געווען כמעט זיכער: דאָס „קאַרפּער״ אהין איז אויך אַרויסגעוואָרפן... אָבער — מען האָט פּאָרט געדאַרפט יוצא זיין קעגן געוויסן.

אַ ברייטע איינשטאָקיקע ציגל־מויער ניט ווייט פונם איסט־ריווער, אַ מויער מיט אומגעהייער ברייטע פענצטער, ווי גאַנצע גלאָז־ווענט. ווען ער איז אהין אָנגעקומען, איז שוין געווען אַ צען מינוט פאַר אכט. דרויסן ביי די טויערן האָבן זיך קיין אַרבעטסלאָזע מענטשן,

מאַסן ניט געשטויסן, קיינער האָט זיך ניט געזען. אַ שלעכטער סימן: אַ באַוויז, אַז ס'איז שוין אַלץ נאָך אַלעמען... דאָך איז קאַרלין אַריין אין אָפּיס.

דער פאָרמאַן, אַ נידעריק־געפּאַקטער יידל מיט דיקע בריל־גלע־זער אויף צוגעשטשורעטע אויגן, האָט זיך אַ ווײַלע אָנגעזשמורעט אויף אים ברוגזערהייט: „אַזוי שפּעט? וואָס דענקסטו איז דאָ — אַ „פּאָליטישען דזשאָב?" עפּעס אַ „סינעש"? סיי אָבער אָט די טענה, און סיי דער בייזלעכער טאָן האָבן צוגעגעבן האָפענונג: ווייזט אויס, ער דאַרף נאָך אַן אַרבעטער.

דרויסן פון דעם קליינינקן אָפּגעצאַמטן אָפּיסל האָבן שוין צענד־ליקער און צענדליקער אַרבעטער, אָנגעטאָן אין אַלטע קליידער, אין ברוינע און בלאָע אָוועראָלס, זיך געשטויסן אַרום די אָפּגעדעקטע מאַשינעס, האָבן איינגעשפּאַנט די קאַלט־גלאַנצנדיקע דיסקן און וואַל־צערס אין רימענפּאַסן פון פאַרשיידענע ברייט און לענג. ערגעץ, דוכט זיך, האָט דער קראַפט־מאָטאָר שוין געברומט — די גאַנצע מאַ־שינעריע אַליין, צוזאַמען מיט די אַרבעטער, האָבן ווי יאָג־פערד אומ־גערולדיק געוואַרט אויפן סטאַרט — די ענערגיע זאָל שוין אָפּגע־שפּאַנט ווערן, דאָס גאַנצע זאָל געלאָזט ווערן אין גאַנג, אין טאַנץ... מיט אַ בייזן וואונק האָט דאָס יידל קאַרלינען געגעבן צו פאַרשטיין: „נו, האַרי־אַפּ! וואָס גולמט ער, וואָס גלאָצט ער מיט די קוקערס? אַריינגעקראָכן אין די אָוועראָלס!"

שוין יאָרן און יאָרן אַז קאַרלין האָט ביי דעם פאַך ניט געאַר־בעט. און אינגאַנצן האָט ער אין זיין לעבן ביי „וואָלקענאַייזינג" געאַרבעט אַ וואָסערע צוויי חדשים. און דאָס אויך נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה. זינט דען איז ער געווען ווייט־ווייט פון אַזעלכע מיני אַרבעטן — איז דאָך געוואָרן עפּעס אַ געבילדעטער מענטש, פלעגט שוין אַרבעטן אויסשליסלעך בלויז ביי „ווייסע קאָלנער" באַ־שעפטיקונגען. איז אַפילו אַ געוויסע צייט אויך געווען אַ צייטונגס־מאַן, אָדער גאָר אַן אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענט... נאָר אין דער געדריקטקייט און פאַרצווייפלונג פון כראָנישער אַרבעטסלאָזיקייט פאַר די לעצטע פאָר יאָר האָט ער זיך געפּרואווט דערמאָנען אַן אַ ל ע זיינע אַמאָליקע מלאכות און באַשעפטיקונגען. ער האָט געפּרואווט

געפינען גליק — יאָ, אַרבעט, אַ דזשאַב, גליק, ג ל י ק! — ביי וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן!

פונאַנדערפּאַקנדיק זיין פּעקל אַרבעטס־קליידער, האָט ער אַפילו ווי שולדיקערהייט צוגעוואָרפן דעם פאָרמאַן אַ באַמערקונג, אַז צו־ לאַנג ביי אָט דעם פּאַך האָט ער קיינמאָל ניט געאַרבעט... וועגן דעם אַרבעטסלוין האָט ער זיך מיט אים דערפאַר ניט געדונגען. אדרבא, איז שיר אַליין געוועזן צופרידן, וואָס דאָס יידל האָט אים אָנגעבאָטן אַ נישטיקן לוין, גאַנצע צוועלף דאָליאַרעס אַ וואָך...

אמת, דאָס פּעסלדיקע יידעלע האָט דעם פּרייז געהאַט אים צו־ געוואָרפן ניט־זיכער, מיט אַן ארויסרופנדיקן קעמפערישן שמייכעלע — געווען, הייסט עס, גרייט אויף דינגעניש, אויף ווערטער־קאַמף... „געפעלט דיר אפשר ניט?" אָבער דער גליקלעך־צעטומלטער קאַרלין האָט אַן אַ וואָרט זיך גלייך פּיבערדיק אָנגעהויבן פּאָרען אַרום דעם פּעקל אַרבעטס־קליידער: גלייכער אַזוי... גלייכער אַזוי... וועט יענעם ניט אַרן אַזוי זיין, קאַרלינס, שלעכטע בעל־מלאכהשאַפט.

די הענט האָבן אים פונדעסטוועגן שטאַרק געציטערט.

צוערשט האָט ער געדאַרפט פונאַנדערסאָרטירן אַ קופּע אַלטע „טייערס", סאָרטירן זיי לויט זייערע טרעיד־מאַרקעס — די „גוד־יירס", די „יונאַיטעד סטעיטס", די „גודריטש", די „פייערסטאָונס", און ווי נאָך זיי הייסן דאָרט. דערנאָך — לויטן פּראָדוציר־יאָר, לויטן צו־ שטאַנד פון זייער אָפּגעלאָזנקייט און אָפּגעפּאָרנקייט. שפּעטער האָט ער פון זייערע אינגעווײדן אָנגעהויבן אַרויסציען די לופט־טובעס, אויסגעפּרובירט וועלכע איז נאָך אַ גאַנצע, און וועלכע — שוין אַ דורכגעלעכערטע. אויף די דורכגעלעכערטע טובעס האָט ער ערשט דערנאָך געדאַרפט לייגן אַזעלכע גומי־לאַטקעס אויף די לעכלעך, פּאַרגיסן זיי מיט עפּעס אַזאַ קלעפּיקער פליסיקייט, אַ צעשמאָלצע־ נער גומי, און נאָכדעם אַרומבאַקן זיי ביי דער געהעריקער היץ — „וואולקאַניזירן" זיי.

אין שאַפּ אַרום האָבן געאַרבעט אַ סך מענטשן, גראָד אויף זיין מזל איז דאָ איצט זייער ביזי, מען וועט זיך מסתמא אויף אים אַזוי גיך ניט אומקוקן... אפשר וועט די אַמאָליקע דערפאַרונג זיינע ביי אָט דעם פּאַך דערוויל צו אים קריקקומען? ער וועט זיך צוקוקן

צו די אנדערע... די צייטן זענען שלעכטע, אלטע איבערגעניצעוועטע אויטאמאבילן קויפט מען איצט פאר א שבוש, אינגאנצן פאר 25־ער ; אן אלט־איבערגעניצעוועטע „פארגאסענע" שינע — א דאלער־צוויי. ניין, מען ווארפט שוין איצט אין רייכן לאנד גארניט אויפן מיסטבארג, חוץ אפשר די מענטשן אליין...

ס׳איז אזוי אריבער א שעה צוויי. סע האוועט, סע זשומעט דא ארום אים. און אט, אין זיין זיכערקייט, זיין גלויבן אין זיין אייגענער ניצלעכקייט קערט זיך פריידיק אום צו אים... ער האט שוין ענדלעך געדארפט אנהויבן דאס אייגנטלעכע וואולקאניזירן. ער האט צוגעשניטן די קליינע קיילעכדיקע לאטקעלעך, באשמירט זיי מיט דער קלעפיקער שטינקענדיקער פליסיקייט, צוגעפעסטיקט זיי אויף די לעכלעך, געלאזט א ווײַלע אויסטריקענען, דערנאך זיי צוגעטראגן צום וואולקאניזיר־געשטעל, דורכגעהיצט זיי, ארומגעריבן, צוגעשליפן... אבער די גומי־לאטקעס אויף די „טייערס" האבן זיך אלץ ניט געהאלטן, דא און דארט ביי די זוימען האט זיך אין א פאר מינוטן ארום געעפנט א קליין פיסקל.

אפשר — פון ניט־זיכערקייט אין זיך, אפשר האט אים דער קאפ ווײ געטאן מחמת ער איז ווייניק געשלאפן ביינאכט. און אפשר גאר — אין א ווינקל מוח האט באאומרואיקנדיק געגריבלט א זארג־געדאנק : און ווי איז אז לינען וועט טאקע היינט י א געראטן צו קריגן דארט די ארבעט, די פארשפראכענע, אין יענעם שפיטאל ? די קליינע קינדער וועלן דעמאלט זיין אליין אין שטוב — מרס. גארניצקי וועט זיך דען א גאנצן טאג מיט זיי ארומפארען ? דודל קאן נאך ארונטערלויפן אליין אין גאס שפילן זיך... א טראמוויי גייט דארט דורך... פוי, סארא געדאנקען ! אבער ער וואלט שוין בעסער צופרידן געווען ווען לינע קריגט ניט טאקע דעם דזשאב, — בפרט, ווען ער אליין האט דאך געפונען ארבעט !

צוזאמען מיט די שלייף־שטיינער, די האריקע פאליר־בארשטן, די רימען־פאסן און זיך דרייענדיקע וואלצערס וואס האבן נאכאנאנד געשווינדלט פאר די אויגן, האבן אים אינעווייניק אין קאפ ביי אים זיך געיאגט פייער־רעדער, האבן געבליצט פייער־רייפן...

נאענט צו צוועלף אזייגער האט זיך צוגעקייקלט צו אים דאס

פעסלדיקע יידל פון אַ פּאַרמאַן, האָט אינם ברוינעם אַרבעטס־כאַלאַט אָפּגעווישט די הענט, דערנאָך טיכטיק אויסגעשנייצט די נאָז, און אַ הויב־געטאָן איין אויסגעפּאַרריכטע „טיוב". ער האָט זי באַטראַכט קעגן אַן עלעקטרישן לאָמפּ. אַ צווייטע — זי ווידער באַטראַכט, און זיך גלייך חלשותדיק אַ קרים געטאָן. מיט ביטול און חוזק האָט ער עטלעכע מאָל געביטן זיינע זשמורענדיקע בליקן פון די אויסגעפּאַרריכטע טיובעס אויף קאַרלינען, און צוריק... ער איז אוועק אַן אַ וואָרט.

קאַרלינען איז געזונקען דאָס האַרץ ביז די פּיאַטעס, כאָטש ער האָט זיך דאָך אייגנטלעך אויף אַזאַ סוף געקענט ריכטן! נאָר די האָפענונג איז בלינד, די האָפענונג איז זיס...

לאָנטש־צייט איז קאַרלין פונדעסטוועגן פאַרביי דאָס קליינינקע אָפּגעצאַמט־גלעזערנע אָפּיסל אַ שטאָלץ־אויסגעגלייכטער, מיט אַן אויסגעשטאַרצטער ברוסט: ער האָט נאָך אַלץ געוואָלט נעמען דעם פּאַרמאַן אויף זיכער... און אין בויך האָט טאַקע געגרימט דער הונגער, ער האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער זיך אַריינכאַפּן אין אַ לאָנטש־רום, איבערבייסן וואָס. אַ האַנט האָט אים אָבער פון הינטן זיך איינגעקלאַמערט אינם עלנבויגן:

— מיסטער... דזשאָסט אַ מינוט...

אין אָפּיס האָט אים די בוכהאַלטערשע באַצאָלט פאַר אַ האַלבן טאָג, גענומען זיין אַדרעס: מ'וועט אים שיקן אַ בריוול, ווען מען וועט אים ווידער דאַרפן... און דערנאָך האָט שוין קאַרלין אין אַ לאָנטש־רום ניט געקאָנט מער אַריין, ס'האָט אים אָפּגענומען דער אַפּעטיט — ווי אַן אַרויסגעיאָגטער הונט האָט ער זיך נאָך אַ ווײַלע אַרומגעדרייט ניט ווייט פון דער נידעריק־ברייטער שאַפּ־געביידע, האָט געברומט, געמרוקעט און געביסן די ליפּן.

אומגעקערט היים האָט ער זיך מיט צוויי זאַכן: מיט אַ באַשלוס דעם ווייב גאָרניט צו דערציילן וועגן דער דערפאַרונג זיינער פונם ערשטן האַלבן טאָג, און מיט איין דאָלער־און סענטן מער אין קעשענע. נו, האָט ער ניט געזאָלט פאַרשאַפן דעם ווייב און קינד זיינעם אַ ביסל פרייד, אויסגעבן אַ טייל דערפון אויף דעניש פּעיסטרי, אויף קאָסטאַרד פּאַי? געוויס, ער האָט געטאָן זייער גלייך, און איצט

האָט ער מיט כּוונה אָפּגעווישט פון פּנים יעדן שפּור פון זאָרג, איי־דער ער האָט אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פון זיין וואוינונג. די פּליי־צעס אויסגעגלייכט, דעם קאָפּ אינדערהויך, קאַרלין!... אויף יענער זייט שוועל האָבן זיך שוין געהערט לאַכנדיקע קינדערשע שטימען.

3

אין שטוב האָט ער אָנגעטראָפן אַ גאַנצן רייאַט פון פרייד. סיי לינע, סיי ביידע קינדער זענען געווען אין שטוב. ס'איז געווען דאָרט ווארים. פּאַרנאַכט צו פלעגט מען שוין געבן אויף אַ שעה סטים. לינע איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן טעפּיך, מיט די קינדערשע קני אויפגעשפּיצט אין דער הויך. איר אויפן בויך האָט געריטן ליוסע־לע, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוויי, מיט ניט זייער טונקעלע קאַשטאַנען־האָר, מיט אַ מאָגערן ווינקעלדיקן פּנימל. זי האָט נאָכאַנאַנד גע־שאָטן אַרום זיך גלעקלדיקן זילבערנעם געלעכטער.

— וואוש איז דוש? — האָט די מאַמע צו איר גערעדט אין אַ באַזונדערער קינדערשער שפּראַך, מיט אַ טיף־פּוילישן אַקצענט.

— אַ נוז—יע... — האָט דאָס מיידעלע הויך אויפגעצויגן.

— און וואוש איז דוש? — האָט לינע אָנגעכאַפּט דעם מיידע־לעם קיילעכדיק־זאַפטיק פיסעלע.

— אַ הענט—יע... — האָט ליוסעלע שעלמיש מיט גרויסע טונקל־אויפגעלויכטענע אויגן אָפּגעענטפערט.

— אַ פיסיע, ליוסעלע, אַ פיסיע....

— נאַין, אַ הענט—יע... — האָט דאָס מיידעלע זיך אַזש גע־שטיקט פון געלעכטער, שטאַרק הנאה האָבנדיק פונם צו־להכעיס־שפּיל.

— אַ הענט—יע...

— אַ פיסיע, מוידיסקע דו, אַ פיסיע...

אַז לינע האָט דערזען קאַרלינען אַריינקומען אין שטוב אַזוי פרי, איז זי בלייך געוואָרן, ווי ס'וואָלט פּלוצלונג געטראָפן אַ גרויס אומגליק. איר קינדערשער מויל מיט די שוואַכע לויזע ליפּן איז גע־בליבן אָפן. איר אייגענער ווייטיק, הלמאי פון איר דזשאַב־האָפע־נונגען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידים, איז דאָך ערשט מיט אַ פּאָר

שעה צוריק פאַרשוואונדן, ווען זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים, און דעם מאַן דאַרט ניט געטראָפן: הייסט עס, האָט ער כאָטש געקראָגן אַרבעט! אָבער איצט...

זי האָט זיך פּאַוואָליע, צעטומלט, געשטעלט אויף די פיס, דאָס מויל אַלץ אָפן, די אויגן אַזוי ברייט פונאַנדערגעעפנט — אין ניט־גלויבן, אין שרעק.

קאַרלין, וועלכער האָט זיך ווירקלעך דערפילט היפּש דערלייכ־טערט וואָס ער האָט זיי כאָטש אַלעמען אָנגעטראָפן אינדערהיים, האָט איר גיך אַ קוש געטאָן אין שטערן, זאָרגלאָז אַ הויב־אויף גע־טאָן דאָס קליינטשינקס אויף די הענט, עס אָנגעטשמאָקעט, און אַרויס־געפּלאַצט מיט דעם פריילעכסטן, בשורהדיקסטן אויסדרוק אויפן פּנים:

— לינעלע, כ'האָב שוין אַ דזשאַב... אָבער אַן אמתן! דאָס הייסט — ניט גלייך מאָרגן, נאָר אינגיכן... אָבער דערפאַר — אַ רע־געלן! סטעדי אַרבעט!...

לינע האָט אַלץ אָבער ניט גלויביק, אָן אַ וואָרט געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין.

— אַ פאַקט, נאַרעלע... וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי? — האָט ער זיך באַמיט אויסווישן דעם שרעק פון אירע אויגן, אַרונטעריאָגן די בלייכקייט פון אירע באַקן. און מיט נאָך מער באַגייסטערונג און גלויבן, אַזוי אַז אים אַליין האָבן שוין זיינע רייד אָנגעהויבן קלינגען אמתדיק, האָט ער פאָרטגעזעצט:

— כ'האָב היינט אָפּגעלעגט אַ גרינטלעכן עקזאַמען, פאַרשטייסט, אין אַ באַרימטער פאַבריק... ס'איז אַ גרויסער פּלאַץ וואָס שטעלט אָן סאַמע די בעסטע אַרבעטער, און ס'איז אַ פּריווילעגיע! דערפאַר בין איך עס געקומען אַזוי שפּעט...

אָבער לינע איז נאָך אַלץ געשטאַנען האַלב־פאַרגליווערט, און אירע קינדערשע לויזע ליפּן האָבן קוים־באַמערקבאַר אַ פּאָר מאָל אַ ציטער געטאָן.

— מען האָט פאַרשריבן דערנאָך מיין אַדרעס, און אַלץ... — האָט ער מיט אַ הויכער שטים נאָך איבערצייגטער גערעדט. — איצט

דארף איך בלויז א קורצע צייט ווארטן, אויף מיין נעקסט... פאר־שטייסט, היינטיקע צייטן איז אומעטום דא א גרויסער נעקסט.

ער האט זי ארומגענומען מיטן לינקן ארעם, דעם רעכטן — אויפגעהויבן אינדערהויך, און אנגעהויבן דרייען זיך מיט איר, טאנצן.

— קאסטארד פאי... קאסטארד פאי... זעסט, וואס כ'האב דיר געבראכט? קאסטארד פאי, קאסטארד פאי...

און ביסלעכווייז האט זיך די פארב אומגעקערט אין לינעם באקן, דער גלויבן — אין אירע מילדע טויבן־אויגן. יא, געוויס, ס'איז שוין טאקע די העכסטע צייט עס זאל זיי ענדלעך אנהויבן גיין כאטש א ביסל בעסער — און אפשר איז עס טאקע איצט, היינט, דער ער־שטער אנהויב פון בעסערע טעג פאר זיי?...

ער איז געווען א הויכער מאנספארשוין פון א יאר פערציק, דאר און טונקל, שיר ניט א שווארצער. צעקנאדערטע אדערדיקע הענט, א צעקנאדערטער צעקנייטשטער פנים מיט א היפשן בראָ־דעוויקע־וואָרצל אויפן שטערן. אן אומעטיק שווייגנדיקער מענטש. אין ליכטיקע מינוטן — א שמייכלדיק שווייגנדיקער... דערפאר פלעגן זיינע אויסערסט־זעלטענע שטורמישע פרייד־אויסברוכן דעם ווייב זיינעם תמיד אויסקוקן פארדעכטיק.

דאס ווייב זיינס — מיט זעקס יאר יינגער פון אים — קליין און בלאנד, אויך א דארע, כאטש ניט אזוי דאר, ווי איידל: א צאר־טע גלאטע הויט, ווי די הויט פון א מאדעל. ליכטיק־ברוינע ברעמען וואס זענען זיך צוזאמענגעוואקסן איבערן נאז. א האפערדיק־באריי־דעוודיקע, א פלאטערדיקע, א גלויביקע נשמה, א קינדיש־גרינג גע־מיט — איבער די צרות און אומגליקן פון לעבן פלעגט זי אריבער־שפרינגען אזוי לייכט, ווי א טשוויטשערנדיק פייגעלע אויף דער גאס...

— ווייסט, ניוקעלע, — האט זי, שוין ווידער א באלעבאטע, גלייך אנגעהויבן ארומפאדיען אין די געבראכטע שקארמוצן געבעקס. — אויך איך האב היינט שיר ניט געקראגן א גוטן דזשאב, אפילו זייער א גוטן... דאס הייסט, אויב דו וועסט מיך נאר לאזן, קאן איך נאך אפילו מארגן אנהויבן דארט טאקע ארבעטן.

— נו, אדרבא, לאָמיר הערן... — האָט קארלין זיך אָפּגערופן מיט אַן אומגלויביקן שמייכל.

— וואו האָסטו עס געפּאַקט דאָס גרויסע געווינס?

ער האָט אינם צווייטן צימער געהאַלטן איצט אין ארונטערנעמען זיין טונקל־גרויען אַנצוג, אין וועלכן ער איז געגאַנגען זוכן ארבעט. ער האָט אָנגעהויבן זיך איבערטאָן אין אָרעמע שטוב־קליידער — הויזן מיט לאַטעס אויף די קני, אַ העמד מיט אויסגעטעפּעטע מאַנ־קעטן, אַ רעקל מיט צו קורצע אַרבל און אויסגעריבענע איילנבויגנס. אין דעם הולך האָט מען זיך דאָך פאַר לייטן ניט געקענט ווייזן, און דעם טונקל־גרויען אַנצוג, דעם איינציקן מער־ווייניקער אָנשטענדיקן גאַרניטער זיינעם האָט מען געדאַרפט שטאַרק שאַנעווען: ווען מען גייט זוכן ארבעט, טאָר מען קיינמאָל ניט מאַכן דעם איינדרוק פון עפּעס אַן ארבעטסלאָזן „באָם".

— אינם שפּיטאָל, ניט ווייט פון דזשעקסאָן עוועניו סטעישאָן... אויפן שטיינערנעם בערגל... — האָט זי געפּלאַטערט ארום קארלינען מיטן קינד אויף דער לינקער האַנט, דעם שטיק פּאַי — אין דער רעכטער. — מיט דער קאָר פון אונדז — אינגאַנצן אַ פּופצן מינוט...

— אַ נייע נוירס! — האָט קארלין שפּאַסיק באַמערקט, ניט קענ־נענדיק אָלץ זיך ספּראַווען מיט די צו־קורצע שיך־בענדלעך. זיי זענען געווען בענדלעך פאַר טופליעס, צו קורץ פאַר די גאַנצע שיך, וועלכע ער האָט איצט געטראָגן. און ער פּלעגט זיך דאַרפן קליגן אַ פּאָר לעכלעך דורכצולאָזן, כדי די קורצע בענדלעך זאָלן סטאַיען ביזן סוף. — ווען האָסטו עס געענדיקט אויף נוירס?

— ס'איז נישט קיין קאָמפּליצירטע ארבעט. אויפרוימען די קראַנקן־צימערן, וואַשן די פּאָדלאָגעס, צוהעלפן אַ ביסל אין קיך...

— דו וועסט עס קריכן דאָרט אויף אַלע פיר, שקראָבען דאָרט די פּאָדלאָגעס! — האָט ער גוטמוטיק פון איר חוזק געמאַכט. — נאָך דער צווייטער פּאָדלאָגע וועט מען שוין דאַרפן, לינעלע, דיך אויפהויבן...

— אַזוי? האָסט טאַקע געטראָפן דערנעבן... — האָט זיך שוין אין איר שטים דערהערט אַ פאַרדראָס הלמאי דער מאַן איז עס אַזוי מבטל אירע פעאיקייטן. — מיינסט אוודאי אַז אין שטוב טוט

זיך די ארבעט דאָ אָפּ פון זיך אליין, כ'וואָלט גאָר קיין מאָל ניט קיין פּאָדלאָגעס ?...

— יאָ, אָבער אין א שפּיטאָל זענען דאָך די פּאָדלאָגעס, דוכט זיך, שטיינערנע... — האָט ער שוין מיט א בקשה־טאָן ווי געוואָלט זיך גלייך ארויסראַטעווען פון א דירעקטער געפאַר. — היינט אזוי־פיל פּאָדלאָגעס! און נאָך ארויסטראָגן פון די חולאים... ביסט א קינד, לינעלע, גיי... כ'האָב דיר גלייך געזאָגט, אז אזא ארבעט איז ניט פאַר דיר.

— יאָ, אָבער פערציק דאָלער א וואָך — האָט זי זיך אלץ מער געהיצט.—און אויף אלעם גרייטן, מיט עסן... פון פרישטיק ביז וועטשערע!

— פערציק דאָלער א וואָך? — האָט ער אויף איר אויסגעטעלעפּעט א פּאָר אויגן. — נאַרעלע וואָס דו ביסט, האָסט זיי ניט פאַרשטאַנען: הלוואי איז עס געווען דער געהאַלט פאַר א גאַנצן חודש!

— נו יאָ. דוס'ט דאָך תּמיד ליב מיר ארונטערצוקלאַפּן די פליגלען... — האָט זי זיך קינדיש אָנגעבלאָזן מיטן שטיק פּאַי אין מויל. — איך פאַרשטיי שוין, הייסט עס, גאָרניט וואָס מען רעדט צו מיר?

אין קאַרלינען, וואָס איז געווען אי מיד אי הונגעריק, איז די אומגעדולד געוואַקסן אויפן חשבון פון דעם ווייבס קינדערישקייט. פערציק דאָלער א וואָך! צי ווייסט זי כאָטש וואָס עס טוט זיך איצט אין ניו יאָרק, יאָ, אין גאַנץ אַמעריקע? פאַר צוואַנציק דאָלער א וואָך וואָלט ער דאָך אליין אזא דזשאָב געכאַפּט מיט ביידע הענט... איר וועט מען געבן פערציק דאָלער א וואָך!

ער האָט בייזלעך אָנגעהויבן ארונטערשלעפּן די קורצע ארבל פונם אלטן פּידזשאַקל, דאָס העמד זאָל אזוי פון דאָרטן ניט ארויסשטאַרצן.

— וואָס־זשע, דיר וועט מען געבן? מ'זעט דאָך ווי מען גיט דיר...—איז לינעס שטים אויך געוואָרן באַליידיקט־פאַרשאַרפט.

— זי שמועסט זיך גלאַט איין אלערליי נאַרישקייטן — דער מאַן האָט זיך געמאַכט ווי ער האָט פאַרהערט איר שטאָך. כאָטש פון דעם וואָס ער איז אריבער אויף דער דריטער פּערזאָן, ווי ער וואָלט

גערעדט גלאַט אין דער שטוב אַריין, איז באַשטימט געווען קאַנטיק, אַז זיין טעמפּעראַטור שטייגט, אַז דער שטאָך האָט אים דווקא גוט געטראָפן, — ווייל דאָס ווייסט ניט, וואָס עס טוט זיך איצט אויף דער וועלט... שלעפּט זיך אַרום אומזיסט־אומנישט, מאַטערט זיך, די קינדער...

אָבער באַלד — צוריק אַריבער אויף דער צווייטער פּערזאָן. ער גיט זיך אַזוי אימפּעטיק אַ לאָז אויף איר, אַז זי טרעט אַזש אָפּ עט־לעכע טריט צוריק.

— קוק נאָר אָן דעם העלד: זי וועט עס גיין שקראַבען פאַר־לאַנגעם!... אַז ווער דאַרף עס דיין הילף? אַבי גלאַט אַרומשלעפּן זיך...

אָבער זי בלייבט אים ניט שולדיק קיין ענטפער:

— און דו שלעפּסט זיך ניט אַרום אומזיסט־אומנישט איבער די גאַסן? נישקשה, איך בין נאָך אַזא העלד, ווי דו...

און אָט אַזוי אַנטוויקלט זיך צווישןביידן איינס פון יענע שטור־ביקע קריגערייען, וואָס הויבן זיך תמיד אָן אַזוי ניט געריכטערהייט — און תמיד פון אַ גאָרנישט! אָבער פון דעם־אַ גאָרנישט, ווי פון אַ בייזן זאָמען, וואַקסן זיי זיך פונאַנדער אין נערוועזן כעס, אין ווער־טער־שלעכטסקייט. ביידן טוט די גאַנצע צייט וויי, וואָס מען קריגט זיך אומזיסטערהייט, וואָס מען קריגט זיך זיך־ליבנדיק... אָבער יעדן איינעם דוכט זיך, אַז דער צווייטער האָט עס אָנגעהויבן, און דער פאַרדראָס איז דעריבער שטאַרק, און ס'איז שוין ביידן שווער זיך אָפּצושטעלן.

דודל, דאָס עלטערע קינד, שטייט פאַרגאַפט: וואָס קומט דאָ פאָר... פאַרוואָס זענען ביי טאַטע־מאַמע מיטאַמאָל געוואָרן אַזעל־כע מאָדנע צעקרימטע פּנימער, אַזעלכע פרעמדע פּנימער? אָט האָבן זיי דאָך ביידע, דוכט זיך, אָקאָרשט אַזוי גוט געלאַכט... און ער שאָקלט זיך מיט אָן אָפּענעם מיילכל פון איין פוס אויפן צווייטן, קוקט פונם טאַטן אויף דער מאַמען, און פון דער מאַמען אויפן טאַטן ווי אויסטערליש — אָט־דאָס, וואָס זיינע גרויע דורכזיכטיקע אויגן זעען איצט צו...

און ליוסעלע ווערט דעמאָלט גאָר צעשראָקן. זי האָט זיך גע־מאַכט אַ טבע אין אַזא מאָמענט, ווען פּאַפּאַ הויבט אָן שרייען,

אנטלויפן פון צימער, באהאלטן זיך אהינטער א טיר, אָדער אונ־טער איר בעטעלע, ווי ווען א שרעקלעכער שטורעם־ווינט וואָלט דאָ אָנגעהויבן בלאָזן, א שלאַקס־רעגן וואָלט אויף איר אין גאַס פּלוצלונג אָנגעהויבן ליאַפּען...

— א י ך שלעפּ מיך ארום איבער די גאַסן אומזיסט־אומ־נישט! הערסט, א פאַרגלייך א ביסל... ווילסט וויסן, איז מעגלעך, ווען ניט דו, וואָלט איך היינט ניט געווען פאַרשפּעטיקט, און וואָלט טאַקע דעם דזשאָב יאָ געקראָגן!...

ביי לינען אנטרינט איצט יעדער לעצטער טראָפּן בלוט פון פּנים, אירע אויגן ווערן אזוי גרויס... זי הויבט אָן שטאַמלען:

— אַבי איך האָב געמיינט... האָסט דאָך פריער געזאָגט...

אָבער מער קען זי שוין קיין קלאַנג ניט אַרויסברענגען.

פּלוצלונג דערהערט זיך א קווויטשיקער קלונג פונם גלעקל אין דער קאָרידאָר־טיר. קאַרלין גיט האַסטיק א שפּאַן אהין, פּראַלט אויף די טיר. פון א צווישן דער טיר־שפּאַלט פאַלט ארויס א צו־נויפגעלייגטער נומער פון דער „האָום ניוס". אָבער קיין מענטשן זעט מען ניט. ס'איז, ווי אליהו הנביא וואָלט געבראַכט אהער א מתנה די ענגלישע צייטונג... דער פלינקער צייטונגס־בחורל איז שוין איצט מיט עטלעכע שטאָק נידעריקער.

אָבער איצט כאַפּט זיך קאַרלין אז זיין בייזקייט האָט אים שוין צו ווייט פאַרטראָגן. מער פאַר אַלץ הויבט ער זיך אָן שעמען פאַר די קינדער. ער בייסט זיך די ליפּן ביז בלוט. ער וואָלט געוואָלט גלייך איבערבייטן דעם שמועס, ווייכער מאַכן זיין קול:

— האָסט כאָטש אָפּגעקאָכט עפּעס עסן?

אָבער זיין שטים קומט נאָך אַלץ ארויס צו־שאַרף, ווי ברוגז־לעך...

— ווי האָב איך געקאָנט... — שטאַמלט דאָס ווייב שולדי־קערהייט. — איך בין דאָך ערשט ·געקומען אהיים ארום מיטאָג־צייט. געדאַרפט צוזאַמען צוערשט די שטוב, די קינדער... און כ'האָב זיך אויך ניט געריכט, אז דו'סט קומען אזוי פרי אהיים...

זי זוכט מיט פאַרטונקלטע בליקן דעם מאַנטל אירן, וואָס זי

פאַרגעסט יעדן מאָל, אין וועלכן שראַנק זי האָט אים אויפגעהאַנגען. זי וועט אַראָפּגיין אין גאַס איינקויפן עפּעס אויף וועטשערע.

איר כעס גייט גיך אַריבער. אומעט פאַרנעמט זיין אָרט. זי וואָלט איצט אַלץ געטאָן אויף אים איבערבעטן. אָבער — ניט אַזוי איז זיין פאַרדראָס. ער קאָן זיך אַזוי גרינג ניט באַרואיקן. פון אויף יענער זייט ברייטע פּלאַכטעס פונם שלעכט־שמעקעדיקן פונאַנדער־שפּרייטן צייטונגס־ליילעך ברומט ער אַרויס:

— הם, פערציק דאָלער אַ וואָך... נאָך אַ וואָך! אַזאַ עקשן... אַן ערשטקלאַסיקן מעכאַניקער שלאָגט מען היינטיקע צייטן אַזאַ סומע ניט פאָר... און איר יאָ! נישט אַנדערש ווי נאָר פאַר דיין שיין פּנימל... — גיט ער איר ווידער אַ ביס.

— וואָס ווילסטו, אַז מען האָט מיר פאָרט אָנגעבאָטן דאָרט אַזאַ שכירות... — זאָגט לינע אַרויס שוין אַ ביסל שטילער און אומ־זיכערער, כאָטש נאָך אַלץ האַלב־איינגעשפּאַרט.

— נו, איז פאַרוואָס האָסטו עס ניט גענומען? — רייצט ער זיך מיט איר. — האָסט געוואָלט מער?...

זי האָט שוין אָנגעטאָן דעם דינעם סאַקל, האַלט אַ גרויסן פּאַפּירענעם מאַרק־זעקל אין האַנט.

— צוליב די אוממעגלעכע שטונדן... — באַקלאָגט זי זיך נאָך שולדיקער און אומזיכערער. — כ׳וואָלט דאָך דאָרט געדאַרפט זיין יעדן פרימאָרגן זעקס אַזייגער... וואָלט איך, הייסט עס, געדאַרפט אויפשטיין פינף... איך וואָלט עס געטאָן, אָבער ווי אַזוי קען איך איינאָרדענען מיט די קינדערלעך? אויב דו דענקסט נאָר, אַז ס׳איז מעגלעך — אפשר ווילסטו אַליין בלייבן אין שטוב מיט זיי? קאָן איך נאָך מאָרגן פרי אַהינצו צוגיין...

די לעצטע ווערטער מורמלט זי אַרויס שוין מיט אַ האַנט אויפן קנאָפּ פון דער טיר.

— נאַרעלע, פאַר פערציק דאָלער אַ וואָך וועל איך מאָרגן אַליין לויפן אַהין!... — איז ער שוין ווידער שיר ניט גרייט געווען אַריינצופליען אין אַ גרימצאָרן. ער האָט זיך אָבער מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן. — און כ׳וועל זיי נאָך אפילו גערן אַליין אַרונטער־לאָזן אַ העלפט שכירות... — לאַכט ער איראָניש־שלעכט פון איר.

— איך וועל אפילו שליסן מיט זיי א קאָנטראַקט אויף א גאַנצן יאָר צו צוואַנציק דאָלער א וואָך! — האָט ער ווידער ביי זיך געהעכערט זיין שטים. אָבער לינע איז שוין געווען איצט אויף יענער זייט קאָרידאָר־טיר.

4

נאָך וועטשערע האָט זיך קאַרלין געשטעלט צעוואַשן דאָס געשיר. לינע האָט זיך פאַרנומען מיט לייגן די קינדער שלאָפן. פונם שכנותדיקן וואַנע־צימער האָט זיך שוין זינט עטלעכע מינוט געלאָזט הערן דאָס האַסטיקע גיסן פונם וואַסער אין דער וואַנע אַריין. דערפון אַליין איז די לופט אין שטוב געוואָרן עפּעס היי־מישער, באַרואיקטער, וואַרעמער. ליוסעלע, וועלכע האָט זייער ליב געהאַט דאָס שפּילן זיך אין וואַסער ביים נעמען א וואַנע, האָט שוין דאָרט באַצייטנס פריידיק און מיט פליעסקעריי באַגריסט דאָס ריזלען פונם קראַן:

— בודיע וואַסיער... בודיע וואַסיער...

דאָס האָט געמיינט: זי וועט זיך באָדן אין וואַסער, און דער־נאָך וועט די מאַמע לאָזן דאָרט אַרומשווימען די גומענע קאַטש־קעלע. אויך קאַרלין — אַן אויסגעוואַרעמטער, א זאַטער — האָט זיך אָנגעהויבן פילן א ביסל באַרואיקט. אים האָט בלויז פאַר־דראָסן, הלמאי ער האָט זיך פאַרנאַכט געהאַט געבייזערט אויפן ווייב, פאַרוואָס זי וויל אַוועקגיין אַרבעטן אין א שפּיטאָל ווי א פלאָר־וואַשערין, און איבערלאָזן די קליינע קינדער אין שטוב... זי מיינט דען חלילה עפּעס שלעכטס? א גוטע נשמה, נאָר א גרוי־סער פלאַטער־קאָפּ — וויל זי אי זיך אַליין גוט מאַכן אויפן האַרצן, אי דעם מאַן... נו, האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז מען גייט איר צאָלן פערציק דאָלער א וואָך... איז וואָס קומט איר דערפאַר?

ער האָט שוין לאַנג באַמערקט אין איר דעם גליקלעכן שטריך: א ברעקל גוטס, א פּיצל האָפענונג — איבערטרייבן אַזש ביז קאָ־מישער גרויס, אויף שלעכטס ווי פאַרמאַכן די אויגן, ניט וועלן עס זען, פאַרגעסן עס וואָס גיכער... און ער, לאָ די וואָס ער העלפט איר

ניט אין אַט דעם קינדערשן שפּיל, מאַכט ער נאָך ביי איר אַ געניויען ניכטערן חשבון! זי וויל אים העלפן, נאָר זי קען ניט — וואָס־זשע קומט איר דערפאַר?

געטריבן פון אַ טיפן חרטה־געפיל, האָט ער זיך באַמיט דער־פאַר וואָס פאַרזיכטיקער און ריינער אויסוואַשן דאָס געפעס, אויס־שייערן מיט זאַלב דאָס „זילבער", וואָס דאָס פּאָר פּאַלק האָט נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געהאַט איינגעהאַנדלט אינם וואולוואָירט סטאָר, פינף און צען סענט אַ שטיק. אַ קיילעכדיק שאַכטעלע „דאַטש קלענסער", פון וועלכן קיין פּוידער האָט זיך שוין מער ניט גע־שאָטן דורך די דורכגעבויערטע לעכעלעך, האָט ער אַ האַק געטאָן מיט אַ שאַרף מעסער אויף צוויי העלפט, כדי ער זאָל פונם דנאָ שאַכטל קאָנען אַרויסקראַצן דאָס סאַמע לעצטע ביסל פּוידער.

דאָס איז געווען פאַרן לעצטן יאָר אַזוי, וואָס זיי האָבן זיך ביידע געקלינגט צו שפּאָרן, צו מאַכן עקאָנאָמיע וואו נאָר ס'לאָזט זיך — און אויך, וואו ס'לאָזט זיך ניט. שוין לאַנג, לאַנג, אַז ער האָט קיין זיכערע באַשעפטיקונג ניט געקענט קריגן, האָט זיך געוואָרפן פון אַרבעט צו אַרבעט — און פלעגט דאָס רוב אינגאַנצן אַרומגיין אָן אַרבעט. מען פלעגט זיך שניידן די פינגער איבער דער מינדסטער קלייניקייט, איבער וואָס אַ גראָשן איז ווערט. אַמגרינגסטן איז דאָס געווען אַדורכצופירן ביים עסן־בודזשעט: דאָס האָבן דאָך קיין זייטיקע נישט געקאָנט באַמערקן. אַמשווערסטן — ביים קליידן־זיך: כאָטש פאַר לייטן האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן דעם קבצן! אָבער אויך דאָ האָט קאַרלין איבערגעשטיגן דער ווייב.

מילא, אַ פרוי, אַ יונגע פרוי נאָך דערצו, דאַרף זיך אָנטאָן ניט נאָר גאַנץ, נאָר אויך ריין און שיין. דאַרף האַלטן כאָטש אַ ווינקל אויג אויף דער מאָדע אין גאַס. אָבער ער? קאַרלין פלעגט אפילו האָבן אַ ישוב־הדעת ביי יעדן קוויטיקן טיכעלע, איידער ער פלעגט זיך באַשליסן עס אַרויסצוואַרפן. די נאָז־טיכלעך, וואָס זענען שוין געווען האַלב־צעריסן, פלעגט ער איבערלאָזן פאַר דער שטוב; די גאַנצע — האַלטן בלויז פאַר דער גאַס... אַז אַ שנור־ראַוואַדלע פלעגט זיך איבעררייסן, פלעגט ער זי ניט אַרויסוואַרפן, נאָר מאַכן אינמיטן אַ קנופּ און באַנוצן דאָס זעלביקע שוך־בענדל

ווייטער... יאָ, ווי עס האָט ערגעץ דעפינירט איינער אַ גרויסער פּי־לאָזאָף און געלערנטער: אַ מענטש — דאָס איז אַ באַשעפעניש, וואָס פּאַסט זיך צו צו אַלץ.

פון דער בעק־פּאַרלאָר, דעם קינדערס שלאָפּצימער, האָט זיך אין קיך אַריינגעשלעפּט דודל, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר פינף־זעקס. ער איז שוין געווען האַלב אויסגעטאָן. די פונאַנדערגעשפּיליעטע קני־הייזלעך האָט ער צוגעהאַלטן מיט דער לינקער האַנט, אין דער רעכ־טער — געהאַט זיין ציין־בערשטל. אינם וואַנע־צימער — אַן אַלט־מאָדישן, אַפילו אָן אַ פענצטער, נאָר בלויז מיט אַ שטיקל „סקאַי־לאַיט" נעבן סטעליע — האָט זיך דאָך אַפילו קיין וואַש־בענקל ניט געפונען. מען פלעגט דעריבער דאַרפן מאַכן דעם טואַלעט אין קיך, אין סינק.

כאָטש ס'איז נאָך איצט געווען זייער ווייט פון פורים און פון פרילינג, האָט דאָס ייִנגעלע אָבער זאָרגלאָז זיך אונטערגעזונגען אַ לידעלע, וואָס די „מאַמעשי" האָט אים אַנומלטן געהאַט אויסגע־לערנט:

פּירעם, פּירעם, מאהעך,
וואוהין יאך גאי, פאלעך,
די בוערד איז מיר לאהנג,
ס'וואהב איז מיר קראהנק...

עס איז געווען אינגאַנצן אַ בילד פון דער מוטער: אויך אַזוי פראַגיל, איידל, אויך אַזאַ צאַרטע, זיידענע הויט, אַן „אַריסטאָקראַ־טישע", מיט דינינקע, בלאָנדע הערלעך אויף דעם ווי אויף אַ צייַ־טיקער מאַרעל. אַפילו די בלאָנדע ברעמען זיינע האָבן זיך אויך, ווי ביי דער מוטער שיר ניט צונויפגעקומען צוזאַמען איבערן נאָז־בריקל. בלאָנד אינגאַנצן — בלויז די ווייעס זענען געווען טונקל און אויסטערליש־לאַנג. אַפילו די נאַטור זיינע איז אויך געווען ווי ביי דער מוטער — אַ רואיקע, אַ גאָלדענע, אַ נאָכגיביקע. בלויז די אויגן זענען געווען שאַרפער — ווי ביי דעם פאָטער.

פונקט ווי די מוטער — און די קליינינטשקע ליוסי — האָט ער אויך צוערשט געפלעגט רעדן מיט אַ טיף־פּוילישן אַקצענט. איצט, ווען ער איז שוין אונטערגעוואַקסן, און זיך אָנגעהויבן צו־

הערן אין דעם טאַטנס ליטווישער אויסשפּראַך, האָט ער שוין אָנ־געהויבן מישןביידע דיאַלעקטן. און איצט, ווען ער פּלעגט זינ־גען אָדער זאָגן עפּעס אין טיף־פּוילישן דיאַלעקט, פּלעגט ער שוין געבן אַמאָל אַ וואונק צום פאָטער מיט זיינע שאַרפע אויגעלעך — אויף דער מאַמעס חשבון, הייסט עס...

אין קאַרלינען, וועלכער האָט מיטן האַנטוך אויפן אָרעם זיך אויף אַ ווײַלע געהאַט אָפּגערוקט פונם סינק, געבנדיק דעם קינד אַ געלעגנהייט אויסצוואַשן די ציין, איז אויפגעגאַנגען אַ כוואַליע וואַרעמקייט, האָט אים דורכגענומען אַזש ביז די שפּיץ־נעגל און שפּיץ־האָר. דער גאָלדענער זון זיינער! וואָס ווייסט ער פון דעם שווערן און אומזיכערן ווינטער, וואָס עס שטייט פאַר זיי אַלעמען פאָר... מיט ציטערנדיקער ליבשאַפט אין קול, וואָס האָט זיך איצט פון אים געגאָסן ווי אַ גאָלדענער בוימל, האָט ער זיך געווענדט צום זון:

— זע, ווי דו האַלסט צו די הייזלעך מיט דער האַנט, טאַקע עפּעס ווי אַ תמ׳עוואַטער מלאך... האָסט זיי דען ניט געקענט אַראָפּ־נעמען אינגאַנצן?

— איך גיי זיי דאָך דאָ באַלד איבערלאָזן אויפן וואַש־טאָב. ווייסט דען ניט, פּאַ? מאָרגן איז ביי אונז אַ יום־טוב אין סקול, די מאַמע דאַרף מיר אויסוואַשן די הייזלעך... די לערערין האָט אונז אַלעמען געהייסן קומען אָנגעטאָן ריין!

דערווייל איז ער אייגנטלעך געגאַנגען בלויז אין קינדער־גאָרטן, אָבער דאָס וואָרט האָט אים קיינער פאַרן מויל ניט געטאָרט אַרויס־ברענגען; דווקא — „סקול”... מיט „אַ גוטע נאַכט, פּאַפּאַ! אַ גוטע נאַכט, מאַמאַ!” (אויך ליוסעלע האָט פון איר „בודיוואַסיער” אינם וואַנע־צימער אַרויסגעטשוויטשערט: „דודעלע... ליוסי באַלד קו־מען...”) איז ער באַלד אַוועק, געשפּרונגען מיט באָרוועסע פיסעלעך איבער די נאַקעטע ברעטער פון די טיף־ברוין געפאַרבטע פּאָד־לאָגעס.

קאַרלין האָט אָנגעהויבן פאַרענדיקן אויסוואַשן דאָס געפעס. ווי גליקלעך ער איז, וואָס די משפחה כאָטש איז ביי אים אַ זאָרג־לאָז־פריילעכע, און ניט אַזוי דערשלאָגן, ווי ער אַליין איז... יאָ, ס׳איז געווען אַ צייט, ווען זיי איז געגאַנגען אַ סך בעסער, ווען

זיי איז געגאַנגען אַפילו גוט. זיי האָבן געוואוינט אין אַן עלעוויי־טער־אַפּאַרטמענט, פאַר אַ דיספּאָזעס זיך קיינמאָל ניט געשראָקן, קיין זאָרג וועגן נעקסטער וואָך אויסקומעניש איז נישט געווען. קיין חובות אויך ניט געהאַט, און דער עיקר — צו מענטשנס לאַס־קע נישט געדאַרפט אָנקומען, ניט געדאַרפט בעטלעריש פאַרקוקן תמיד יעדן איינציקן אין די אויגן אַריין, טאָמער ווייס מען פון עפּעס צו טאָן פאַר אים...

און צוריקגערעדט — וואָס איז זיי אייגנטלעך אַפילו איצט אַזוי שלעכט? די קינדערלעך זענען געזונט, ער איז אויך ביי זיין גאַנצער געזונט. ס'האַרץ, קאָן זיין, איז נאָר אַן איינגערעדטע זאַך, בלויז נערוון... מער ניט, אפשר דאָס, וואָס ער ווערט אַלץ עלטער (ער איז שוין לעצטן זומער געוואָרן פערציק יאָר) און ער האָט ערגעץ געלייענט, אַז מענטשן נאָך פערציק יאָר איז שוין בכלל שווער אין אַמעריקע צו קריגן באַשעפטיקונג. איז ער, הייסט עס, שוין אינ־גאַנצן אַ פאַרטיקער, אַ סוף צו אַלץ? ... נאַרישקייטן. זאָל ער נאָר קריגן עפּעס אַן אַרבעט, אַ דזשאַב, די אומזיכערקייט זאָל ניט אַזוי הענגען איבערן קאָפּ — וועט אַלץ פאַרשווינדן, ווי אַ קאַשמאַר פון אַן איינאיינציקער נאַכט. און וואָס איז סך־הכל בלויז איין נאַכט?

נאָך דער געוויינלעכער פאַרן שלאָפן־טואַלעט, האָט די מוטער ענדלעך באַלייגט שלאָפן אויך דאָס קלענערע קינד מיט די געוויינ־לעכע עקסטאַטישע וואָרקענישן אירע: „אוי, ס'איז גוט, אוי, ס'איז זיס, אוי, ס'איז טייער"... זיך כאַפּנדיק, אַז דער מאַן אירער, ווי זיין טבע איז אַמאָל, קאָן זיך נאָך איצט צוהערן צו איר צערטלעניש־שפּיל מיטן קינד, איז לינע רויט געוואָרן, און איז שוין אַזוי אַריין אין קיך מיט אַ שעמעוודיק־שולדיקן שמייכל אויפן פּנים.

ווי אָפט אין אַזעלכע מינוטן, ביים אָנבליק פונם צערטלעכן קינדערשן געזיכט פון דער מוטער פון זיינע קינדער, האָט קאַרלינען איך איצט אַ שפּאַר געטאָן אַ גאַס־טרערן צו די אויגן, ווי דעם סענטימענטאַלסטן געליבטן. טרערן פון אַ שולדיקייט־געפיל, טרערן פון אַ חרטה־געפיל — הלמאי ער קאָן אַזוי ווייניק גוטס טאָן פאַר איר. ער פאַרוויקלט איצט דעריבער דעם פּנים אינם בלאַט־ליילעך פון דער „בראָנקס האָום ניוס", וואָס די אומגעזעענע האַנט פון

אַ צייטונגס־יינגל וואַרפט אומזיסט אונטער יעדן נאָכמיטאָג אויף יענער זייט קאָרידאָר־טיר ביי אַלע שכנים דאָ. זאָל זיין פרוי עס כאָטש ניט זען...

לינע שטעלט זיך גלייך אַוועק ביים וואַש־טאָב אויסוואַשן דעם קינדס הייזלעך אויף מאָרגן, אַ פּאָר זאָקן, אַ ריינע בלוזקע. וועגן דער „פּאַדי" מאָרגן אין קינדער־גאָרטן, האָט איר דודל שוין פריער געהאַט דערציילט.

דער לאָמפּ ברענט ליכטיק. ס'איז שטיל. די גרויסע אַלט־מאָדישע קיך, אַ פעלד אַ גאַנצעס, גייט אַרויס אויף אַ שמאָלן הינ־טער־הויף, אַ פאַרהאַנגענעם מיט וועש־לאַינס. פון דער פאָרנדיקער גאַס — דאָרט, וואו די פּאַרלאָר, זייער אייגענער שלאָף־צימער גע־פינט זיך — דערטראָגט זיך ניט אַהער קיין איינציקער קלאַנג. דער רעדיאַייטאָר זשומעט, די פּאַיפּס זענען הייס, אַ מחיה... לינע רייבט פלייסיק אַ שטיק גרעט אויפן וואַש־ברעטל. ווען אויפן טיש וואָלט נאָך איצט זיך געהויבן די פאַרע פון אַ גאָלדענער גלאָז טיי, וואָלט עס דאָך געווען אַן אמתע אידיליע, אַן אידיליע פון די קבצנים...

אָבער דער ווייב וועט דאָך קאַרלין עס ניט בעטן טאָן, ווייל זי איז אַזוי אויך פאַרנומען. און אַליין איז ער מיד, די זעטיקייט פון דער וועטשערע האָט שטאַרק אַרויסגערופן אינם קערפּער די ניט־געשלאָפענע נעכטיקע נאַכט... און לינע — ווייל קאַרלין זיצט אַזוי, אָן אַ וואָרט, פאַרטיפט אינם בלאַט, דענקט זי אַז דער מאַן אירער איז נאָך אַלץ אויף איר ברוגז אַ ביסל מחמת דעם בייטאָגיקן אי־בעררייד זייערן. אין דער אמתן לייענט שוין קאַרלין לאַנג ניט די צייטונג, די אותיות זענען זיך צעשפּרונגען, די שורות זענען ערגעץ ווייט אַנטלאָפן, אַוועקגעטאַנצט אויף אַ פּאָר יאָר צוריק...

ווי אָפט האָט ער אָט די פראַגע געפרעגט, אַליין פאַרענטפערט — און ווידער שוין פרעגט ער זיך איצט אין דער שטיל: ווי אַזוי האָט דאָס אַלץ פּאַסירט? דער באַרג־אַראָפּ איז עפּעס צוגעגאַנגען אַזוי שנעל... צוערשט אויפגעגעסן די פּאָר אייגענע אָפּגעשפּאָרטע דאָלער, דערנאָך — געלעבט פון גמילת־חסדים, פון הלוואות. פונ־דעסטוועגן איז ניט נאָר די זיכערקייט זיינע ניט געווען אונטער־געגראָבן, נאָר ס'איז בכלל דערביי ניט געווען ביי אים קיין שום

אויסערגעווײנלעך געפֿיל. נו, איז וואָס? מאַלע וואָס אַ מענטש איז צײַטלעך אָן באַשעפֿטיקונג? מען הערט, דוכט זיך, פֿון דעם אַזוי אָפֿט... האָט ער ווײַטער געזוכט, נאָכאַנאַנד געזוכט.

אָבער וואָס העפּטיקער און לײַדנשאַפֿטלעכער ער האָט געזוכט אַרבעט, אַלץ ווײַטער זענען עפּעס די שטעלעס פֿון אים אַנטלאָפֿן... און — אויסטערליש, אויסטערליש! צוזאַמען מיט אַט די באַשעפֿטיקונגען, וואָס האָבן זיך אַלץ פֿון אים אַרויסגעדרייט איינע נאָך דער אַנדערער, האָבן זיך פֿון אים דערווײַטערט אַלע גוטע פֿרײַנט און באַקאַנטע זײַנע, אַלטע פֿרײַנט שוין פֿון יאָרן און יאָרן: סאָציאַליסטן, ראַדיקאַלן, קולטור־טוער — אַלע איינס אין איינס... אָ, יאָ, געוויס. קאַרלין האָט געוואוסט: ניט חלילה אויס שלעכטסקייט איז עס אַלץ געטאָן געוואָרן, נאָר גיכער דערפֿאַר, וואָס ס׳איז שוין זיי אַליין פּשוט שווער געווען צוצוקוקן זיך צו־לאַנג צו די לײַדן פֿון אַ מענטשן, צוצוזען מאַטערנישן, וועלכע זיי האָבן דאָך נישט געקאָנט העלפֿן... ס׳איז אַפֿילו בײַ זיי ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז אויך אָנגעוואַקסן אַ פֿאַראיבל אויף אים! אַ פֿאַראיבל אויף דעם מענטשן, וואָס איז געווען אַמאָל אַ גלײַכער מיט זיי, אַ גלײַכער מיט גלײַכע — און איצט פֿילט זיי אָן זײַן אָנווענזנדיקייט, אַפֿילו זײַן ניט מאָנענדיקע אָנווענזנדיקייט, עפּעס מיט אַ שטומען שולד־געפֿיל... און שלאָגט עס פֿון אים אָפּט ניט אַזוי שטאַרק מיט נערוועזיטעט, מיט פֿאַרביסענער פֿאַרצווייפֿלונג, וואָס גייט אַזש אַריבער אויך צו זייטיקע? ער איז געווען, הפּנים, אַ חולה־מסוכן, וועמעס חולאַת האָט זיך שוין צו־לאַנג פֿאַרצויגן, אַ קראַנקער, וועמעס קראַנקהייט־קריזיס קומט אַלץ ניט אָן, — איז עס ניט מענטשלעך אַזאַ איינעם ענדלעך אײַנגאַנצן אָנהויבן וועלן אויסצומײַדן?

ניין, קאַרלין האָט אויף זײַנע אַמאָליקע פֿרײַנט דערפֿאַר קיין פֿאַראיבל ניט געהאַט. ער האָט, נעבעך, געמוזט צוגעבן, אַז זיי זענען גערעכט....

אויב שוין יאָ פֿאַראיבל האָבן, איז עס געווען אויף זיך אַליין, הלמאי ער קערט זיך אַלץ אָפּט אום צוריק צום געוועזענעם. געווען איז געווען! הערסט אַ ביסל... מיט אַן אַנטשלאָסענער באַוועגונג

איז ער באַלד אויפגעשטאַנען, צו צום קראַן, אָנגענאָסן דעם טשײַ־ניק, ארויפגעשטעלט אויף דער קיך אויפזידן.

— דו ווייסט גאָר ניט, נחום, ס'אַראַ בריה אַ באַלעבאָסטע איך בין... — האָט לינע דערפילט, אַז איצט איז דער שעת הכושר אויף זיך איבערצובעטן מיטן מאַן. — כ'האָב אויסגעשטוקעוועט די וועטשערע כמעט פון גאָרניט, הערסט... שעפסן־פלייש קאָסט איצט זייער ביליק — פינף פונט פאַר 35 סענט! פון די ביינער אַליין האָב איך געמאַכט אַ באָרשט אויף היינט און אויף מאָרגן, הערסט... ניין, אַנעסט, איז דער היינטיקער באָרשט ניט געווען טאַמגינײַידים? ס'פלייש וועט אפשר זיין גענוג אויף דריי טעג... מיר זענען ניט אַזעלכע גרויסע עסערם!

אין אירע לעצטע ווערטער האָט זיך געהערט אַ מין טרייסט... אָבער קאַרלין רופט זיך אויף דעם ניט אָפּ מיט קיין איין וואָרט. אָ, זיין כעס איז שוין לאַנג געוועזן צערונען, זיין פאַרדראָס קעגן איר האָט שוין לאַנג פונאַנדערגעטאַיעט. קאַרלין האָט אָבער ניט ליב די דאָזיקע „שפּאָרעוודיקייט"־רייד דער ווייבס, עפּעס געבערט עס אין אים תמיד אַ שולדיקייט־געפיל... און לינע דענקט דעריבער אַז ער איז נאָך אַלץ ברוגז אויף איר — קאָן זיין, אַז דו ביסט טאַקע געוועזן גערעכט... — בליקט זי פאַרחלומט מיט אירע טויב־אויגן אויף אַ צעריסן שטיק וועש, דעם קינדס אַ לייבעלע, וואָס זי האָט אַרויסגעשלעפּט פון וואַש־„טאָב"; אירע אויגן בלאָנדזשען אַרונ־טער די מוטנע וואַסער־שנירלעך, וואָס גיסן זיך מיט אַ הילכיקער גוואַדזשעריי אין „טאָב" אַריין.

— כ'גלויב, אַז ס'איז טאַקע מסתמא געווען בלויז פאַר אַ גאַנצן חודש... כ'מיין אין שפּיטאָל די ווײַדזשעס, אינדערפרי... דודלען וואָלט מען נויטיק געדאַרפט קויפן אַ פּאָר נייע לייבעלעך... דער ווינטער רוקט זיך אָן...

קאַרלין, וועלכער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין, שטייט אויף פון טיש מיט אַ וואַרעמען שמייכל. ער גייט צו צום אויוון וואו דער טשייניק האָט שוין אָנגעהויבן קאָכן.

— אי, קינד, וואָס דו ביסט... אַז איך דאַרף ניט דו זאָלסט

גיין שקראַבען פֿאַרלאָגעס אין אַ שפּיטאָל! דערוויל שטאַרבן מיר נאָך, חלילה, ניט פֿון הונגער!

— אָבער אַפּילו צען דאָלער אַ וואָך איז אויך ניט שלעכט... ס׳איז דאָך געווען מיט עסן! — ווייל זי ניט נאָכגעבן איינגאַנצן — אָבער, וואָס איז די פּעולה... איך האָב עס דאָך ניט געקענט אָננעמען צוליב די קינדער...

— יאָ די קינדער... — ווערט קאַרלינס שטים פּלוצלונג פֿאַר־ענדערט, קריגט אַזאַ טויבלעך־דערוויטערטע פֿאַרב — די קינדער...

פֿון גאַס דערהערט זיך פּלוצלונג אַ שנעלער נאָכאַנאַנדיקער קנאַלן, ווי פֿון פּיסטאָלעטן, אָדער גאָר פֿון קוילנוואַרפֿער. אַ קריג פֿון גענגסטערס ? . . . אין אָט דעם קוואַרטאַל האָט מען טאַקע ערשט מיט עטלאַכע חדשים צוריק געכאַפּט אַ פּאָר אַזעלכע לייט, איינעם פֿון זיי אַ טויטלעך פֿאַרוואונדעטן. קאַרלין דערנעענטערט זיך מיט שנעלע טריט צום פֿענצטער. אויף יענער זייט הינטער־הויף, אַ פֿאַרשטעלטן מיט אַ וואַלד הויכע סלופּעס פֿון וועש־לאַינס, זעט זיך פֿון דער הויך, פֿונעם פֿינפֿטן שטאָק, נאָך אַן עוועניו, אַ פּאָר בלאָק ווייטער. אַ העל־באַלויכטענע, מיט רויטע, געלע און בלויע עלעקטרישע שילדן. ניין, דאָס האָט מסתמא בלויז געפּלאַצט אַ „טאַיער״ אין אַ דורכגעפֿלויגענעם אויטאָמאָביל... און קאַרלין שטייט דאָרט אַ ווייל פֿאַרטראַכט, פֿאַרדמיונט. אַ ווייטע גאַס, אַ שיינע גאַס, אַ פֿרעמדע גאַס, אַ גלייכגילטיקע...

פֿון די צוויי גאָלדענע גלעזער טיי אויפֿן טיש, וואָס קאַרלין האָט אָקאָרשט אָנגעגאָסן, גייט אויף אַ געדיכטע גרוילעכע פּאַרע. „נחומקע, דער טיי ווערט דאָך קאַלט״.

דער פֿרוים וואַרעמער קול, אויך אַ גאָלדענער, צווינגט אים זיך אומדרייען פֿון פֿענצטער. ער פֿאָלגט אַ ווײַלע נאָך די פּאַרע־קנוילן — הויך, העכער, נאָך העכער... — נאָר ניט געזאָרגט, מאַ־מעלע... — נעמט ער אַרום דאָס קליינע וויב זיינס, און זאָגט איר טרייסט־ווערטער, וואָס זיינען דאָך גיכער געווען געווענדט צו אים אַליין. — ס׳וועט אונז נאָך זיין גוט... וועסט שוין זען...

5

— פלאַר, פליער ?
— דער פופצנטער.
— דער ניינצנטער.
— דער איינאונצוואַנציקסטער.

קליפּ־קליפּ, אַריינגעשטאָכן אַ שוואַרצן עמאַל־קנעפּל מיט דעם געהעריקן נומער אין דער מעשענער טאַבעלע אַריין. און — זזז־יפּ. דער עלעוועיטאָר פּאָרט. דער נעגערשער עלעוועיטאָר־מאַן באַגריסט מיט ברייטע דרך־ארצדיקע שמייכלען אויף זיין שוואַרץ־טשוהונענעם פּנים די אַלטע און מיטליעריקע חשובע הערן, אין די שטייפע „קע־סעלעך" און די שניי־ווייסע זיידענע שאַליקעס אַרום די העלדזער. פּאָרזיכטיקייט שאַדט ניט — אין דרויסן איז דער פרימאָרגן אַ רויער, ווינטן בלאָזן פון האַדסאָן, פון בעטערי־פּאַרק, פון ניו יאָר־קער אויסגוס...

דאָס זיינען די שעפן פון די פאַרשיידענע געשעפטן־פירמעס — טעקסטיל, אימפּאָרט־עקספּאָרט, דאַמען־קליידער און וועש־געצייג — וואָס געפינען זיך אין אָט דער גרויסער אָפיס־געביידע אַרום יו־ניאָן־סקווער. ביי זיי האָט מען קיין שום שאלות ניט געדאַרפט פרעגן — אויף אויסנווייניק האָבן שוין דעם נעגערס שוואַרצע הענט מיט די קויטיק־ווייסלעכע, ווי אָפּגעקראָכענע פינגער און דלאָ־ניעס, אַריינגעקוועטשט די געהעריקע עלעקטרישע קנעפּלעך. די פראַגן זיינען געווענדט צו די פרעמדע און אָרעם־געקליידעטע פּאַסאַזשירן אויף וועלכע דער נעגער האָט זיך געזייטלט מיט בליקן פון אומצו־טרוי און חשד.

קאַרלין פּאַלט אויך אונטער אָט דעם חשד. ער האָט אויף זיך אַפילו קיין מאַנטל ניט געהאַט! פּאַר אַ ווינטער־מאַנטל איז נאָך געווען צו פרי, און אַ האַרבסט־מאַנטל — איז שוין אַן איידעלע זאַך. פונדעסטוועגן, ווען ער האָט זיך דאָס מאָל אויפגעהויבן אויפן ניינצנטן שטאָק, איז ער גראָד געווען פול מיט זיכערקייט, און מיט יעדן שטאָק וואָס דער עקספּרעס־עלעוועיטאָר איז פאַרבייגעפאָרן,

איז זיין מוט געשטיגן, האָט זיין האַרץ זיך געהויבן... ניין, דאָס מאָל האָט ער גאָרניט געהאַט וואָס מקנא צו זיין די שווייגנדיקע העפלעך־קאַלטע הערן וועלכע זיינען איינציקווייז פאַרשוואונדן אין די פאַרביישווינדלענדיקע שטאָקן און טירן, וואָס יעדע פון זיי האָט געפירט צו אַ גן־עדן פון מי און טעטיקייט.

יאָ, אין קאַרלינס קעשענע האָט זיך געפונען דאָס מאָל אַ טייערער, אַ וויכטיקער בריוו צו אים פונם פאַרוואַלטער פונם ביל־דונגס־אַנשטאַלט פון אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט איר אָפיס אין אָט דעם פינף און צוואַנציק שטאָקיקן בנינדל. אינם בריוו האָט מען אים אייליק געלאַזט וויסן: אומבאַדינגט קומען אין אָפיס אַריין היינט אַ פערטל נאָך עלף פאַרמיטאָג — און טאַקע זיין פינקטלעך.

און קאַרלין איז געווען אַזוי צעפלאַטערט פון דער פרייד פון פילן זיך אַ גלייכער מיט גלייכע צווישן די פּאַסאַזשירן אַרום, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסן אַרויסרופן זיין שטאָק... און ווען ער האָט פלוצלונג געגעבן אימפּעטיק אַ רוף אַרויס „ניינצן", איז שוין דער עלעוועיטאָר געווען באַלד ביי דער טיר פון דעם איינאונצוואַנ־ציקסטן שטאָק.

מיט אַ בייזלעכן קוק האָט דער אוניפאָרמירטער עלעוועיטאָר־מאַן פאַרקערעוועט די מאַשין צוריק. ניט־אומישנע, האָט ער זי שוין אָבער פאָרט אָפּגעשטעלט אַ קאַפּיטשקע העכער פונם נויטיקן שטאָק. און ווען קאַרלין איז אַרויס, האָט ער געקראָגן אַזש אַ שאָק פונם צו הויכן שפּאַן־אַרונטער, וואָס ער האָט געמאַכט... אפשר אַ שלעכ־טער סימן?

— מר. פריילעך איז זייער ביזי, — האָט די גאָלדנהאָריקע טייפּיסטקע אינם קליינעם פאָדער־צימערל גלייכגילטיק אַ קוק געַ־טאָן אויף דעם בריוו, וואָס ער האָט איר דערלאַנגט. — היז עט עי קאָנפערענץ... — האָט זי אים פאַרטייטשט אויף ענגליש. און דערנאָך שוין אָפילו אויף אַ מינוט מער ניט אָפּגעשטעלט דאָס נאָכאַנאַנדיקע אַרומלויפן פון אירע לאַנגע מאָגערע פינגער איבער דער קלאַוויאַטור פונם טייפּרייטער. ס'הייסט, מען איז דאָ ביזי!...

נו, דאָס מאַכט נישט. קאַרלין איילט זיך סיי־ווי ניט אין ער־

געץ... אַבי אַ שטעלע. ענדלעך! דורך דער צוגעלענטער טיר רעכטס האָבן זיך געהערט דיסקוטירנדיקע זיך־אַמפּערנדיקע שטימען פון פאַרשידענעם קאָלאָריט און טעמבר. דורך די גרויסע פענצטער לינקס, ווי דורך ריזיקע בילדער־ראַמען — דער גלימערנדיקער האַר־סאָן. שיפן אַלערליי — שווערע פּראַכט־באַרזשעס, באַלאַדענע מיט ציגל, זאַמד, ברוך־אייזן, וואָס זיינען געזעסן אין וואַסער ביזן סאַ־מע באָרט — אויך גרויסע אייראָפּעאישע אָקרענטן מיט דריי־פיר קוימענס. שיפן? וואַסער? אָקעאַן? ניין, ער האָט שוין מער ניט, קאַרלין, קיין שום רייזע־לעכצעניש. ער פאַרמאָגט שוין מער לאַנג ניט קיין נאָסטאַלגיע נאָך די ווייטע אומבאַקאַנטע לענדער... שוין אויסגעהיילט געוואָרן! אָך, ער האָט זיך שוין גענוג לאַנג אַרומ־געשלעפּט איבער דער וועלט, ער זוכט שוין נעבעך איצט בסך־הכל אַ שטיקל קאַיוטע דאָ — אויף דער יבשה, אַ שטיקל „טערא פירמא" אונטער די פיס...

ענדלעך עפנט זיך די טיר רעכטס. ס'קומען אַרויס באַקאַנטע מענטשן, שוין לאַנגיאָריקע לערער, זיי באַגריסן זיך מיט אים. איי־ניקע — מיט קאַלטקייט און אומצוטרוי: „ט'אָסטו דיר... נאָך אַ בעלן אויף לערעריי צוגעקומען!... אָבער יעדער שלימזל, וואָס קאָן צו עפּעס בעסערס זיך ניט צושלאָגן, וויל דיר גלייך ווערן אַ יידישער לערער!" אָבער די אַנדערע, וועלכע זיינען איבערצייגט, אַז קאַרלינס באַמיאונגען זיינען סיי־ווי אומזיסטע, באַגריסן קאַר־לינען היפּש פריינטלעכער.

צווישן די לעצטע געפינט זיך אויך נייפעלד. אַ מענטש שוין נאָענט צו די פופציקער, אָבער קוקט אויס פיל יינגער. די רייכע טשופּרינע, וואו בלויז אַן איינצלנע זילבערנע האָר גרויט זיך דאָ און דאָרט, איז וואוילינגעריש געקרייזלט. די אויגן פון האָזן־קאָ־ליר — פרישע, יונגנטלעכע מיט פייערלעך. אַלעמען פּאַטשט ער פּאַניבראַטיש אין דער פּלייצע, און אַלע אים — פּונקט אַזוי גוט־ברודעריש צוריק. אַ גאָלדענער מענטש, אַ לייכטער לונג־און־לעבער, ער קומט גרינג אויס מיט יעדן איינציקן מענטש... כאָטש אפשר פּאָרט אַ קליין ביסל בעסער מיט די יעניקע מענטשן, ביי וועמען

ער קריגט עפּעס פאַר זיך, דאַרף עפּעס קריגן, אָדער האָפט עפּעס צו קריגן?

„אַ בּיליקער פּאָליטישן", האָט שוין קאַרלין עטלעכע מאָל געהערט ווי עס דריקן זיך אויס הינטער נייפעלדס פּליצעס די פריינט, וועלכע פּאַטשן אים אין די זעלביקע פּלייצעס. אָבער ניט אַזוי דענקט קאַרלין אַליין. פאַרקערט, ער נעמט אים תּמיד פאַר אַ בּיישפּיל — אַ פּרעכטיקער מוסטער, פון וועלכן אויך ער, קאַרלין, באַמיט זיך אָפּ־צולערנען די גאָלדענע מידות פון גרינגמוטיקייט און גוטמוטיקייט... „שוויתי נייפעלד לנגדי תּמיד!" וואָלט קאַרלין געוואָלט אָט די ווערטער אויסכתיבהן אויף אַ לענגלעכן שטיקל פּאַרמעט און עס אויפהענגען אויף דער וואַנט בּיי זיך אין שטוב. יאָ, טאַקע, ווי אַ נאָכאַנאַנדיקן דערמאָנער, — ווייל אים אַליין, קאַרלינען, זיינען אָט די גאָלדענע מידות ניט געגעבן געוואָרן, און אַ סך שווערער נאָך, ווי קריעת ים־סוף, קומען אים אָן די באַמיאונגען זיי זיך אויס־צולערנען... איז טאַקע וואָלט ער אָט־די־אָ ווערטער באַדאַרפט אפשר אויפהענגען אויף יענעם באַרימטן אָרט איבּער דער אַריינגאַנגס־טיר פון זיין וואוינונג, וואו אין פאַרצייטיקע יידישע הייזער פּלעגט איבּערגעלאָזט ווערן דער שוואַרצער פלעק „זכר לחורבּן?..." אַ דערמאָנונג און אַ וואָרנונג וועגן דעם חורבּן, וואָס עס דערוואַרט דעם יעניקן מענטשן, וואָס זוכט צו בּויען זיין לעבּן אויף שווערער ערלעכקייט און שטרענגער נאָכאַנאַנדיקער אמת־פאָדערונג סיי פון זיך, סיי פון אַנדערע.

אינם קליינינקן אַנטע־שאַמבּר פון חבר פריילכס סעקרעטאַרשע הערשט אַ ווײַלע אַן אמתער יאַריד פון דעם געזעמל לערער, וואָס שטאָלפּערן יעדער אויף זיין אָרט, ווייל מען קאָן זיך דאָ כּמעט ניט אַ קער טאָן. פאַרשטייט זיך, ניט איצט זיינען עס אין קאַרלינס מוח דורכגעפלויגן אָט די אַלע געדאַנקען. דאָס זיינען געווען לאַנג־יאָריקע מחשבות, וועלכע ער האָט געטראַכט בּיי פאַרשיידענע גע־לעגנהייטן. וואָלטן זיי איצט געווען דורכגעפלויגן, וואָלטן זיי סיי־ווי גלייך געווען צעשמאָלצן געוואָרן, ווי די לייכטסטע וואָלקנדלעך פון נייפעלדס זוניקער און צוגעלאָזענער באַגריסונג, אַ באַגריסונג פון אַ סאַמע בּעסטן פריינט.

— העלאָ! נחום, אָלד באָי! וואַט מייקס עי דזשיו? וואו ביסטו עס געווען די גאַנצע צייט? און איך האָב געמיינט, אַז ביסט שוין לאַנג ניטאָ אין ניו יאָרק...

ווייל ניט נאָר אַ גוטער פריינט, נאָר אַפילו קאַרלינס אַ שכן אויך איז נייפעלד געווען. שוין עטלעכע יאָר אַז נייפעלד וואוינט בסך־הכל ביי אַ פינף בלאָק פון קאַרלינען — אויף דער ציפּרעסן־עוועניו, אין איינעם פון די דאָרטיקע נייע אַפּאַרטמענט־הייזער. אַמאָל פלעגט ער זיין אַן אָפטער אַריינגייער אין קאַרלינס שטוב. אָבער — שוין לאַנג, לאַנג ניט מער... איז אפשר וויל ער עס טאַקע מיט אָט דער דונערדיקער באַגריסונג פאַרשרייען דאָס ניט־באַקוועמע געפיל זיינס פאַרן אַמאָליקן נאָענטן פריינט, פאַר וועלכן ער האָט זיך אַזאַ לאַנגע צייט ניט באַוויזן? ניין, דאָס איז בלויז אַזאַ גוטע, גרינגמוטיקע טבע ביי אים צו ריידן הויך... און קאַרלין ענטפערט אים האַלב־שעמעוודיק, ווי ער וואָלט זיך עס גאָר געדאַרפט פאַרטענהן פאַר יענעם:

— וואָס הייסט עפּעס... אַוועקפאָרן? וואוהין אַוועקפאָרן? אַז בסך־הכל בין איך גאָר געוואָרן אַזאַ מין קליינבירגער, אַז איך האָב גאָר אַפילו פיינט צו בייטן די דירה...

— מיינסט ניט צו זאָגן, אַז דו וואוינסט נאָך אַלץ אויף ברוק־עוועניו? אין אָט יענעם פאַרשטונקענעם „לאָפט" אויפן פינפטן שטאָק?

— אַוואו דען זאָל איך וואוינען... ניט שוין־זשע ערגעץ אַנדערש... — שמייכלט קאַרלין זיין מאָדנעם שמייכל, מיט וועלכן ער מאַכט זיך אָן אַזויפיל שונאים צווישן מענטשן; אַ שמייכל, וואָס איז אין פלוג דוכט זיך אַזוי געפאַלן און באַשיידן, אָבער מען פילט אונטער דעם אַ שטילן פאָרוואורף, אויב ניט חוזק צום מיט־שמועסער זיינעמס פאַלשע אָנשטעלן.

— הער אַ מעשה... — קאָן נייפעלד אַזש צו זיך נישט קומען פון גרויסער איבערראַשונג. — און איך הויב עס ניט אָן צו וויסן... צילקע (זיין ווייב) האָט מיר אַ פּאָר מאָל שוין געזאָגט, אַז מ'וואָלט באַדאַרפט זיך אַריבערכאַפּן צו אייך, זען כאָטש וואָס איר מאַכט, הערסט! בין איך דאָך אָבער געווען זיכער, אַז דו האָסט זיך שוין

לאַנג־לאַנג פון דאָרטן אַרויסגעצויגן... אַז מען זעט דאָך דיך אין ערגעץ ניט! — האָט ער קאַרלינען תרעומותדיק פאַרגעוואָרפן. — האַלטסט זיך ווייט פון מענטשן!

ס'איז אויסגעקומען ניט אַנדערש: ער וויל אַז קאַרלין זאָל זיך אַנטשולדיקן, זיך שלאָגן על־חטא פאַר נייפעלדס עבירות... קאַרלין האָט אומבאַקוועם זיך געדרייט אויפן שטול, געוואָרפן איצט נאָך אומגעדולדיקערע בליקן אויף דער האַלב־אָפענער טיר צום קדשי־קדשים פון חבר פרייליכן אַליין.

פון דעם האָדסאָן־טייך, פון די דאָרטיקע „פּיערס", פון די פאַבריקן אויף דער צענטער און עלפטער עוועניוס, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן לאָזן הערן איינער נאָכן אַנדערן קורצע און אויסגעצויגענע פייפן — מיטאָגשטונדע.

— אָ־קעי... — האָט נייפעלד געגעבן אַ טעאַטראַלישן טרייסל מיט זיין העלדישן קאָפּ און שיינער שעוועליורע, זיך ענדלעך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט. — וועסט דאָך באַלד פאַרטיק ווערן, נאָ? מיר גייען אַלע אַרונטער אין קאַפעטעריע... אויף דער פערצנטער שטראָסע — ווייסט דאָך, דאָרט וואו אַלעמאָל... איז קום אויך גלייך אַרונטער... כ'האָב טאַקע מיט דיר אַ סך צו רעדן... כ'וויל דאָך וויסן וואָס עס הערט זיך ביי אייך, הערסט! און — זיי אַ מענטש! — האָט ער אַ וואונק געטאָן אויף דער האַלב־אָפענער טיר.

— קומט אַריין, חבר קאַרלין, ביטע... — האָט זיך טאַקע פּונקט אין דער מינוט דערהערט חבר פרייליכס שטים. די שטים איז געווען אַ ווייכע, אַ האַרציקע, אַ זיך־איינקויפנדיקע. אָבער דער שמייכל בלויז אויף די ליפּן, ווי אַ אַרויפגעקלעפּטער און שלעכט זיך האַלטנדיקער, און די קאַלטע העל־גרויע אויגן, ווי גלעזערנע — האָבן דערציילט אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. די עגבערנדיקע העל־גרויע אויגן זיינע האָבן פאַרמאָגט אין זיך יענעם סאָרט טיף־וואַסערדיקע דורכזיכטיקייט, דורך וועלכער עס לאָזט זיך אַבסאָלוט גאָרניט זען.

חבר פרייליך האָט אויפגענומען קאַרלינען שטייענדיק. ער איז געווען אַ נידעריק־וואוקסיקער מענטשל, ברייט־פּלייציק, אָבער פון כמעט קינדערשער הויך. ביי אים אויפן ריזיקן דעסק — לענגער

געווים פון חבר פרייליכס אייגענעם וואוקס — אָן אַ שיר צייטונגען פון אַלערליי לענדער, אַלערליי פּאַפּירן און בריוו אין דראַטענע קער־בעלעך. אויף אַ ריי בריוו און פּאַפּירן גלייך פאַר אים — אַ גלעזערנער פּאַפּיר־געוויכט מיט אַריינגעפּאַסטע אויסגעטריקנטע פאַר־ביקע שמעטערלינגען, וואָס האָבן אונטער דיקן גלאָז אויסגעקוקט, ווי לעבעדיקע. אין די ווינקלען צימער — ביכער־שראַנקען, ענציקלאָפּעדיע־בענד, לעקסיקאָנען. אַ באַזונדערער נידעריקער געשטעל מיט אַלע טאָמען פון דער סאַמע לעצטער אויסגאַבע פון דער ענציקלאָפּעדיע בריטאַניקאַ...

יאָ, משמעות אַ שטאַרק־געבילדעטער מענטש, אָט דער קליין־געוויקסיקער פאַרשוין מיטן ייִנגלשן קערפּערל און גרויסן קירבעס־קאָפּ, ווי נישט צו זיין מאָס צוגעקליבן. ס'איז בלויז געווען אַ חידוש: ער איז דאָך אַזוי פאַרנומען, טאָג און נאַכט, — געפינט ער כאָטש ווען אַפילו אַן איינציקע פרייע שעה אין איינעם פון אָט די פּאָ־ליאַנטן אַריינצוקוקן?

אַז ער זעצט זיך צוריק אַנידער, זעט מען שוין באַלד מער ניט אַרויס, ווי בלויז זיין גרויסן קירבעס־קאָפּ און די פּאָר אַקסלען. ס'איז ניט קיין קליינינקייט, אַ געוועזענער אַרבעטער, וואָס איז דערהויבן געוואָרן דורך זיין פּאַרטיי צו דער שטעלע פון אַ בילדונגס־קוראַ־טאָר — און זאָל ער עס כאָטש אַ ברעקל פון זיך בלאָזן!

— זיצט, — כאַפּט ער זיך באַלד און זאָגט אַרויס העפלעך צו קאַרלינען, ניט אויפהויבנדיק אָבער אַפילו זיין בליק. — אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב ניט געקאָנט אייך אויפנעמען אין צייט... איר ווייסט דאָך — די אייביקע מיטינגען, קאָנפערענצן, פּעדאַגאָגישע ראַטן און פאַקולטעט־זיצונגען — זיי מאַכן מיר אַ טויט... אַ סעקונדע, באַלד...

דוכט זיך, ניט איבערלייענענדיק זיי אַפילו, שרייבט ער איצט אונטער אַ ריי בריוו, וואָס די טייפּיסטקע האָט פאַר אים אַנידערגע־לייגט. קאַרלין שטופּט דערווייל פּאַרזיכטיק וואָס טיפער אין די אַרבעל אַריין די מאַנזשעטן פון זיין ווייסן העמד, וועלכע ער האָט ערשט פאַרן דאַון־טאַון איבערגעקערט אויף דער צווייטער נאָך ניט גענוצטער ריינער זייט...

נאָך אַלץ מיט אַ שרעקלעך פאַרנומענער מינע האָט יענער זיך באַלד אָנגעהויבן פאָרען צווישן די פאַפּירן, נישטערן אין די שופליאָדן ביז ער האָט ענדלעך דערטאַפּט דעם נויטיקן דאָקומענט — עפּעס אַ בריוו מיט גרויסע ברייט־צעשפּרייטע אותיות באַדעקט, ווי דער אומגעדולדיק־ברענענדיקער קאַרלין האָט פון דער זייט באַוויזן צו באַמערקן.

— אָט איז עס... אָט האָט איר דעם אַדרעס... ווען זייט איר גרייט צו פאָרן ?

— פאָרן... — איז קאַרלינס אומגעדולד אַריבער אין שטוי־נונג. — וואוהין ?

— יאָ, כ'האָב אייך ווענגן דעם ניט געשריבן ? וועל... אָט די לערער־וואַקאַנץ פאַר אייך געפינט זיך אין קאַלאַמאַזו אין מישיגען... ניט קיין שלעכטער פּלאַץ, — דאָס קאַלטע גלאָז פון די גרויען אויגן האָט זיך אַ וואַרעם געטאָן מיט אַ שטראַלעכל. — זעט איר, פריינט קאַרלין, וואו אונזער שול־סיסטעם שפּאַרט זיך שוין אָן, וועלכע ווייטע ווינקלען אונזער שול־נעץ כאַפּט שוין אַרום, האַ ?

— אָבער, — האָט קאַרלין פאַרלוירנערהייט געגומען שטאַמ־לען. — וואָס פאַלט אייך עפּעס איין, אַז איך וויל אַוועקפאָרן פון ניו יאָרק... כ'האָב די גאַנצע צייט געמיינט, אַז ס'איז זעלבסט־פאַר־שטענדלעך : איך זוך אַרבעט אין ניו יאָרק... כ'מיין, איך וואוין דאָך דאָ...

— ער וואוינט דאָ ! אַ מאָדנער מענטש... — האָבן די גלעז־זערנע אויגן פיקסירט קאַרלינען מיט אַ שעלמישן גלאַנצל אין זיי. — אַלע ווילן זיי דווקא אין ניו יאָרק ! מיר מוזן דאָך אָבער פאַר־שפּרייטן די וועלטלעכע יידישע דערציאונג אויך אויסערהאַלב ניו יאָרק, ניין ? חוץ דעם : פאַר ניו יאָרק זיינען שוין דאָ ביי מיר אויף דער ליסט גענוג קאַנדידאַטן אויך אָן אייך.

— כ'פאַרשטיי... כ'האָב אָבער געמיינט... מיין אַפּליקאַציע ליגט דאָך שוין דאָ ביי אייך אַן אַכט חדשים... און מיינע קוואַליפי־קאַציעס... — איז קאַרלינס שטים געוואָרן אומזיכער און שטיל. ער האָט אפשר געוואָלט דערציילן וועגן דעם, אַז ער האָט נאָך מיט אַ 15 יאָר צוריק געענדיקט דעם נאָרמאַל־קאָלעדזש פאַר לערעריי, און

איז שוין אפילו אַ קורצע צייט געווען לערער אין אַן ענגלישער מיטל־שול, און... און... און מאַלע וואָס נאָך ער האָט געוואָלט זאָגן. חבר פרייליך האָט אים אָבער אומגעדולדיק איבערגעשלאָגן.

— וואָס טויגן מיר די קוואַליפיקאַציעס אַז מיר האָבן ניט קיין וואַקאַנצן... און קוואַליפיקאַציעס, חבר קארלין, זיינען ביי אונדז סוף כּל סוף ניט די הויפּט־זאַך... דער עיקר איז...

אַ ווייל האָט אויף אים קארלין געשטאַרט אָן אַן איינציק וואָרט, ווי דאָס לשון וואָלט אים אָפּגענומען געוואָרן... חבר פרייליך איז דאַן געוואָרן אַ ביסל ווייכער.

— כ'ווייס ניט וואָס איז עס דאָ אַזאַ נפקא־מינא... — האָט ער אים ווייטער צוגערעדט. — קאַלאַמאַזו איז ניט אַזוי ווייט... אַ פיין שטעטל! איך בין דאָרט אַמאָל אַליין געווען אויף אַ לעקציע, בעת מיין נאַציאָנאַלן טור...

— אָבער כ'האָב דאָך דאָ אַ משפּחה... איר ווייסט עס סיידן ניט? — קארלין האָט הילפלאָז פאַנאַנדערגעפירט זיינע הענט, געטראַכט ווי גיט מען עס יענעם די סאַמע נויטיקסטע אָנצוהערענישן, און נישט דאַרפן זיך פונדעסטוועגן אריינלאָזן אין פיינלעכע איינצל־הייטן וועגן זיין „פּערזענלעכער לאַגע”. — קליינע פּיצלעך קינדער... וואָס רעדט איר!

— וואָס־זשע דענקט איר, כ'וויל אייך דען חס־ושלום אָפּריידן פון אייער ווייב? — האָט חבר פרייליך דערלויבט זיך שטיפעריש אַ ווייצל טאָן. — פון אייער משפּחה? וועט איר זיי אויך אריבערנעמען אהין!

ביי קארלינען האָט נערוועז זיך פונאַנדערגעטאַנצט אַ ווינקל מויל. ער האָט אַ ביס געטאָן די אונטערשטע ליפּ, זי פעסט אַ פּאָר סעקונדן צוגעהאַלטן מיט די ציין — זי זאָל זיך האַלטן אין דער מעלה.

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, — האָט ער באַלד נעבעכדיק אָנגעהויבן שמייכלען. — כ'האָב נאָך קיין מאָל אין מיין לעבן אין אַזאַ קליין שטעטעלע ניט געוואוינט...

— גוט. ווילט איר אפשר דעמאָלט אין דאַלאַס, טעקסאַס? דאָס איז שוין אַ גרויסע שטאָט! — האָט פרייליך איראָניש פּאַ־

נאָנדערגעשפּרייט ביידע הענט אין דער ברייט. — און אהין דאַרפן מיר אויך שיקן אַ לערער!

— וואָס רעדט איר, אַזוי ווייט? — האָט זיך אַזש דערשראָקן דער מענטש, וואָס איז שוין שיר ניט אויסגעוווען אַ האַלבע וועלט — דאָס איז דאָך שוין אַזש לעבן מעקסיקאָ!

— וואָס־זשע... די מעקסיקאַנער זיינען שוין ביי אייך גאָר קיין מענטשן ניט? — האָט דער בילדונגס־קוראַטאָר זיך ווייטער גע־ווייצלט.

קאַרלין איז בלייך געוואָרן. די רעכטע קנאָכיקע און אָדערדיקע האַנט, וואָס איז געווען אָנגעלענט אויפן גלאָז־צודעק פון דעם ביל־דונגס־סעקרעטאַרס ריזיקן ביוראָ־טיש, האָט פּלוצלונג זיך אָנגעהויבן טרייסלען, און קיין שום באַפעל פונם געהירן האָט דאָ ניט געהאָלפן... די דאָזיקע האַנט איז געוואָרן ווי אַ באַשעפעניש מיט אַן אייגענעם ווילן, אַ זעלבסטשטענדיקע חיהלע. קאַרלין האָט זי גלייך אַרונטער־געכאַפּט צו זיך אויף די קני. פון שרעק איז ער איצט שוין שיר ניט גרייט געווען מסכים צו זיין אויף קאַלאַמאַזו!... כאָטש נאָטירלעך, אַפילו אהין.

— איר פאַרשטייט דאָך אָבער, חבר פרייליך, דאָס איז אַלץ פאַרבונדן מיט אַזעלכע גראָמאַדנע הוצאות... איינאָרדענען דאָרט אַ היים, פונדאַסניי, אויסמעבלירן אַ דירה... נאָכדעם ווי איך האָב עס שוין קוים מיט צרות דערגרייכט אין ניו יאָרק.

— פּע, עפּעס זיינט איר דאָך גאָר עפּעס אַזאַ אומבאַהאָלפענער...

— איז יענער ענדלעך געוואָרן מער מיטפילנדיק. ער האָט זיך צוריק־געוואָרפן אויפן הויכן „סווייוול־טשער" פון וועלכן זיינע פיסלעך האָבן אַרונטערגעבאַמבלט ווי ביי אַ קליין קינד, און אָנגעהויבן נעמען אַ וואַרעמען אָנטייל אין קאַרלינס שטוב־ענינים, — ס'זיינען דאָך עפּעס דאָ אין אַמעריקע ברוך־השם גוטע באַנען? ניין? מיטן פראַכט־עקס־פּרעס קאָנט איר אהין גרינג אַריבערשיקן אייער גאַנץ ביסל איצטיקן מעבל... אַפילו אייער פּיאַנאָ... האָט איר אפשר אַן אייגענעם פריי־דזשידער, אַ... אַ...?

— ניין, ניט אין דעם גייט עס... — האָט קאַרלין ניט געקענט מער אויפהויבן זיינע בליקן. — כ'על אייך זאָגן דעם ריינעם אמת:

ניט נאָר אויף איבערפירן דאָס מעבל, נאָר אַפילו אויף מײַנע אייגענע רייזע־הוצאות האָב איך ניט געגנוג... שוין אָפּגערעדט — בילעטן פאַר דער גאַנצער משפחה...

נו, אויך חבר פרייליך האָט ענדלעך פאַרלאָרן די געדולד מיט קאַרלינען, ווי אַ סך אַנדערע מענטשן פאַר אים. אין דער טיף פון זײַנע גרויע אויגן האָט אַ בלישצל געטאָן אַ ניט־פרײַנטלעך פלעמל צו דעם דאָזיקן ניט־קלוגן מענטשן, וואָס נעמט בײַ אים אַוועק אַזוי פיל צײַט אומזיסט־אומנישט.

— נו, דאָס איז שוין אײַער פּריוואַט־זאַך... — זײַן קורצינקע פיגור האָט זיך ווי אַרונטערגערוקט פון שטול, זיך געשטעלט אויף די פיס, כאָטש פיל העכער איז זי פון דעם ניט געוואָרן. — לײַדער קאָנען מיר זיך מיט די טראַנספּאָרט־פּראָבלעמען פון אונדזערע לערער ניט פאַרנעמען... מיר האָבן איבערגענוג אויף אונדזער קאָפּ אונדזערע אייגענע פּראָבלעמען — אָרגאַניזאַציע־פּראָבלעמען, פּעדאַגאָגישע־פּראָבלעמען... אָט איז בײַ אונדז ערשט היינט באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ נײַע שריפט, וואָס זאָל אײַנצײַטיק דינען סײַ דער אַקאַדעמישער אויסבילדונג פון אונדזער לערערשאַפט און סײַ דער פּעדאַגאָגישער דערציִאונג פון אונדזער עלטערנשאַפט... ביידע זײַנען בײַ אונדז לײַדער שטאַרק הינטערשטעליק, און טאַקע אויף ביידע געביטן, — אייך, חבר קאַרלין, אַזאַ געבילדעטן מענטשן, דאַרף איך עס קיין סך ניט דערקלערן... — האָט דער דורכגעטריבענער חבר פרייליך קיין ברעקל ניט געזשאַלעוועט און געזען קאָמפּענסירן קאַרלינען כאָטש מיט אַ היפּשן קאָמפּלימענט. — נישקשה, מיר ווייסן, אַז איר זײַנט איינער פון די געבילדעטסטע מענטשן אין אונדזערע קרייזן... און ס'איז ווירקלעך אַ שאָד וואָס...

די דרויסנדיקע קאָרידאָר־טיר האָט געגעבן אַ קלאַפּ. קאַרלין, וועלכער איז איצט אויך אויפגעשטאַנען, האָט צעמישט געקוקט זיך אויף די שפּיץ־שיך, און פּלוצלונג באַמערקט, אַז דאָס איבערגענוצטע אַלטע שוך־בענדל האָט בײַ אים געפּלאַצט, און צוויי עקעלעך באַמבלען זיך סאַמע פון פאָרנט. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, און שטאָלץ אָנגעהויבן אַרונטערקוקן אויפן סעקרעטאַר: גאָט האָט אים כאָטש

געבענטשט מיט אַ וואוקסיקער שטאַלטקייט, און זיין העכערקייט אי־בער פריילכן קאָן דאָך קיינער ביי אים ניט אוועקנעמען...

— אָט איז שוין מיין מיידל דאָ צוריק פון איר לאַנטש — איצט מוז איך אַראָפּגיין... קומט, איר גייט אפשר אויך עסן? מירן דאָרטן אַלעמען טרעפן, די גאַנצע חברה איז אוועק אהין...

ער האָט מיט אַ ווייכער קעצישער לאַפּקע אַריינגעשטאָכן זיינע פינגער אין קאַרלינס אָרעם.

— און אין איינוועגס וועל איך אייך שוין דאָרטן דערציילן וועגן אונדזער פּעדאַגאָגיש־געזעלשאַפטלעכן זשורנאַל... איר וואָלט טאַקע געווען דער פּאַסיקסטער מענטש צו שרייבן דאָרט פאַר אונדז עפּעס אַ סעריע אַרטיקלען... זאָגן מיר, וועגן פּראָפעסאָר דיוואיס גרויסן איינפלוס אויפן אַמעריקאַנישן דערציאונגס־וועזן... וועגן זיין רעפלעקס־מעטאָד...

— קאָמפּלעקס־מעטאָד... — האָט זיך ביי קאַרלינען שיר ניט אַרויסגעכאַפּט. ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן אין צייט. קיין צופיל גוטס, האָט ער געוואוסט, וועט ער זיך ניט טאָן, אויב ער׳ט כאַפּן ביי אַ גרייז סאַמע דעם בילדונגס־סעקרעטאַר.

— ס׳איז בלויז אַ שאָד וואָס קיין האָנאָראַר וועלן מיר אייך דערווייל ניט קאָנען צאָלן... — האָט פריילעך, וואַרטנדיק מיט קאַר־לינען ביים טיר פון עלעווייטאָר, ווייך און זיס געברומט, — אונדזער בודזשעט איז שוין אַזוי אויך... אפשר דעם צווייטן יאָר. מירן דע־מאָלט זען...

6

כאָטש עס איז שוין געווען נאָענט צו איינס דעם זייגער, איז אין דער קאַפעטעריע נאָך אַלץ געווען גערדיכט געפּאַקט.

די טישלעך, באַדעקט מיט איינגעפּאַסטע פּלאַטן פון קינסטלעכן מירמלשטיין, זיינען געווען אַלע באַזעצט. די שרייענדיק־געלע לייכ־טער פון די גרויסע פוטוריסטישע און קוביסטישע עלעקטריע־לאָמפּן האָבן זיך געטונקט אינם נעפּל, וואָס האָט זיך געהויבן פון די רויכערער, פון די געקעכטס־שטעלן. ס׳איז געווען איצט די צייט, ווען די אָפיס־אַרבעטער־קלערקס, מאַשיניסטקעס, בוכהאַלטערס, סטענאָגראַפיסט־

קעס, מעסענדזשער־בחורים און אַנדערע — הויבן זיך ענדלעך אויף, טרעטן אָפּ די פּלעצער פאַר דעם העכערן קלאַס אַפּיסלייט: די „עק־זעקוטיוום", די העכערע באַאַמטע פון די פירמעס, די „ביג שאָטס"...

דאָס פּאָרל, פרייליך און קאַרלין, האָבן זיך מיט פיל שוועריקייטן דורכגעשלאָגן אַ וועג, דורכגעשלענגלט זיך דורך די דורכגאַנגען, אַדורכגעפּאַפּט פונם געשטעל טאַצן מעסער־לעפל־גאָפּל־סערוועטקעס. אויך קאַרלין האָט דורכגעמאַכט די זעלביקע פּראָצעדור. מעבאַניש און זייער אומגערן, מער מיט אַן אינערלעכן אויג איידער מיט אַ דרויסנדיקס — מיט אַן אויג מער צום אינהאַלט פון זיין קעשענע, איידער צום אינהאַלט פון די פיל עמאַל־בוכשטאַביקע שוואַרצע מעניו־טאָוולען אַנטקעגן אויף די ווענט האָט ער אויך עפּעס אויסגע־קליבן צום עסן. אויסגעזוכט דאָס טישל, וואו די זייעריקע האָבן זיך געפונען, קונציק באַלאַנסירנדיק מיט די טאַצן איבער די קעפּ, האָבן זייביידע לאַווירט ענדלעך אָנצוקומען אַהין.

דאָס לערער־געזעמל ביים טיש — אַ לוסטיקע זיך־קיבעצנדיקע חברה, מיט ברילן און פּליכעס, אָן ברילן און אָן פּליכעס. פונדערווייטנס וואָלט מען בשום אופן ניט געקאָנט גלויבן, אַז אין אַזאַ פּאַרטויבנ־דיקן געטומל זאָלן מענטשן גאָר אימשטאַנד זיין אַפילו פּראָסט רעדן. פונדעסטוועגן, ווען קאַרלין האָט זיך דערנעענטערט אַהין מיטן טאַץ איבערן קאָפּ—אַ טעפּל קאַווע, אויף דער העלפט שוין אויסגעפּליוס־קעט אויף די פּאָר דאַרע קעיקלעך האָט ער אויסגעפונען: ניט נאָר ווערט דאָרט די גאַנצע צייט גערעדט, נאָר אַפילו היים גערעדט. מען דיסקוטירט וועגן דעם קוריקולום, וועגן נייעם לערן־פּראָגראַם, וועגן דעם צי מען מאָג שוין אפשר אָנהויבן פייערן דעם חנוכה־יום־טוב אַפילו אין אַ וועלטלעכער יידישער שול, וועגן דעם ווי ווייט מען קאָן טרייבן דעם לימוד פון יידישער געשיכטע, אָן ריזיקע אַריינצופאַלן אין נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם — און ענדלעך אויך וועגן דעם, וואָס אייניקע פון די לערער האָבן שוין פינף וואָכן קיין סענט שכירות ניט געקראָגן.

מען האָט אָנגעשטרענגט געשטרעקט די העלדזער איינער צום צווייטן, ווי די בייזע גאָגערס, מען האָט זיך געריסן אַזש ביז בלוי ווערן — כדי דערהערט צו ווערן כאָטש פון די נאָענטסטע טיש־

עסערס, איז מען געצוואונגען געווען אריבערצושרייען שיר ניט דעם גאַנצן אַרומיקן ליאַרעם און האַרמידער...

ווי תמיד, האָט נייפעלד פאַר די לערער געשטאַלצירט מיט זיין ריינעם, פּוריסטישסטן יידיש, האָט זיך געמאַטערט צו געפינען דווקא ריין־יידישע אויסדרוקן פאַר פּאָפּולער־אָנגענומענע ניט־יידישע — פאַר „גאַסן־אויסדרוקן״:

— חבר פרייליך — האָט עמיצער הניפהדיק פאַרקוקט דעם קורצינקן בילדונגס־קוראַטאָר אין די טיף־זיצנדיקע גרוי־אומבאַ־וועגלעכע אויגן. — עפּעס האָט איר פאַרגעסן היינט צו נעמען דעם טאָמייטאָ־דזשוס?

— הער, פאַרך דו, וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון, הא? — האָט נייפעלד גלייך דונערנדיק אַ קנאַל געטאָן אויף יענעם. — און פּאָ־מידאָרן־זאַפט ביסטו קליין צו זאָגן?

ער האָט זיך איבערגעבויגן אויף הינטן, הינטער די צוויי שכני־שע שטולן אויף וועלכע חברים־לערער זיינען געזעסן, און אַ שלעפּ־געטאָן קאַרלינען פאַר אַן אַרבל, מער מיט מימיק, איידער מיט ווערטער, האָט ער ביי יענעם געפרעגט:

— נו, וואָס... געקראָגן?

און, אויך אויף שטום־לשון, האָט קאַרלין מיט אַ פאַרשול־דיקטן שמייכל אַ שאָקל געגעבן דעם קאָפּ פון לינקס אויף רעכטס: ניין.

נייפעלד האָט ביטולדיק אַ קרים געטאָן די נאָז, אַ פאָך געטאָן מיט דער האַנט אויף אים:

— שלימזל איינער — האָט עס באַדייט — פון דיר וועט שוין קיינמאָל קיין לייט נישט אַרויסקומען.

אפשר וואָלט ער געהאַט זיך נאָך פּעפּערדיקער אויסגעדריקט, ווי ער האָט ליב געהאַט — און געקענט. נאָר ביים טיש האָט זיך איצט געפונען אַ דאַמע, די פרוי פון זייער אַ חשובן יידישן שריפט־שטעלער. וויטאַ טאַרשיש האָט זיך דאָ געפונען, פאַרשטייט זיך, ניט פּראָפעסיאָנעל, נאָר שרייבעריש: זי האָט געדאַרפט דאָ טרעפן דעם חבר פרייליכן, באַזאָרגן עפּעס אַ געשעפטלעכן ענין פאַרן זייער חשובן מאַן אירן. אָבער אויך איצט, פּונקט ווי ביי איר אין שטוב,

האָט זי זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן זייער פאָרנעם און חשיבות־דיק, באַוועגט דעם קאָפּ און דעם האַלדז אויסגעשטודירט לאַנגזאַם, ווי אַ גילדערנע פּאַווע. איר שטים איז געווען געמאָסטן, האַלב־פאַרפרוירן. איבעריקס, איצט האָט זי דערווייל כמעט אינגאַנצן ניט גערעדט, נאָר געשמייכלט — זי האָט זיך ווי דורכאויס קאָנ־צענטרירט אויף ניט צו פאַרלירן איר איינגעשטודירטע אַריסטאָקראַ־טישע פּאָזע, די חשיבות פון אַ הויך־וויכטיקער גרענד־דאַמע, צווישן אָט דעם מאַנירלאָזן און פּלעבעאישן לערער־געזעמל.

— איז וואָס־זשע נעם איך אויף דעסערט, אַ מאָסק־מעללאָן אָדער אַ סעווען־לעיער קעיק? — האָט איבערגעטריבן־ערנסט גע־נומען אויסזינגען מיט אַ גמרא־ניגון איינער אַ לערער מיט אַ צער־פול־צעקוועטשטן פּנים פון אַ פאַרלאָרענעם מערידאַלניק. דערבּיי האָט ער אָבער ממזריש אַ בּליק געגעבן אויף אַ קאָלעגע איבערן טיש, — ער מיינט עס מיט דעם, הייסט עס, בכיוון פּראָוואָצירן דעם ראָזיקן פּוריסטישן יידישיסט, נייפעלדן...

— כ'פּלעט דיר באַלד דעם קאָפּ, באַנדיט דו איינער! — האָט נייפעלד טאַקע גלייך רעאַגירט אויף אָט דעם שווידערלעכן שפּראַכ־לעכן גרילץ אין זיינע אויערן. — הערסט אַ לשון אַ בּיסל! און „זיבּן־פּאַכיקן קוכן" — בּיסטו קראַנק צו זאָגן? און נאָך אַ יידישער לערער!

אָבער אויך בּיי זייער טישל איז בּיסלעכווייז גראַמער געוואָרן. איינער נאָכן צווייטן זיינען די לערער ענדלעך אויפגעשטאַנען, צו־נויפגענומען די „צאָל־צעטלעך" (טשעקס), מיט די צייטונגען, פּאָרט־פעלן, און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. פרייליך, וועלכער איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, האָט צוגערוקט אַ שטול נענטער צו מאַדאַם טאַרשיש, אָנגעהויבּן פירן מיט איר אַ שטילן שמועס, וואָס איז, משמעות, געווען פאַרבּונדן מיט אָרגאַניזאַציאָנעלער הויך־פּאָליטיק, אויף וויפיל דאָס האָט געהאַט אַ שייכות צו איר מאַנס „ענין".

צווישן נייפעלדן און קאַרלינען האָבּן זיך אָפּגעליידיקט די בּענק־לעך. אַ מינוט זיך קווענקלענדיק און איבּערלייגנדיק, האָט נייפעלד באַלד זיך אָנגעשפּאַרט מיט לאַנגע קרעפטיקע הענט אָנעם טיש. ווי

א מאַלפּע פון איין צווייג אויפן אַנדערן, האָט ער זיך געגעבן א ווינק אַריבער אויפן שטול, וואָס איז געווען בשכנות מיט קאַרלינען.

— האָסטע הייסט עס, ווידער ניט געקראָגן קיין אַרבעט... — אין זיין שטים האָט קאַרלין פאַרנומען ניט אַזוי באַדויער, ווי א געמיש פון ביטול, — און אָנקלאַגע.

קאַרלין האָט ניט נאָר אויף דעם ניט געענטפערט, נאָר איבער עפּעס האָט ער איצט איינגאַנצן ניט געקאָנט קוקן אויף זיין פריינט. שווייגעניש. אויף נייפעלדס ריין־געראַזירטן און גוט־אויסגעפּאָשעט פּנים באַווייזט זיך דעמאָלט א גרימאַסע, ער שלינגט עפּעס אַרונטער, ווי אויך אים וואָלט איצט ניט געווען צו באַקוועם.

— מיר האָבן זיך שוין לאַנג געקליבן אַריבערצוכאַפּן צו אייך, איך און צילקע.. — פון דער רעכטער רעקל־קעשענע האָט ער פאַר־טראַכטערהייט אַרויסגענומען זיין פּיפּקע, זי געלאָסן אָנגעהויבן אויסקאָרפּען פון אינעווייניק מיט א שמאָלן קלינגל — אָבער עס האָט זיך תמיד אַלץ געמאַכט עפּעס אַנדערש... די מניעה, יענע מניעה... און אַנומלטן איז אויך פּרצל קראַנק געווען...

— ווען ? — האָט קאַרלין זיך ווי אויפגעכאַפּט פון זיין שטיל־קייט. דאָס דערמאָנען דעם קינד האָט גלייך צוריקגעבראַכט די אַמאָ־ליקע נאָענטקייט, וואָס האָט יאָרן נאָכאַנאַנד צווישן זיי געהערשט. — פּרצל איז קראַנק געווען? א גריפּ? היינט גיי וויים... — האָט קאַרלין דערפילט א שטאָך פון חרטה אויף זיינע באַהאַלטענע תרעו־מות קעגן נייפעלדן, — אַז ביי יענעם איז גאָר די גאַנצע צייט א קינד געלעגן קראַנק אין שטוב!... און ער הויבט גלייך אָן טרייסטן נייפעלדן:

— ס'איז ווייזט אויס, אַזאַ איבערגאַנג... ביי אונדז איז ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק דודל אויך קראַנק געווען... כאָטש ניט קיין גריפּ נאָר די געוויינלעכע זאַך... מאַנדלען... מ'האָט אים נעבעך גע־מוזט אָפּערירן.

— אַז ס'איז שווער מיט אייך זיך שטעלן אין פאַרבינדונג, איר האָט דאָך קיין טעלעפאָן ניט, — האָט נייפעלד ווי פאַראיבל געהאַט אויף קאַרלינען דערפאַר — גיי אין ניו יאָרק, זעץ זיך טאַקע אַוועק שרייבן מענטשן בריוו!...

פון דער לינקער רעקל־קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַ האַלב־דורכזיכטיקן טאַבעק־פּענכער פון אויל־סקין, עם אויפגעשנורט, און אָנגעהויבן אָנקאָרמענען זיין פּיפּקע מיט קליינע אָפּגעצופּטע קניפּ־לעך פון שמעקעדיקן גאָלדענעם טאַבאַק.

— אַ בריוו? — האָט קאַרלין אויסגעראַטשעט אויף אים אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן. — מיר וואוינען דוכט זיך אינגאַנצן אַ פינף־צען מינוט גאַנג פון אייך!

— יאָ, אָבער ווער ווייסט ווען מען קען אייך טרעפן אין שטוב?

— האָט נייפעלד תרעומותדיק אָנגעהויבן ציען די פּיפּקע. — נאָ־טירלעך, ווען דו האָסט אַ טעלעפאָן, איז עפּעס אַנדערש... און דער־נאָך, פו־פו, האָבן מיר שוין געגלויבט אַז איר האָט לאַנג פון דאָרט זיך ערגעץ אַרויסגעקליבן, פו־פו...

קאַרלין האָט דאָ געוואָלט בייסיק באַמערקן, אַז ס'קוקט אים ניט אויס, אַז ער וועט שוין ווען־עס־איז זיין אימשטאַנד פון אַ דירה זיך אַליין אַרויסצוקלייבן, גיכער וועט מען אים שוין אַרויסוואַרפן... אָבער — ער האָט גאָרניט געענטפערט. פּלוצים איז אים טרוקן גע־וואָרן אין האַלדז. ער האָט גענומען זיין טעפּל קאַווע, געפּרואווט ווי אַרויסקוועטשן פון איר נאָך אַ זופּ פון דעם קאַלט־געוואָרענעם אָפּגעשטאַנענעם געטראַנק.

אין אַ פּאָר סעקונדן — ווידער שטיל, אומבאַקוועם שטיל.

— וואָס־זשע איז דאָס מאָל געווען די מניעה? — האָט ניי־פעלד מיט אַ לאַנגן מיטלסטן פינגער זיך אַדורכגעפירט אַ פּאָר מאָל אַרום־און־אַרום, צווישן קאָלנער און הויכן האַלדז. ער האָט אַ בליק געטאָן אויף קאַרלינען זייטיק.

— כ'פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס גראָד מיך וויל מען עס פאַר־שיקן ערגעץ אויף יענער זייט הרי־חשך... — קאַרלינס שטילער שמייכל אויף זיין אייגענעם חשבון האָט פונדעסטוועגן ניט געקאָנט אינגאַנצן פאַרמאַסקירן זיין באַקלאָגן־זיך. — אויף וויפיל איך ווייס, שטעלט מען נאָך אָן לערער אין ניו יאָרק אויך...

— וועל, איך וועל דיר זאָגן פאַרוואָס, — האָט נייפעלד שוין מער נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן. — ווייל דו האַלטסט זיך עפּעס לעצטנס ווינקלדיק, פונדערווייטנס פון אַלעמען, מישסט זיך ניט מיט

די בײַיעס... ביסט געװאָרן עפּעס אַזאַ מרוק! װאָס איז דער מער מיט דיר, נחום, עניװעי? עפּעס נאָר דו האָסט תּמיד טענות צו מענטשן!

מיט קאַרלינען, אַן אינטימען באַקאַנטן פֿון מער װי צען יאָר, האָט דער גוטברודערשער נייפעלד געקאָנט זײַן נאַטירלעכער, און אים האָט שוין קיין ברעקל ניט געאַרט צו מישן ענגלישע װערטער מיט די ייִדישע.

— איך האָב מיך דערװײַטערט פֿון מענטשן? — האָט קאַרלין ביטער אַ לאַך געטאָן. נייפעלד, װעלכער האָט געפֿילט דעם שטאָך פּערזענלעך, האָט זיך גלײַך אָנגעצונדן.

— װעל, אויב דו װילסט שוין יאָ װיסן, פֿו־פֿו... דער טראָבל מיט דיר איז, װאָס די לעצטע פּאָר יאָר פֿאַרהאַקסטו אַלעמען דעם קאָפּ, פֿאַרקלינגסטו יעדן אײנעם די אויערן אַלץ מיט איין־און־דעם זעלבן פּזמון: פּרנסה־דזשאָב, דזשאָב־פּרנסה... װאָס, אין לעבן איז שוין טאַקע מער ניטאָ װי דאָס? — האָבן זײַנע אויגן זיך רעכטפֿאַרטיק דערצאָרנט אויסגעלופֿעט אויף קאַרלינען. — װײסט גאָר ניט, װיפֿיל דאָס באַליידיקט מענטשן...

— דוכט מיר, — האָט קאַרלין פֿאַרדראָסיק אים אָפּגעענטפֿערט, — אַז איך האָב שוין זייער לאַנג מיט דיר קיין אײנציק װאָרט אַפֿילו ניט אויסגערעדט װעגן מײַנע פּערזענלעכע ענינים... אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז שוין אװדאי אַ חדשים זיבן אַז מיר האָבן זיך אינגאַנצן ניט געזען? און אויך דאָס מאָל האָסטו דער ערשטער בײַ מיר געפֿרעגט, האָב איך דיר געענטפֿערט.

— אָ, כ'מײן ניט גראַד דאָס מאָל... — האָט נייפעלד נאָך צאָרנדיקער געפּו־פּוט זײַן פֿײַן־געשניצטע פּיפּקע פֿון שװאַרץ־האָלץ.

— און כ'מײן ניט דװקא איצט. כ'מײן אין אַלגעמײן, בכלל... ניט דװקא מיט מיר... גײסט אַרום די גאַנצע צײַט מיט אַזאַ מינע, שטענדיק אַזאַ אָנגעצװיגענער, פּונקט װי די גאַנצע װעלט װאָלט דיר עפּעס שולדיק געװען... מער װי װעגן דזשאָבס האָסטו דאָך אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו ריידן מיט מענטשן! נו, און אַ בוך, אַ פּאָעמע, אַ קאָנצערט? אַ נײַע טעאַטער־אויפֿפֿירונג?

קאַרלין איז געבליבן זיצן אָן אַ װאָרט, אינגאַנצן אַ פֿריטש־מעליעטער פֿונם שולד־געפֿיל װאָס זײַן פֿרײַנט האָט אַזוי אומגעריכ־

טערהייט נאָר אויף אים, קאַרלינען, אַרויסגעוואָרפן. ער האָט אָנגע־קוקט דעם אַמאָליקן פריינט זיינעם מיט אַן אָפענעם, ניט־פאַרשטיי־ענדיקן בליק...

— ביסט דאָך, דאַכט זיך, אַמאָל געווען אַ מער גייסטיקער מענטש, ס'פלעגט זיין אַ פאַרגעניגן צו ריידן מיט דיר וועגן אַלץ אין דער וועלט... — האָט שוין נייפעלד אין אַ שטילערער, הברישערע־שטים אים אָנגעהויבן פאָרוואַרפן. — אָ, מיין נישט — איך פאַר־שטיי גראָד זייער גוט דיין לאַגע... אָבער דורכשניטלעכע מענטשן קענען עס ניט גורם זיין, ס'איז פאַר זיי אַ ביסל... וואולגאַר, אַ ביסל אפילו פערזענלעך־באַליידיקנדיק: ס'קומט אויס אַז מער, ווי אויף צו ריידן מיט זיי וועגן דזשאַבס, טויגן זיי ניט? דערנידעריקסט נאָכאַנאַנד מיט דעם דיינע פריינט און באַקאַנטע!

איצט האָט שוין קאַרלין ניט נאָר פאַרהאַקט דאָס מויל, נאָר אפילו פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, ווי זיך באַמיט צו האַלטן די צונג זיינע אין צאַם — די נאַרישע, די בייזע, די אומגעדולדיקע, זאָל סוף־כל־סוף מיט עפּעס ניט אַרויספּלאַצן... כדי דאָס זאָל אים גרינגער אָנקומען דורכצופירן, האָט ער גענומען און בכיוון זיך אָנ־געהויבן קאָנצענטרירן אויף אָבסערווירן דעם חבר פריילין און די מאַדאַם טאַרשיש, ביים זעלביקן טישל. ער האָט זיך פשוט אַליין ניט געטרויט, אויב ער זאָל איצט אָנהויבן ענטפערן נייפעלדן...

מאַדאַם וויטאַ טאַרשיש, וועלכע פלעגט זיך תמיד קליידן אויס־טערליש, איז היינט געווען געקליידט אין אַ קאָסטיום פון אַ לעצטער „גריניטש־ווילעדזש" אויפפאַסונג: אַן אינדישער טורבאַן, פון וועלכן עס זיינען אַרונטערגעהאַנגען פליגלען פון אַן אָריענטאַלישן וואַל, אויסטערליש־לאַנגע אוירינגלעך ווי פון צעשמאָלצענע און אינמיטן פאַרגליווערט־געוואָרענע בורשטין־טראָפּנס, ברייטע קאָליר־טע פּאַסן אַרום מיטלסטן טייל פון איר טאַליע... דעם זייער פּראָזאַ־אישן און ניכטערן ענין, וואָס זי האָט געהאַט דאָס מאָל צו באַזאָרגן מיטן סעקרעטאַר פונם בילדונגס־קאָמיטעט — אַרורכשטופּן דעם פאַרקויף פון אַ פּאָר הונדערט פונט חשובן מאַן אירנס „געזאַמלטע" דורך די שולן און עלטערנקלובן פון דער שול־אָרגאַניזאַציע — האָט זי פאָרגעבראַכט פאַר פריילינן ניט געשעפטסמעסיק, נאָר אַזוי

פּאוואָליע־סטיליזירט און אַזוי חשיבותדיק, פּונקט ווי זי וואָלט אים דאָ געווען פאַרהאַנדלט אַ פּאָר גוטע געזיכערטע פּלעצער אין גן־עדן, אָדער געהאַלטן פאַר אים אַ דיסקורס וועגן נירוואַנאַ, צי גאָר געלייענט קילע און ווייזע פּסוקים פון די אינדישע וועדאַס. יאָ, ס׳האָט איר געדויערט לאַנג, זייער לאַנג ביז זי האָט ענדלעך באַוויזן אָנצוקומען צום עיקר ענין. חבר פריילין איז געזעסן אויף שפּילקעס, זיינע קאַלטע אויגן האָבן געבערענט מיט אַ גזלניש פייער...

ענדלעך האָט ער זיך אומגעדולדיק אויפגעהויבן פון שטול. אין אָפּים האָבן אויף אים געוואַרט אַזויפיל ענינים: קאָנפערענצן, אוידיענצן, באַראַטונגען, בריוו אונטערצושרייבן... ער האָט זיך פאַר איר אַנטשולדיקט. זיין סטאַקאַטאָ־קול האָט געקלונגען אַזוי דיסהאַרמאָניש קעגן דעם געלאַסענעם פּאַווישן מינועט־טעמפּ פון מאַדאַם וויטאַ טאַרשיש. שאַרף־אָפּגעהאַקט האָט ער ענדלעך אַ כאַפּ געטאָן דעם קאַפּעליוש, ווי ער וואָלט אויף אים געוואָלט אויסלאָזן זיין גאַנצן כעס, און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַסע.

צו ריידן מיט קאַרלינען וועגן דעם געפּלאַנטן אַקאַדעמיש־פּעדאַגאָגישן זשורנאַל האָט ער, ווייזט אויס, זיך שוין אַזוי פאַרגעסן. און אפשר — קיין צייט איז שוין איז מער ניט פאַרבליבן. קאַרלין האָט זיך אַליין דערווייל געפּאַקט ביי אַ טרייפענעם געדאַנק: שאַ... אויב ניט קיין האָנאָראַר פאַר אַן אַרטיקלען־סעריע, איז אפשר וואָלט ער דאָרט געקראָגן אַ ביסל אַרבעט ווי אַ קאָרעקטור־לייענער? יאָ, נייפעלד איז קאָנטיק פאָרט געווען גערעכט! אומעטום האָט ער, קאַרלין, זיינע פּראָסטע „אולטעריאָרע מאָטיוון", פוי!... און קאַרלין האָט זיך אַזש דערשראָקן, ווען אויך נייפעלד האָט זיך באַלד אַ ריס געגעבן פון זיין פּלאַץ, ווי טאַקע באַשטראָפנדיק קאַרלינען פאַר יענעמס פּראָזאַאישע מחשבות. שיר ניט אומוואָרפנדיק זיין שטול אויף הינטן, האָט ער נאָכגערופן פריילינען.

— וואַרט, חבר פריילין... איך גיי אויך מיט.

— איך האָב אָבער מער קיין ברעקל צייט ניט... — האָט יענער אומפריינטלעך אַ מרוקע געטאָן, זיך אָפּווערנדיק מיט ביידע הענט.

— ניין, כ׳מיין ניט אַרויפגיין צו אייך... — איז נייפעלדס

שטים געוואָרן ווייך, ווי וואקס, און זיס, ווי האָניק. — כ'וועל בלויז אייך באַגלייטן, ביזן אָפּיס...

זיך פאַרנויגנדיק קאַוואַלעריש, מיט איבערגעטריבענער דזשענטעלמענישקייט, פאַר מאַדאַם וויטא טארשיש, וואָס האָט באַגלייטנדיק צו אים געשמייכלט פון אויבן אַרונטער, האָט נייפעלד טומלדיק זיך מיט איר געזעגנט אויף אַלערליי שפּראַכן:

— צאַלויע ראָנטשקע... באָנזשור, מאַדאַם... לעהיטראָעט... אַדיאָס!... אַ רעווידעטשי! גודבאַי! אסטא לא וויסטא!

ער האָט פּיבערדיק געשטופּט די הענטשקעס אין איין מאַנטל־קעשענע, די צייטונגען — אין דער צווייטער, דעם זיידענעם שאַליק פאַרוואָרפן אַרום האַלדז אויף יענער זייט מאַנטל...

— און דיר — נאַדיר אַ פייג... — האָט ער, ווייזט אויס, זיך געפילט געטראָפן פון דעם, וואָס קאַרלין האָט די גאַנצע צייט מער געשוויגן, איידער גערעדט צו אים. פונקט ווי יענער וואָלט אין דער טיפעניש זיך פאַרט געוועזן געפילט אַ בעסערער, אַ רעכטפאַרטיקערער מענטש פאַר אים, נייפעלדן. — כ'וואָלט ביי דיר גענומען דיין צאַל־צעטל, ווייס איך דאָך אָבער אַז דו וועסט מיר ניט פאַרגינען די הנאה צו באַצאָלן פאַר דיר, ווייל דו ביסט דאָך אַ בעל־גאווה און אַ רשע...

— האָט ער נאָכאַנאַנד געשאָטן, שוין שטייענדיק אין דורכגאַנג צווישן די טישלעך. — איז האָב איך דיך טיף אין דער אדמה, און גודבאַי! מיר וועלן זיך די טעג צו אייך אַרויפכאַפּן... גוטן טאָג, מאַדאַם! וואַרט, חבר פריילין, אָט לויף איך שוין...

## 7

אויך קאַרלין האָט זיך שוין געוואָלט אויפהויבן. אָבער דאָ האָבן זיך זיינע אויגן צוזאַמענגעטראָפן מיט די צעטומלטע בליקן פון מאַדאַם טארשיש, וועלכע איז נאָך געבליבן זיצן אויפן אָרט.

זי האָט געהאַט איצט אַ ביסל אַן אַרונטערגעלאָזענע נאָז. אַ געפיל פון איידעלן פאַרדראָס האָט זי איצט אינגאַנצן דורכגעדרונגען, אַ פאַרדאַכט קעגן יענעם פראָסטן חי־וקים, קעגן דעם חבר פריילינכן. אמת, ער האָט פאַרשפּראָכן צו זען נאָכקומען איר פאַרלאַנג, דער

שריפטשטעלער טארשיש איז א צו־חשובער קולטור־טוער, מען קאן זיך מיט אים ניט איינרייסן. אבער חבר פריילַיכס באנעמונג איז צום סוף געווען אזא אומגעדולדיקע, זיין טאן אזוי שארף־אפגעהאקט, אזוי ניט קולטורעל... יא, עס האט איר געמוזט נעמען א שטיקל צייט ביז זי האט געקאנט קומען צו זיך פון יענעמס גראבקייט.

צוערשט האט זי געקוקט אויף קארלינען, ווי זי וואלט אים איינגאנצן ניט געקענט, ווי ער וואלט געווען עפּעס א דורכזיכטיקע זאך... אבער באלד האט ער באמערקט: אירע צוויי אויגן־שפּעלטעלעך פון אונטער לאנגלעכע, קינסטלעך־אויסגעפּוצטע ברעמען האבן דערמוטיקנדיק צו אים צוגעשמייכלט אריבער שוין עטוואס לויזע אויגנלעדלעך, וואס זיינען געווען, דוכט זיך, אונטערגעשמירט מיט מאסקארא.

— נו... און איר וואס מאכט, חבר קארלין? — האט זי מיט אויסגעשטודירטער מאיעסטעטישער מינע אויסגעצויגן צום טורבאן די פינגער פון צוויי האלב־אנטבלויזטע ברוינע ארעמס, ווי צוויי בויניקע שוואנען־העלדזער. — שוין א לאנגע פּעריאדע צייט איך ניט געזען...

קארלינען פלעגט עס תמיד אינערלעך שטארק אמוזירן א צוזאמענטרעף מיט אט דער עקזאטיש זיך־קליידנדיקער, געלאסן־זשעמטיקער דאמע פון א יאר 45. אט די דאמע איז אויף גוטע דריי פערטל באשטאנען פון פיין־איינגעשטודירטער טעאטראלער פּאזע, און איין פערטל — פון פּראסטער אידענע, כאטש זי האט געהייסן וויטא. אך, ווען ער וואלט נאר תמיד פארמאגט אין זיך דעם נויטיקן כוח זיך איינצוהאלטן, קארלין, און ניט שיר יעדן מאל אויפלאכן שטיפעריש ביים אנבליק פון דער בלעכענער שטייפקייט, מיט וועלכער מאדאם טארשיש פלעגט עס אדרעסירן אפילו די נאענטסטע באקאנטע אירע, דענקענדיק, אפנים, אז דאס קומט ביי איר ארויס זייער איינדרוקספול און אימפּאנירנדיק, און ווייעט אן אויף מענטשן די סודותפולקייט פון יענע ווייטע לענדער, וועלכע זי האט אין איר לעבן געהאט דורכגערייזט.

און פונדעסטוועגן — אין די אמאליקע יארן פלעגט עס קארלי־

נען זיין גאַנץ אָנגענעם זיך צו טרעפן מיט איר. איר טעאַטראַליש־אויסגעצויגן קול, ווי נאָר אויף צו שפּילן טראַגישע ראָלן, איז פּאַרט געווען מוזיקאַליש־קלינגענדיק, אירע שמועסן — פּאַרט געווירצטע אַזעלכע און פאַרכשופנדיקע, ווי זי וואָלט געווען אַ טאָכטער ניט פון דער וועלט.

— ווען מיר האָבן אַמאָל געוואוינט אין קאַלקוטאַ... צי, דוכט זיך, אין באָמבעי...

— ווען מיר האָבן זיך אַנומלטן געשיפט אויף דער בראַמאַ־פּוטראַ...

— ווען הער טאַרשיש און איך האָבן זיך איינמאָל אָפּגעשטעלט אין טאַהיטי...

— ווען אונזער שיף, וויסן זי, האָט איינמאָל געמאַכט איר אָפּ־שטעל ביים גוואַדאַלקוויוויר...

קאַרלינען פלעגט זיין אָרים ראָמאַנטיש האַרץ אויפציטערן דע־מאָלט ווי פון די באַצויבערנדיקע קלאַנגען פון האַרפעס און פאַר־צייטיקע טרעפּיסקאָרדן... ער פלעגט זיך דעמאָלט דערמאָנען — ווילנדיק! ווילנדיק! — אָן יענע יאָרן, ווען אויך ער איז אימשטאַנד געווען צו מאַכן נסיעות איבער ווייטע לענדער, כאָטש אפילו ניט מיט אַזעלכע דופּטיק־קלינגענדיקע נעמען — און כאָטש ער אַליין האָט עס שוין איצט קוים געגלויבט, אַז דאָס איז ער געווען טאַקע אָט יענער זאָרגלאָזער וואַנדערער.

יאָ, באַשטימט, קאַרלינען פלעגט אין די אַמאָליקע יאָרן גוט טאָן אַ באַגעגעניש מיט איר. און מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פלעגן טאַקע זייערע משפחות ניט זעלטן זיך קעגנזייטיק „אָפּשטאַטן וויזיטן". ווייל ס'וואָלט געווען אינגאַנצן צו־וואולגאַר און ניט אין סאַלאָן־סטיל ווען די טאַרשישעס אַרויסקומען אין אַ שטוב זיך אויסדריקן אַנדערש, ווי ווען אַן „אָפּגעשטאַטעטן וויזיט".

נאָר אַך... די דאָזיקע חשובע און וואויל־דערצויגענע דאַמע איז שוין גאָרניט געווען אַזאַ „טאָכטער ניט פון דער ערד", ווי איר עק־זאָטישע הלבשה און אָפּערע־דיקציע האָבן עס איינעם געדאַרפט מאַכן צו גלויבן. אוי־ווי, זי איז שוין גאָר שטאַרק געווען אַ טאָכטער פון דער ערד, דער זינדיקער — אויסגערעכנט ניכטער און ביז גאָר פּראַק־

טיש... ווען ביי די קאַרלינס האָט דער דלות אָנגעהויבן פּייפן דורכן קוימען — צוערשט פּיאַניסימאָ, דערנאָך פּאָרטיסימאָ — האָט אויך זי, אָט די־אָ בונט־פאַרביקע אָריענטאַלערין פון די בראָנקס, לאַנגזאַם און דיסקרעט זיך דערווייטערט פון דער קאַרלין־משפחה, ווי פון אַ מצורעים־הויז.

— יאָ, שוין טאַקע אַ היפּש־לאַנגע פּעריאָדע צייט איז פאַרלאָפן זינט אונדזער לעצטן צונויפטרעף, — איז קאַרלין אויך אַריינגעפאַלן אינם דעקלאַמאַציע־טאָן פון יענערס שפּראַך. ער האָט בלויז געהאָפט, אַז אים געלינגט כאָטש גוט צו מאַסקירן זיין שטיפערישן נאָכמאַכן איר.

— איז וואָס־זשע מאַכט עפּעס אייער הויזגעזינד, האַ? די מאַדאַם קאַרלין? די קינדער? — האָט קיין שום בייז ניט פאַרדעכטיקט אין קאַרלינס טאָן וויטאַ טאַרשיש, אַ שטאַרק־אויסגעפּוצטע, ווי זי וואָלט געהאַט אויף זיך אַ גאַנצן יאַפּאַנעזישן אַנטיק־געשעפט. — כ'האָב געהערט קלאַנגען, אַז אייער זון איז עפּעס... אַ חולה? קראַנק אויף אַ פּיסל? דאָס האָט מיך שטאַרק באַאומרואיקט!

— אויף די אויערן, — האָט קאַרלין אויסגעבעסערט. — אָבער, האָט ניט קיין זאָרג, טייערער פריינד, ס'איז דאָך שוין באַלד אַ יאָר אין דעם, ס'איז שוין לאַנג פאַריבער, אַ דאַנק אַלנפאַלס פאַרן נאָכפרעגן... אַגב, — האָט קאַרלין אַ סעקונדע געקוקט מיט אַן אָפּוועזנדיקן בליק אויף וויטאַ'ס לאַנגן אויערינגל, — דאָס איז גאָר געווען דאָס מיידעלע אונזערס, ליוסי...

— אַך אַזוי? אַ שאָד... כ'מיין, אַ שאָד וואָס כ'בין וועגן דעם זיינער צייט ניט געווען ווי געהעריק אינפאָרמירט... מיר וואָלטן אייך באַשטימט געווען אָפּגעשטאַט אַ באַזוך, הער טאַרשיש, און איך...

— יאָ, אַ שאָד טאַקע וואָס איר זייט ניט געווען ביי אונדז... ליוסעלע געדענקט אַלעמען וואָס קומען צו אונדז אַמאָל אַרויף.

— יאָ, אָבער איר האָט דאָך אַפילו דעמאָלט ניט געפונען פאַר נויטיק צו ציען אויף דעם אונדזער אויפמערק... — האָט אין איר קול זיך דערהערט אַן איידעלער פאָרוואורף.

— צו ציען אייער... וואָס? — איז קאַרלין אויף אַ מינוט באמת געפּלעפט געוואָרן.

— אונדזער אויפמערק, — האָט די מאַדאַם מיט דער זעלביקער געלאַסענער רואיקייט געענטפערט.

— איר מיינט, הלמאי מיר האָבן אייך ניט צוגעשיקט אַ... אַן איינלאַדונג צו דער געלעגנהייט פון דעם קינדס קראַנקהייט? — האָט קאַרלין נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך פון שטוינונג.

— כ'מיין... — האָט מאַדאַם טאַרשיש שוין אָנגעהויבן פילן זיך נאָך מער געקריוודעט. — צווישן גוטע פריינד, דוכט זיך, פירט זיך אַזוי, אַז מען שטעלט זיך אין פאַרבינדונג אין אַזאַ ערנסטן פאַל... מען קומט אין קאָנטאַקט... כ'מיין, מען ציט דעם אויפמערק... ניט אַזוי?

אָבער מער קאָן שוין אַפילו קאַרלין ניט אויסהאַלטן. עס טאַנצן זיך פאַנאַנדער אין זיינע אויגן אַ פּאָר ביסטרע גלאַנצלעך, שטיפערישע שדימלעך. ער שאַקירט באַלד שרעקלעך די מאַדאַם טאַרשיש, ער סקאַנדאַליזירט זי ממש מיט זיין ניט־העפלעכקייט, ווען ער לאַכט באַלד אויף שיר ניט היסטעריש:

— טאַקע? מען האָט ניט געצויגן? אוי, איך וועל עס ניט אויסהאַלטן... מאַדאַם! — הויבט ער זיך אויף, לייגט צו זיין האַנט צום שטערן און צו דער ברוסט, אויפן אָריענטאַלישן שטייגער, און נויגט זיך טיף פאַר אָט דער אויסגעפּוצטער פּאַגאָדאַ אויפן שטול אים אַנטקעגן. — איך פאַרזיכער אייך, מאַדאַם, אַז אַ צווייטן מאָל — באַהיט זאָלן מיר נאָר ווערן! — וועט עס שוין ניט פּאַסירן... איך וועל שוין פערזענלעך זען אַז מען זאָל אין „זיינער צייט" אַ צי טאָן, אייער חשובן אויפמערק... זייט'ס מיר און האָט'ס מיר!

ווען ער קערט זיך אום אַהיים אין די בראָנקס, געפינט ער נאָך די רעשטלעך פון דער קאַרגער הערבסטיקער זון, ווי גרויסע געלע לישאַיעס, אויף די פּעלזיקע בערגלעך פון סט. מערים פּאַרק, ניט ווייט פון זייער שטוב. דאָרט, ווייסט ער, טרעפט ער אין אָט דער צייט זיין פרוי. צוליב ליוסעלעס נאָכמיטאָגדיקן דרעמל, געפינט זי זיך מיטן קינדער־וועגעלע אין פּאַרק. דודל האָט ליב צו שפּילן זיך דווקא אין גאַס, מיט די שכנישע קינדער.

אז לינע דערזעט דעם מאַן פונדערווייטנס, לאָזט זי זיך מיטן וועגעלע באַרג־אַרונטער. קאַרלין בלייבט שטיין אונטן אויפן אַספאַלט־וועג מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, מיט פאַרריסענע בליקן — אָן לאָזט זיך אַרונטער פון באַרג זיין זוניק־באַלויכטן גליק, זיינע ב י י ד ע קינדער, — די מאַמע־קינד מיט איר אייגן קינד . . . אַ פּאָר מינוט אַזוי איז קאַרלין אינגאַנצן — אָנגעצויגנקייט, דערוואַרטונג, געשפּאַנט־קייט. צווישן די הויכע אַלטע אולם־ביימער, איבער די פלאַסטן אָנגע־שאָטענע הערבסטיקע בלעטער, ווערט דאָס וועגעלע אַביסל פאַר־האַלטן אין זיין יאָג באַרג־אַרונטער. לינע שמייכלט צו אים פונדער־ווייטנס, באַרואיקנדיק און רייצנדיק איינצייטיק — שמייכלט מיטן ווייבערשן שמייכל פון ב אַ ל ד, פון אָ ט ־ אָ ט, פון פאַמעלעכדיקער דערנעענטערונג...

ווען זי איז ענדלעך לעבן אים, גיט זי זיך אַ הויב־אויף אויף די שפּיץ־פינגער, שטעלט אים אונטער די באַק, ווי איר טבע איז. ער גיט איר אַ קוש. איר באַק איז דופטיק־קיל פונם הערבסטיקן דרויסן, און האָט דעם ריח פון אַ בינטל קאַלטע סוף־הערבסטיקע קאַלינעס.

אָבער פּלוצלונג ענדערט זיך קאַרלינס געזיכט. ער רופט זיך אָפּ צו איר ערנסט און חרטה־פול,

— דו ווייסט לינעלע... מיר זיינען אַנומלט באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה, זייער אַ גרויסע עוולה... כאָטש שוין לאַנג, מיט אַ יאָר צו־ריק.

זי קוקט אים אָן דערשראָקן. וואָס אַזוינס פּאַר אַ ניי אומגליק האָט שוין פּאַסירט דאָרט היינט מיטן מאַן אין גאַס?

— כ׳מיין קעגן איר, קעגן דער מאַדאַם טאַרשיש... מיר האָבן ביי איר אַנומלט ניט געצוויגן... דעם אויפמערק האָבן מיר ביי איר ניט געצוויגן...

— יאָ, כ׳פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט... — איר איידל דורכ־זיכטיק געזיכט, וואָס שפּיגלט תמיד געטריי אָפּ דעם מאַנס שטי־מונגען, ווערט צוריק אויסגעלייטערט. זי דערשפּירט אַז דאָ קומט באַלד עפּעס דעם מאַנס אַ שפּאַס.

— מיט אַ יאָר צוריק. געדענקסט? ווען ליוסי איז געווען קראַנק אויף די אויערלעך?

— טפו־טפו, ניט היינט גערדאַכט... נו, איז וואָס האָסטו זיך עפּעס איצט אָן דעם דערמאָנט?

— ווייל כ'האָב באַגעגנט די מיסעס טאַרשיש, האָט זי מיר אויסגעדריקט אַ שטאַרקן פאַראיבל הלמאי מיר האָבן דעמאָלט ביי איר ניט געצויגן דעם אויפמערק... ווייזט אויס, זי האָט געוואַרט מען זאָל איר צושיקן אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגן דעם קינדס קראַנק־הייט...

און דער לאַנגער קאַרלין פאַרנויגט זיך פייערלעך ערנסט פאַר זיין קליינער פרוי מיט דער רעכטער דלאָניע שטייף צוגעפּרעסט צום בויך, ברעכט ער איבער זיין פיגור אין אַ גלייכן ווינקל צו איר. ווען ער גלייכט זיך צוריק אויס, איז זיין פּנים זייער פייערלעך־ערנסט. מיט אַ פּאָמפּעזער און אָפּערע מעסיקער שטים „לייענט" ער פאָר:

— מיר האָבן דעם גרויסן כבוד צו ציען אייער חשובן אויפ־מערק צו דער אומגליקלעכער געשעעניש, וואָס איז ביי אונדז גע־שען...

און ביידע שיסן גלייך אַרויס אין אַ גרויסן געלעכטער. „טפו־טפו", שפּייט אָבער לינע באַלד אַבערגלויבעריש אויס. „איבער אַזעל־כע זאַכן טאָר מען זיך ניט וויצלען, כאַסע שולעם..." זי קאָן זיך פונדעסטוועגן ניט איינהאַלטן, און לאַכט פאַרשטיקטערהייט, טרויס־לענדיק די דינע פּלייצקעס. אויך ליוסעלע, וואָס איז אָקאָרשט אויפ־געשטאַנען, לאַכט מיט אין סימפּאַטיע־אויסדרוק. זי פּאַטשט מיט אירע ווינטיק־פאַררויטלטע הענטעלעך:

— פּאַפּאַ באַלד געקימען... געברענגען טשאָקאָלאַט...

איצט נעמט קאַרלין איבער דאָס פירן דאָס קינדער־וועגעלע. לעבעדיק, שפּאַן אין שפּאַן, לאָזט זיך די קאָמפּאַנדע מאַרשירן צו דער 130־טער גאַס. דאָרט געפינט זיך אַ גרויסער פּרוכט־מאַרק. מען קומט אַהין פון נאָענט און פון ווייט. לינע קלייבט בכיוון אויס אָט די צייט פון טאָג שוין נאָכן רעש פונם אַלגעמיינעם שטאָטישן איינ־קויף. איצט קאָן מען איינהאַנדלען די פּרוכט־רעשטלעך זייער וואָלוול. זי האָט זיך עס אויסגעלערנט פון די נעגערשע פרויען. ווי די שוואַר־צע ראָבן,קומען זיי אויך אַהין ערשט דעמאָלט, ווען די אמתע איינ־

קויפער, די ערשטקלאַסיקע ווייסע מענטשן, זיינען שוין פון לאַנג פאַרטיק געוואָרן. אָבער שוואַרצע, צי ווייסע — אויך קאַרלינס משפחה, פונקט ווי טויזנטער אַנדערע משפחות פון זייער גליכן אין ניו יאָרק זיינען שוין לאַנג ניט מער קיין ערשט־קלאַסיקע מענטשן.

8

ס'איז הערבסט. די בוימער אין די שטאָט־פּאַרקן, די בוימער אויף די בערג, טאָלן און פלאַכן אַרום דעם ריזן־כרך — זיי האָבן שוין לאַנג אָפּגעבליט, שוין אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די לאַסט פון צייטיקע פרוכט, שטייען שוין באַלד אַלע אינגאַנצן נאַקעט, ווי אין ווינטער, אַרונטערקוקנדיק טיף־פאַרטראַכט און ליריש־מעדיטאַטיוו צו די פאַרטריקנטע בלעטער־בערגלעך, וואָס שוימען זיך אַרום זייערע שטאַמען. אָבער ניט אַזוי — די שטאָטישע פרוכט־געשעפטן...

זיי האָבן זיך דווקא איצט פרעכטיק פאַנאַנדערגעבליט מיט זייערע סימעטריש־אויסגעלייגטע דרייעקן, ראָמבן און פאַראַלעל־גראַמען, צונויפגעשטעלט פון די פרוכטן פון אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק, פון צפון און דרום... פלאַמיקע אָראַנזשען און נאָך רויטיק־פלאַ־מיקערע פּאָמידאָרן; בלויע פלוימען, נאָך מיט אַן איידעלן לילאַ־הויך אויף זיי — און טיף־בורשטיניקע פלוימען; מעקאינטאָש־עפּל פון די צפונדיקע סעדער פון קאַנאַדע און אָרעגאָן, וואָס פאַרשמעקן אַזש די לופט מיט זייערע קילע זויבערע ריחות — און זיך רויטלענדיקע קאַליפאָרניער פערשקעס; בלייך־געלע גרייפּ־פרוכטן פון פלאָרידאַ — און פּיראַמידן גאַנצע העל־געלע ציטרינען; ריזיקע באַרן און קאַרטאָפליעס פון נעוואַדאַ און נעבראַסקאַ — און בורשטינענע און פּורפּורנע וויינטרויבן־הענגלעך, קיילעכדיק־גרויסע, שיר ניט ווי קליי־נע פלוימען, און לענגלעך־שמאָלע, ווי צעשמאָלצענע און פאַרגלי־ווערטע בורשטין־טראָפּנס; טיף־ווייניקע קרענבערים פון אַרום די אַדיראָנדעק־בערג און צאַרטע „יאַפּאָנעזישע פייגן" פונם ברעג פּאַ־ציפישן אָקעאַן... אַז ווער קאָן זיי אַלע אויסרעכענען, און וועמעס אויג קאָן עס ניט צעמישט ווערן פון אָט דעם ווילד־געשריי פון קאָ־לירן־פלעקן, פון פרעכטיקער פאַרב־מישונג?

איצט זיינען זיי נאָך דערצו ניט פאַרשטעלט פון צופיל קונים, אַט די פילע גרויסע פרוכט־געשעפטן, קוקן אויף זיי איז דעריבער זייער גרינג... אָבער לינע גייט זיי אַלע פאַרביי. „ווי פּענקניע...״ *) מורמלט זי בלויז אַרויס שטיל פאַר זיך, דער מאַן זאָל עס ניט דער־הערן. זי שנאַפּט אַ ווײַלע מיט דער נאָז, נישטערט מיט די אויגן. און שטעלט זיך ענדלעך אָפּ נעבן אַ פּושקאַרט אַ ביסל ווייטער פון דעם הויפּט־פרוכט־מאַרק, אויף אַ זייטיקער גאַס. אויפן דאָזיקן פּוש־קאַרט קופּקעט זיך אין אַ „ווינקל״ אַ לעצט בערגל איבערגעבליבענע פערשקעס...

— ק׳מאַן, מיסוס... ווינקט צו איר דער גריכישער פּעדלער מיטן געדיכט־געשטופּלטן פּנים. — פיר פונט פאַר אַ דאַים... עי גרעים מעציע...

און — ס׳איז ווירקלעך אַ מציאה: די פערשקעס זיינען היפּשע, דאָס רוב נאָך טאַקע גאַנצע, געל־צעפּלאַמטע, פאַררויטלטע; בלויז דאָ און דאָרט אַ פּאָר שוין אָנגעפוילטע... אפשר, ווען זי וואָלט זיך אַ גראָב געטאָן טיפער אַ ביסל אין דער דאָזיקער פּיראַמידעלע, וואָלט דאָס בילד זיך אינגאַנצן געענדערט... אָבער ס׳איז תמיד גלייכער אַז מען גראָבט זיך ניט צו טיף — דאָס איז לינע, דאָס איז איר ליכטיקער גלויבן.

— אַכט פונט פאַר פופצן סענט? — וויל לינע איבערראַשן דעם מאַן אירן מיט אירע האַנדלס־פייאיקייטן. אָבער קאַרלין האָט פיינט צו זען, ווי זיין ווייב דערנידעריקט זיך צוליב אַ פּעני. ער וואָלט געמאַכט שווערן אַז אָט די קושנירקע־מעטאַדן פּאַסן גאָר ווײַ־ניק צו איר צאַרט־זײַדענעם פּנים. געפינט ער אַן איינווענדונג:

— לינעלע... צוליב וואָס דאַרפסטו עס אַזוי פיל? דו זעסט דאָך, כ׳מיין, זיי זיינען שוין אַלע איבערצייטיק... אויפעסן אַזוי פיל וועלן מיר ניט קענען, האַלטן אַ פּאָר טעג טויג ניט. זיי וועלן זיכער צעפוילט ווערן... אמער נעם פיר פונט פאַר צען סענט, און פּטור!

— מיש זיך ניט, — קריגט איצט לינע תקיפות. די שטוב־באַלעבאַטישקייט — דאָס איז איר קעניגרייך, דאָ האָט זי אויטאָ־

---

*) ווי שיין (פויליש).

ריטעט. ווי אַ גרויסע געהיימעניש, זאָגט זי אַרויס שטילער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט דער גריכישער פּעדלער זאָל נאָך ניט פאַרשטיין קיין יידיש: איך גיי מאַכן קאָנפיטורן פאַרן ווינטער... נאַרעלע, און אַז איך קאָן עס ביי אים קריגן מיט פינף סענט וועלוועלער? — פאַרענדיקט זי שרעקלעך קאָנספּיראַטיוו.

— אַ גריק? — וויל זיך שוין קאַרלין אין אָט דער קאָמערץ־טראַנסאַקציע ניט מישן. אָנשטאָט דעם פאַרפירט ער אַ פריינטלעכן שמועס דירעקט מיטן פּעדלער. יענער האָט שוין דערוויל אין איי־לעניש אָנגעהויבן אָפּוועגן די סחורה. ס'איז שוין פאַרנאַכט. („אַכט פונט פאַר אַכטצן סענט"... אָבער לינע באַשטייט אַלץ אויף איר פּרייז). ער איילט זיך אָוועקפירן דאָס געבאַרגטע וועגעלע צוריק אין דעם פּושקאַרט־געשעפט אַריין. ער וואָלט שוין געוואָלט זיין אין דער היים... „אָ־קעי", גיט ער נאָך — „דזשוסט פאָר יו"...

— ניין, אַן אַרמענער, — ווערן דעם פּעדלערס אויגן פאַרדעכ־טיקט אָנגעשפּיצט. אַ מעגלעכער קאָנקורענט?... — מיסוס, נאָר ניט געקליבן... נעמט ווי עס גייט! ס'איז אַזוי אויך וואָלוול... יו טו אַרמיניאַן? *)

— ניין, — באַרואיקט אים קאַרלין. — אַ רוס, אַ רוסישער ייד... און דו — דאַשנאַ־קאַצוטיאַן **).

מיט אַ טראָך האָט דער אַרמעניער ראַפּטום איבערגעלאָזט די וואָג זיך באָמבלען אין דער לופט, זיך אַ לאָז געטאָן מיט אויפגע־הויבענע הענט גלייך אויף קאַרלינען, ניט אַנדערש ווי צום שלאָגן זיך...

— יו אַרמעניען! אַ דאַשנאַ־קאַצוטיאַן! — און ער האָט פּי־בערדיק־גיך אָנגעהויבן מאָלן אויף עפּעס אַ תרגום־לשון.

קאַרלין האָט זיך אָבער מיט אַ שמייכל גאָר פריינטלעך אָפּגע־פּאַכעט מיט די הענט. מער ווי אָט דאָס איינציקע וואָרט אויף אַר־מעניש האָט ער ווירקלעך ניט געוואוסט. סיידן אפשר — ראַכאַט־לאַקום?... ער איז גלייך אַריבער אויף רוסיש. רוסיש האָבן זיי

*) דו אויך אַן אַרמעניער?

**) אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמענישע פּאַרטיי אין אַלטן רוסלאַנד און טערקיי.

שוין ביידע איצט, ווייזט אויס, ניט געקענט אזוי וואַשנע. אָבער מען האָט זיך ווי עס איז פאַרשטאַנען.

לינע האָט בייז אָנגעקוקט דעם מאַן אירן, וואָס האָט איר גע־שטערט דאָס איינקויפן. „אָ־קעי, מיסוס״, האָט דער פּאָקיק־פּנימדי־קער פאַרשוין שוין אַ סך פריינטלעכער צוגעוואונקען לינען. „גוט, אַכט פונט פאַר זעכצן סענט... ווערי נייס מען...״ — האָט ער אַ טייטל געטאָן אויף קאַרלינען, — „מאַי לאַנדסמאַן...״

— פון סוכום! — האָבן צוויי שווארצע פינגער מיט שטאָלץ און שאַרף זיך געשטאָכן אין דער ברוסט אריין. — אויף קאַווקאַז געוועזן אַמאָל?

— דו — פון סוכום? — איז אויך קאַרלין נייגעריק געוואָרן.
— צי איך בין דאָרט געוועזן! צי איך קען אָט די אַלטע גריכישע שטאָט ביים שווארצן ים! ווי לעבעדיק עס שטייען פאַר מיר איצט די טונקל־שטאַלטנע קיפּאַריסן־בוימער אויף דעם בולוואַר, פאַזע דעם האַפן... די גריכן, די אבכאַזן, די בולגאַרן... איינמאָל — איז קאַרלין נאָך לעבעדיקער געוואָרן — האָב איך דאָרטן, אַ שטאַרק־פאַרלייזיקטער, פון אַ לאַנגער ים־רייזע אויפן שווארצן ים, אַ גאַנצן טאָג געזוכט אַ באָד, און פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט געפינען. אין דער גאַנצער שטאָט!... ס׳איז גראָד געווען אַ דאָנערשטאָג, און די שטאָטישע באָד איז געווען אָפן בלויז פרייטיק, שבת און זונטיק פרי... האָב איך אין אַ דראָזשקע אוועקגעיאָגט אויפן וואָקזאַל, ווייל דאָרט, האָט מען מיר געזאָגט, איז אויך דאָ אַ באָד. אָבער אַז איך בין ענדלעך אָנגעקומען אהין, האָב איך אויסגעפונען אַז די סטאַנציע־באָד איז פונקט דעמאָלט גראָד אין רעמאָנט... אַך, וואונ־דערלעכע צייטן, אַ וואונדערלעכע שטאָט!

דער אַרמעניער האָט שיר ניט אָנגעהויבן אזש שפּרינגען אין דער לופטן פון התלהבות. זיין געשטופּלטער פּנים, ווי פון רויען פלייש, באַדעקט מיט אַן אָנוואוקס פון טונקעלע שאַרפע הערלעך, האָט אָנגעהויבן פלאַמען. סוכום! דאשנאַקאַצוטיאַן!... „מיסוס!״ — האָט ער אַ גלי געטאָן מיט די אויגן אויף לינען — „דאַטס־אָל רייט, קאָנסט אויסקלייבן די בעסטע פערשקעס וואָס דו ווילסט, יאָר האָזבענד נייס מען, ווערי נייס מען!״... אָבער ווי אזוי קומט

איר קיין סוכום, מיסטער? געארבעט דארט? — האָט ער גלייכגילטיק אריינגעלייגט אין קעשענע דאָס ביסל קליינגעלט, וואָס לינע האָט אים געגעבן. אפילו ווי ניט געוואָלט אַ קוק געבן אויף דעם.

— אָ, אין דעם איז דאָ אַ גאַנצע מעשה... — האָט מכלומרשט פויל און אינדיפערענט קארלין אויסגעצויגן. — איינמאָל, פאַרנדיק אזוי איבערן מארע עאוקסינום — יו נאָו, דער שווארצער ים? — פון באַטום קיין טואפסע, האָב איך מיך דערוויילן אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער צייט אין סוכום... קיין געלט אויף ווייטער צו פאָרן האָב איך ניט געהאַט, האָב איך דערווייל געפונען דארט עפּעס צו ארבעטן...

— דו—אין טואפסע אויך געווען? — איז דער ארמענער ווי משוגע געוואָרן פון פרייד, זיין פּנים האָט זיך צונויפגעקנייטשט אין אזעלכע העוויות ווי ביי אַ צעטומלטער מאַלפּע: ס׳האָט אויסגעקוקט, ווי ער וועט דאָס אַלץ גאַרניט אויסהאַלטן... אין זיינע פעטע אויליקע אויגן האָבן באַלד אויפגעגלאַנצט רוצחישע מעסערלעך.

— דערציילסט מיר דעם אמת, לאַנדסמאַן, אָדער רייצסט זיך גאָר מיט מיר? . . .

און גלייך ווערט זיין צעקנייטשט פּנים וויינענדיק, ער ווענדט זיך צו לינען — אַן איידעלע פרוי וועט האָבן מיט אים איינזען, פארשטיין אַז מיט אזעלכע געפילן שפּילט מען זיך ניט...

— איך האָב דאָך אין טואפסע געהאַט אַמאָל אַן אייגענע קראָם, פינף יאָרעלעך דאָרט אוועקגעפּטרט ביז די באָלשעוויקעס האָבן מיר דאָס געשעפט קאַפּוט געמאַכט... טואפּסע! טואפּסע! — האָט ער בעריש אָנגעהויבן טאַנצן און דרייען מיט די היפּטן אויף איין־און־דעם זעלבן אָרט. — אַך, טואפּסע־טואפּסע־טואפּסע...

— מיסוס, טעיק דהיס, — האָט ער לינען צוגעוואָרפן אין שקאַרמויץ אַריין נאָך צוויי פולע הויפנס פערשקעס, פאַר גוטער מאָס.

— אָ, יאָר האָזבענד וואָנדערפול מען, ווערי וואָנדערפול מען! איך האָב ניט ליב אַמעריקע... — און ווידער צו קאַרלינען: „אַ שיינע שטאָט, האַ? פיינע דאַטשעס, האַ? דו — טאַקע געווען אין טואפּסע?

— האָט ער וויינענדיק־לאַכנדיק, ניט־גלויביק איבערגעחזרט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל.

— הערסט, צי איך בין געווען אין טואַפּסע! — ענטפערט אָפּ קאַרלין טעאַטראַליש־שטאָלץ, שיר ניט באַליידיקט אין זיינע בעסטע געפילן. — ניט נאָר די שטאָט, — נאָר אפילו די געגנט ארום שטאָט קאָן איך ווי מיינע אייגענע צען פינגער... — האָט ער פאַנאַנדערגע־שפּרייט די לאַנגע קנאָכיקע פינגער פון זיינע ביידע הענט, טאַקע נאָר ווי א לאַנדקאַרטע. — ס'דערמאָנט זיך א פאַרטאָג... אויף איין זייט, — דער ליכטיק־צעשטראַלטער בלענדנדיקער שוואַרצער ים, אויף וועלכן עס איז אַזש שווער צו קוקן... אויף דער צווייטער זייט — פעלזן־פּלאַסטן, באַוועלדערטע בערג... און דאַטשע־הייזער פאַר־שטעקט צווישן די הונדערט־יעריקע הויכע סאָסנעס, וואָס טרעטן צו שיר ניט ביזן סאַמע ברעג ים... און לבנה־נעכט אויפן וואַסער... און טשערקעסן אויף שיפלעך פּרוואַון אַריינשמוגלען קאָנטראַבאַנדע פון טערקישע שלופּקעס וווייט אין ים אַרויס...

ער וואָלט נאָך געקאָנט אַזוי דערציילן און דערציילן. אָבער צו וואָס טויג דאָ דער שוואַרצער ים, וואָס איז טויזנטער מיילן ווייט, אַז אויך אין די בראָנקס זעצט זיך שוין איצט די זון, און די לאַמטערנעס צינדן זיך אויף די נאָענטע בריקן איבערן האַרלעם־טייך. די לעצטע שקיעה־גלאַנצלעך אויפן הימל גליען ווי פאַרפרוירענערהייט, זאָגן אָן א קאַלטן טאָג אויפן מאָרגן. דעם אַרמעניערס טונקל־קופּערדיק פּנים, וואָס האָט אָקאָרשט אַזוי געגליט, הויבט זיך אויך אָן צו לעשן, א פּנים פון גרויסער עמאָציאָנעלער אויסגעשעפּטקייט.

—מיסוס, נאַ... — איז ער גרייט איצט צו ברענגען שוין א גאָר גרויסן קרבן. — קאָנסט קויפן דאָס גאַנצע רעשטל פערשקעס אויפן פּושקאַרט בלויז פאַר נאָך צען סענט... האָסט נאָך קיינמאָל אין לעבן אַזאַ מציאה ניט איינגעהאַנדלט!... יאָר האָזבענד וואָנ־דערפול מען... גוד־באַי, זעמליאַק.

אָנגעלאָדענע מיט גרויסע און קליינע פּאַפּיר־זעקלעך גאָלדן־רייפע און געררויטלטע פערשקעס, לאָזט זיך דאַן דאָס גליקלעכע פּאָרל שפּאַנען אַהיים. לינע איז צעפּלאַמט און צעיאָכמערט פון דער אומגע־ווינטלעכער מציאה, און זי קאָן פּשוט ניט אויפהערן רעדן, — זי וועט דאָך האָבן דערפון אָנגעפּרעגלט איינגעמאַכטס אפשר אויף א גאַנצן ווינטער... און קיין האַלבן דאָלער האָט דאָס גאַנצע נישט

געקאָסט! אויך אינם קינדער־וועגעלע, צופוסנס און צוקאָפּנס, האָבן געשטעקט גרויסע און קליינע שקאַרמוצן מיט פּערשקעס, גאַנצע און שוין האַלב־צעקוועטשטע. באמת, אַ גאַנצער סאָד!

און — ציי נאָר זי? אויך קאַרלין האָט זיך געפּילט גאָר דער־הויבן פון זיין דערפאָלג... ער האָט נאָך קיין איינציק מאָל אין לעבן ניט געהאַט פאַרדינט אַזוי פיל פון אַלע זיינע רייזעס, ווי דאָס מאָל, — יאָ, פון אַלע זיינע מאַרקאָ־פּאָלאָ רייזעס מיט יאָרן און יאָרן צו־ריק... נו אָט, ס׳איז דאָך פאָרט אמת, וואָס מען זאָגט: דאָס גליק קומט תמיד ניט־געריכטערהייט.

— מאַדאַם, — האָט ער זיך וואַזשנע צערעמאָניאַל און אַריס־טאָקראַטיש־חשוב פּלוצלונג געווענדט צו זיין שיינענדיקער קליינער פרוי. — גנעדיקע מאַדאַם... איינמאָל, ווייסט איר, ווען אונדזער שיף האָט זיך גראָד געהאַט אָפּגעשטעלט אינם האַפן פון טראַפּע־זאַנד, בעת מיר זיינען געווען אויפן וועג פון באַטום קיין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל... — און ביידע, שוועד־באַלאָדענע מיט איבערצייטיקע פרוכטן, האָבן זיך קונדסיש און הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט פון אָט דער פּאַראָדיע אויף מאַדאַם טאַרשיש, און דאָס קליינע ליוסעלע האָט זיי אויך מיטגעהאָלפן לאַכן.

9

איבער ניו יאָרק האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכן אַ גרויסער שניי־שטורעם.

מען האָט זיך אויף אַזוינס אַזוי פרי אין יאָר ניט געריכט, ניט געקאָנט ריכטן. ס׳איז דאָך ערשט נאָוועמבער־חודש, און נאָך פאַר טענקסגיווינג! אָבער ווער קאָן ווייסן אין ניו יאָרק וועלכער וועטער פאַלט אויס אין וועלכער צייט פון יאָר? פרילינג־וועטער, ווינטער־וועטער, הערבסט־וועטער — זיי פאַלן אַלע אויס דורך די ווינטער־חדשים צופעליק, זיי קומען צוגיין קאַפּריזנע, און טראָגן זיך אָפּ ניט געריכטערהייט, — קיינמאָל ניט, ווען מען דערוואַרט זיי... קאַר־לין געדענקט שוין גרויסע שנייען אפילו אין חודש מאַי, און זוניק־געבענטשטן פרילינג־וועטער — אינמיטן יאַנואַר.

איז דאָס אַלץ זייער גוט, אָט די אומגעריכטקייט איז זייער שיין, אָבער ניט פאַרן אָרעמען מענטשן. ער איז קיינמאָל דערצו ניט צוגעגרייט. האָט מען זיך פונקט מיט אַ וואָך צוריק גראָד איינגע־שאַפט אַ הערבסטיקן מאַנטל, טויג ער שוין ניט איצט פאַר דער פּלוצלונגדיקער קעלט. האָט מען זיך אָנגעשטרענגט און איינגעקויפט פאַר דער גאַנצער משפחה וואַרעמע אונטערוועש — איז דאָך אין דעם אומגעריכטן מיטן־ווינטערדיקן פרילינג־וועטער שווער און שעד־לעך זיי צו טראָגן... דער שלעכט־דערנערטער, אָפּגעשוואַכטער קערפּער האַלט אָט־די צו אָפטע טעמפּעראַטור־ענדערונגען ניט אויס, ברעכט צוזאַמען, פאַלט אַוועק. — ניין, אַ גאַנצע וועלט מיט מענטשן קאָן דער אויבערשטער ניט צופרידנשטעלן...

גוט איז כאָטש וואָס די קאַרלין־משפחה איז פון גוטן האָ־רעפּאַשנעם אָפּשטאַם, קומען אַרויס פון קרעפּקע לענדן, און האַלטן זיך אַלע גאַנץ פעסט אויף די פיס אפילו אין די שווערע צייטן. און אָט, איצט פאַלט שוין דער צווייטער טאָג אַ טרוקענער שטעכיקער שניי; עס שמייסט און עס קרוטשעט אַ זאַווערוכע. די פענצטער און די גזימסן זיינען פאַרוויִעט. עס טרייסלט און עס וואַרפט נאָכ־אַנאַנד. קאַרלין, וועלכער האָט זיך לעצטנס געמאַכט אַ טבע אַוועק־שטעלן זיך אַ שווייגנדיקער נעבן פענצטער, אַזוי פאַרחושט ווי ער וואָלט סיי־ווי דעם דרויסן גאָרניט געזען, האָט פאַרנאַכט־צו זיך שוין איינגאַנצן ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם פאַרשנייטן דרויסן. יאָרן און יאָרן, אַ היפּשן שטיק לעבן שוין, האָט ער אָפּגעלעבט אין ניו יאָרק, — אים דוכט זיך, אַז ביז היינט האָט ער נאָך קיין מאָל דאָ קיין אמתן ווינטער ניט געזען...

— אַן אמתער סימביר... — זאָגט לינע, וועלכע קען די מינד־סטע קעלט ניט אויסהאַלטן. זי טוליעט און וויקלט זיך אין עטלעכע זומערקליידלעך, אין אַן אַלטן סוועטער מיט דורכגעלעכערטע עלנ־בויגנס, וואָס איז שוין לאַנג צו קליין און צו קורץ אויף איר. — אַן אמתער סימביר... הערסט, אין אַמעריקע זאָלן זיין אַזעלכע פרעסט!

דודל האָט איר נעכטן פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש. ווען סע האָט ווי פּלוצלונג אויסגעבראָכן די זאַווערוכע, האָט זי אים אין גאַס ניט געקענט געפינען. ער איז גראָד געהאַט אַוועקגעגאַנגען מיט די

שכנימשע קינדער זיך ערגעץ שפּילן. פון דער הויך, פונם פינפטן שטאָק אַרונטער, איז לינען שווער געווען אויפן ייִנגל אַכטונג צו געבן, בפרט, אַז דאָס רוב האָט זי זיך געפונען מיט ליוסען אויפן צווייטן עק אומגעלומפּערטן אַפּאַרטמענט, נאָר ווייט פון גאַס. אַלע ווײַלע פלעגט זי אָבער צולויפן צו די פענצטער פונם פראָנט־רום. איינמאָל האָט זי שוין טאַקע דערזען דאָרטן דודלען נעבן גאַניק. אָבער וויפיל זי האָט ניט געשריען פונדערהויך, האָט איר שטים, ווייזט אויס, צום קינד ניט דערגרייכט. די זאָווייע האָט שוין געהאַט שטאַרק געוואָיעט, אַ ריזיקער טראָק האָט פּלוצלונג דורכגעדונערט, אַ טראַמווײַ איז אָנגעלאָפן מיט אַ קלינגערײַ, דאַן אַ צווייטער, אַ דריטער טראָק... ס׳איז געווען די פאַרנאַכט־שטונדע, ווען דער אויטאָמאָביל־פאַרקער אויף די דורכפאָר־עוועניוס ווערט געדיכטער, פאַרפּלאָנטערטער. בפרט, ווען דער שניי האָט שוין באַוויזן צו מאַכן די וועגן גליטשיקער, די מאַשינעס האָבן אָנגעהויבן „סקידן". די אויטאָמאָביל־סירענעס האָבן אויפגעהויבן אַ פּיפּערײַ און אַ טרומייטערײַ, האָבן מיט דעם געשטאָכן איינער דעם צווייטן ביז צום פאַרטויבט ווערן.

ערשט אין אַ האַלבער שעה אַרום איז לינען געלונגען, אַז דודל זאָל דערהערן איר קול. ער איז אַרויף אין שטוב אָן אָנגעטוענער אין אַ לייכט הערבסט־מאַנטעלע, וואָס די מוטער האָט געהאַט אײַבערגעניצעוועט פון אַ פּאָר טייערע גוטע פלאַנעלע הויזן דעם מאַנס, נאָך פון די אַמאָליקע גוטע צייטן. דאָס קינד זאָל זיך נאָר ניט האָבן פאַרקילט....

דערפאַר לאָזט זי שוין אים היינט אינגאַנצן ניט אַרויס פון שטוב. חוץ אין קיך, איז אין די איבעריקע צימערן קאַלט. ווי אַ קעצל, וואָס זוכט אַ ביסל וואַרעמקייט, רייבט זיך די קליינע ליוסי אָן די רערן פון די ראַדיאַטאָרס. אָבער באַהייצונג גיט מען איצט ווייניק. אינגאַנצן אַ שעה אינדערפרי און אַ שעה פאַרנאַכט. ווערליק דעם קליינעם דירה־געלט קען מען אייגנטלעך קיין טענות ניט האָבן. און בכלל, איז עס דאָך נאָך צו פרי אין יאָר, ס׳איז נאָך פאַרן 15טן נאָוועמבער... יאָ, לינע ווייס עס. אָבער וואָס ווייס אַ קינד?

מיטן הענטל פון אַ מעסער קלאַפּט דודל אין ראַדיאַטאָר, אין

די פּאַיפּס. פון אַן אַנדער שטאָק ענטפערט מען מיט אַן ענלעכן מעטאַלענעם קלאַפּן. מען ווייס שוין באַלד ניט פון וואַנען די קלעפּ קומען, פון אויבן צי פון אונטן, ווי דאָס וואָלטן זיך איבערגערופן אַרעסטאַנטן אין אַ תפיסה... אָבער — עס העלפט אַלץ ניט. דער קאַלטער מעטאַל פון דער צענטראַל־באַהייצונג ווערט ניט באַלעבט מיט דער מינדסטער וואַרעמקייט. דער „איידזשענט" באַווייזט זיך דאָ זעלטן, בלויז איין מאָל אַ חודש קאָלעקטירן דירה־געלט און דער דזשעניטאָר האָט זיינע שטרענגע פאַראָרדענונגען.

דערצו זיינען די צימערן אויסגעלייגט זייער אַלטמאָדיש, אַלע אין אַ גלייכער ליניע, איין צימער דירעקט נאָכן צווייטן, אַזוי פון גאַס ביזן הויף. אַז ס'בלאָזט אַ ווינט אין דרויסן, שטראָמט ער פריי דורך אַלע צימערן, אַ פענצטער דעמאָלט עפענען — זהר־והזהר! כאָטש סיי־ווי סיי די פענצטער, סיי די טירן עפענען זיך דאָ שווער און פאַרמאַכן זיך שלעכט. די טירן אין די אינעווייניקסטע צימערן קאָן מען אינגאַנצן ניט צולענען, סיידן מען פאַרהאַקט זיי מיט כוח, און מען פאַרוואַרפט פון אינעווייניק די קייטל פון דער קליאַמקע. אָבער דאָס קאָן מען טאָן ערשט ביינאַכט, ווען מען דאַרף ניט אַלע ווײַלע דורכגיין פון איין צימער אינם צווייטן אַריין.

און ביינאַכט שטאַרקט זיך ערשט די זאַווערוכע. די פינצטערניש אין דרויסן גיט איר צו דעם אמתן כוח, די אמתע רציחה. ס'איז ווי איצט וואָלט די זאַווערוכע ניט געהאַט פאַר וועמען צו מורא האָבן!... די פענצטער טרייסלען זיך ווי לעבעדיקע, די טירן ווילן זיך אָוועקרייסן פון זייערע קליאַמקעס און זאַוויעסקעס. ווייל ווען אפילו זיי זיינען שוין פאַרמאַכט, פאַרבלייבן נאָך אַלץ היפּשע שפּאַרונעס צווישן זיי און די לייסטן. די צוג־ווינטן פייפן און וויינען איצט ווי אויף אָבאָעס און קלאַרנעטן... ס'איז דאָך דער פינפטער שטאָק, אַנטקעגן איז אַ פּאַרק, אָפענע שטחים, און די ווינטן פליען און יאָגן.

און פונקט אַזוי פליען און יאָגן איצט די מחשבות אין קאַרלינס מוח.

דאָס פּאָרל שלאָפט אינם פאָדערשטן צימער, אינם פאַרלאָר, וואו ס'איז אַמקעלטסטן. ס'איז ווי מיט זייערע לייבער ווילן זיי שאַפן אַ באַריער פאַר די קליינע קינדערלעך וואָס שלאָפן אינם בעק־פאַר־

לאָר גלייך הינטער זיי. ס'דוכט זיך טאַטע־מאַמען, אַז אַהין דער־גרייכט שוין דער ווינט מיט ווייניקער רציחה. כאָטש קיין טיר צווישן אָט די ביידע צימערן איז ניטאָ. די ריזיקע עפענונג — צוויי־דריי טירן די ברייט — איז פאַרהאַנגען בלויז מיט אַ דינעם פאָרהאַנג, וואָס לינעלע האָט אַליין אויפגענייט פון אַ שטיקל סחורה, וועלכעס זי האָט פאַר אַ שבוע איינגעהאַנדלט אויף אַן אויקציאָן.

ס'איז אָבער נאַריש צו טראַכטן אַפילו וועגן אַרויסקלייבן זיך פון דאַנען. קיין וואָלוועלערע דירה וועלן זיי ניט קריגן, קיין טייערע קאָ־נען זיי ניט דינגען, קיין געלט אויף איבערקלייבן זיך איז ניטאָ, און דאָ קומט שוין אויך פאַר אַ חודש... חוץ דעם: די הילפלאָזע לענד־לאָרדס זיינען ענדלעך קליגער געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן באַ־שיצן קעגן די רשעותדיקע טענענטס, וואָס זעצן אַמאָל אָן אַ חודש־דירה־געלט, און פאַרשווינדן. די לענדלאָרדס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַרבאַנד, וואָס איז אַ מין „קלירינג־הויז". יעדער מענטש, וואָס וויל דינגען אַ נייע דירה, מוז באַזיצן אַ ריינעם רעקאָרד פון פריער!... ניין, קאַרלין, ס'איז פאַר דיר קיין אַנטרינונג ניטאָ. ליג דאָ איינגעליינט, אַזוי לאַנג ווי מען לאָזט דיך נאָר.

אָבער — ווי־זשע פאַרט? וואָס ווייטער? ער ווייס שוין ניט מער וואו ווייטער צו ווענדן זיך, וואָס ווייטער צו זוכן, ביי וואָס ווייטער צו פרובירן.... דוכט זיך — ער האָט שוין אַלץ, אַלץ אויסגעפרו־בירט? אָבער — האָט ער טאַקע שוין אַלץ אויסגעפרובירט? ניין, ער מוז שטאַרקער, קאָנצענטרירטער אַ טראַכט טאָן. געוויינלעך, קוועטשט ער דאָך פונם מידן געהירן פאַרט סוף־כל־סוף אויס עפעס אַ נייעם פלאַן, אַ נייעם פרואוו פון רעטונג...

ס'איז שוין אוודאי נאָך איינס איצט, די זאָרגן לאָזן אָבער אַלץ ניט איינצושלאָפן. ער ליגט אָבער שטיל, באַמיט זיך צומאָל ניט אַ ריר צו טאָן, באַמיט זיך אַפילו ווי ניט צו טראַכטן צו אינטענ־סיוו, פונקט ווי דאָס בלויזע טראַכטן צו שטאַרק וואָלט נאָך געקאָנט אויפוועקן לינען פון שלאָף... דאָס טאָר ער ניט טאָן, ווייל זי האָט נעבעך היינט אַ גאַנצן טאָג זיך גענוג אָנגעהאָרעוועט.

ביז סאַמע שפעט אין אָוונט האָט זי געהאַלטן אין פרעגלען דעם שפע איינגעהאַנדלטע פערשקעס. ביים פרעגלען זיך איז אַריין

אין זיי נאָך אַ גרעסערע מזל־ברכה, ווי ביים איינקויפן. שוין נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעקליבן די אונטערגעפוילטע באַזונדער, אויף אויפ־צועסן רוויערהייט, איז נאָך אַלץ געבליבן די והותר. סלאַי נאָך סלאַי, כלי נאָך כלי, האָט לינע אָנגעפילט מיטן גאַנץ־קאָנסערווירטן און צעברעקלטן פרוכט, מיט איינגעמאַכטס און מיט סאָק... ס'איז עפּעס נאָר ווי געשען אַ נס מיט דעם, פּונקט ווי ביים דעם נביא אלישע מיט דער שונמית, און מיטן קריגעלע אויל... אַז מען גיט אַ טראַכט: דאָס אַלץ, שוין צוזאַמען מיטן צוקער, האָט אינגאַנצן באַטראָפן עפּעס אַרום אַ דאָלער, קאָן מען ווירקלעך אָפּגעבן אַ שבח און אַ לויב דעם, וואָס אויבן איז, פאַר זיין טיפן געניאַד און גרויסע חסדים.

איצט ליגן זיי ביידע איינגעטוליעט איינער אינם צווייטן, לייב אין לייב, קני אין קני — זי ליגט צו אים מיטן רוקן — „ווי פלע־שעלעך". זי שלאָפט טיף און שטאַרק, דאָס קינד־ווייב זיינס. ער זאָל נאָר מיט זיין שלאָפלאָזיקייט, מיט אַן אומפאַרזיכטיקן ריר, זי ניט אויפוועקן... פלוצלונג ווערט אים אויפפאַלנדיק דאָס, וואָס מען הערט עפּעס אינגאַנצן ניט איר אָטעמען. וואָס קאָן דאָס זיין? ער הויבט זיך פאָרזיכטיק אויף אויפן קישן, זיין קאָפּ קוקט אַריבער אויף יענער זייט — און אין דער מינוט קערט זיך דאָס ווייב אום צו אים מיטן פּנים.

— לינעלע... דו שלאָפסט גאָר ניט?

— ניין, איך האָב שוין געהאַט איינגעשלאָפן... — פּילט ער אין איר גאַנצן־וואַכער שטים, אַז זי ליגנערט. — אָבער פלוצלונג האָט מיר אין שלאָף דורכגעבליצט אַ וואונדערלעכער איינפאַל, הערסט.. האָב איך מיך גלייך אויפגעכאַפּט...

זי פאַרוואַרפט וואַרעמע, דינע, נאָך אַלץ יונג־מיידלשע אָרעמס אַרום זיין האַלדז, שעפּטשעט אים אין די אויערן אַריין:

— אַ וואונדערלעכער פּלאַן, הערסט... כ'מיין, וועגן אונדז ביידן... ס'וועט זיך אָנהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין אונדזער לעבן... מירן האָבן פּרנסה בריוח.. הערסט, ס'וועט אונדז נאָך גוט זיין...

— אָ, לינעלע — האָט דער מאַן אויף איר שיר ניט פאַריבל, הלמאי זי נעמט איבער זיינע פונקציעס פון זאָרגן זיך. — דו הויבסט שוין אָן מיט דיינע פּלענער? אפילו אינמיטן דער נאַכט?

— נו, יאָ, און דו האַלטסט מיך דאָך אַלץ פאַר אַ קינד... מיינסט דאָך אַז דער גאַנצער שכל ליגט ביי דיר... כ׳קוק דיך אָן, עפּעס ביסטו גאָרניט קיין מאָדערנער מענטש... ווייסט ניט, אַז היינטיקע פּרויען...

די פינצטערניש ווישט אָפּ זיין שמייכל, אָבער ניט זיין וואַרעמען קוש אויף איר נאַקעטן אַקסל.

— קינד מיינס, ניט דאָס האָב איך געמיינט... אָבער הכלל, — ווערט פונדעסטוועגן דער העלדישער מאַנספּאַרשוין אויך ניי־געריק — וואָס איז אַזוינס דיין וואונדערלעכער פּלאַן, איבער וועלכן ס׳לוינט זיך אַזש אויפצוכאַפּן פון שלאָף אינמיטן דער נאַכט?

— כ׳האָב געטראַכט... הערסט, כ׳האָב טאַקע באַשלאָסן: מירן עפענען אַ באָרדינג־הויז.

ער בלייבט אָן לשון. אַ באָרדינג־הויז! לינעלע וועט זיך פּאָ־רען ביי פרעמדע מענטשן! קאָכן, וואַשן געפעס, צוראַמען פון פרעמ־דע!... אָבער דאָס, ווייס ער, איז קיין אַרגומענט ניט. מען דאַרף צוטראַכטן, עפּעס אַנדערש — — —

— אָבער לינעלע, וואָס רעדסטו, — אין אונדזער דירה? דאָס מעבל איז אַלט, צעבראָכן. די ברעטער פונם פּאָל זיינען צע־קרימט... אויף פרעמדע מענטשן וועט עס קיין גוטן איינדרוק ניט מאַכן...

— אָ, פאַר אַ פּופּציק דאָלער קען מען אונדזער גאַנצע שטוב באַנייען!... אַזאַ קליינע סומע וועלן מיר נאָך באַשטימט ערגעץ קאָ־נען באָרגן...

— ווייסט דאָך, אַז מיר האָבן זיך שוין אומעטום אָנגעבאָרגט, — איז זיין קול האָפענונגסלאָז־רעזיגנירט.

— אין מאָרים־פּלאַן... — פליסטערט זי אים אָט די צוויי ווער־טער זים אין אויער אַריין, ווי די זיסטע צערטלעכקייט. — נאַרעלע, אַלע לייען דאָרט!

— אָבער אויף וואָס קוקנדיק וועט מען אונדז לייען? — ווערט ער שוין אומגעדולדיק. — „אַלע״! קינד וואָס דו ביסט... אין מאָרים־פּלאַן קאָן מען באָרגן געלט בלויז אויף אַ זיכערער הכנסה... אַז מען האָט אַ שטעלע אָדער אַן אַרבעטס־פּלאַץ...

— אויף אַ ביזנעם ליט מען אויך... — עקשנט זי זיך ווײ־טער.

— אָבער מיר האָבן דאָך ניט קיין ביזנעס! — לאַכט ער זיך שוין פאַנאַנדער. — אָ, קינד, קינדעלע... פליסט! און אמתער מנחם־מענדעלע...

ווער ווייסט, וואָס זי וואָלט אים אויף דעם געווען געענטפערט, נאָר פון שכנותדיקן צימער האָט פּלוצלונג דודל אָנגעהויבן העשען פון שלאָף, ווי ער וואָלט געהאַט עפּעס אַ בייזן חלום. „א־א־א, קינ־דעניו...” האָט לינע אָנגעהויבן אימיטירן דעם מאַנאָטאָן פון דעם קינד־איינוויגן. זי האָט גלייך אַוועקגעכאַפּט אירע אָרעמס פון קאַר־לינס האַלדז — איצט האָט שוין דער מאַן פאַר איר ניט עקזיסטירט. קאַרלין האָט דערפילט, דערהערט דעם פאַרשנעלערטן האַרץ־קלאַפּן אירם. פאַרן שלאָפן גיין איז דודל געווען טאַקע עפּעס אומרואיק, האָט געוויינט. לינע האָט אָבער מורא געהאַט צו נעמען דעם קינדס טעמפּעראַטור. מיט איר קינדערשן כאַראַקטער האָט זי זיך ווי גע־שראָקן תמיד פאַרן טערמאָמעטער, פונקט ווי אין אים אַליין — אינם פיצינקן אינסטרומענט, די מיטן זילבערן שלענגעלע אינע־ווייניק — וואָלט זיך עס געווען געפונען דער אָנהויב פון דער חלאת... הויבט זיך שוין איצט עפּעס ווידער ניט אָן? אָ, ווען זי וואָלט אים געווען נעכטן ארויפגענומען אין שטוב אין צייט! זי האָט זיך שוין אַ גאַנצן טאָג אויסגעגעסן דאָס האַרץ איבער דעם. אָבער דודל איז באַלד גלייך ווידער אַנטשטילט געוואָרן.

ווידער קערט זי זיך אום צום מאַן, פאַרוואַרפט אירע אָרעמס אַרום האַלדז זיינעם, אָבער ער פילט: איצט איז זי שוין ניט מער אינגאַנצן מיט אים. דאָס קינד? אָדער — דאָס קאַלטע שעפּל וואַ־סער, מיט וועלכן דער מאַן אירער גיט תמיד אַ פליאַך אויף אַלע אירע ענטוזיאַסטישע פּלענער, וואָס זיינען, דוכט זיך, אַזוי גרינג דורכצופירן, ביז דער מאַן קומט תמיד מיט זיינע קאַלטע חשבונות? ער פּרובירט זי איבערבעטן:

— חוץ אַלעמען, ווער וועט עס קריכן צו אונדז גאַנצע פינף שטאָק ארויף? ווייסט דאָך, באַרדערס זיינען געוויינלעך שוואַכערע מיטליאָריקע מענטשן... אַלטע בחורים, פאַרזעסענע מיידלעך... אַ

קרענקלעכע ראסע! ניין, מאמעלע, אין אזא אלטער דירה, ווי אונד־זערע, קאן מען ניט נעמען מענטשן אויף באָרד, אפילו ניט מיט אזא וואונדערלעכער קעכין, ווי דו ביסט...

איידער ליגע דערפילט נאָך דעם ריכטיקן טעם פון דעם מאַנס לעצטע ווערטער — א קאָמפּלימענט טאקע, אָדער גאָר א מילדער קיבעץ אויף אירע קולינארנע פעאיקייטן? — צעטאַנצט זיך פּלוצ־לונג די טיר פון דער ריזיקער אַלטמאָדישער שאפע אינם קינדער־צימער. די אפּאַרטמענט־שאַפעס דאָ זיינען ניט קיין איינגעמויערטע אין די ווענט, נאָר צוגעשטעלטע אין די ווענט, אומגעלומפּערטע, הילצערנע. פּונקט, ווי די שופליאָדן זייערע עפענען זיך בלויז מיט די גרעסטע שוועריקייטן, קאפּריזעווען אונטער, און פאַרהאַקן זיך אָפּט־מאָל אויף וואָכן גאַנצע, — אַזוי מאַכן זיך די טירן זייערע אויך ניט צו. דער ווינט טרייסלט איצט מיט זיי, שאָקלט, קלאַפּט, וואַרפט אַן אַן אומהיימלעכקייט אין דער נאַכט. וויפיל מאָל האָבן זיי זיך שוין געקריגט מיטן „איידזשענט", ער זאָל די שאַפעס און טירן פאַרריכטן! אָבער וויבאַלד, זיי זיינען תמיד הינטערשטעליק מיטן דירה־געלט, מוזן זיי ליגן איינגעליינגט.

דאָס קלאַפּן פון די טיר־שאַפעס, ווי פון ריזיקע פליגלען, פּילט אַן די מוטער מיט שרעק פאַר די שלאָפנדיקע קינדער, פּונקט ווי עס וואָלטן זיך איצט אין שטוב געפונען אַזעלכע אומגעזעענע באַ־שעפענישן... אָט, האָט דודל זיך ווידער אָנגעהויבן וואַרפן אין שלאָף, אָנגעהויבן הוסטן. ליגע שפּרינגט גלייך אַרויס פון בעט. „טו אָן די שטעקשיך, וועסט זיך נאָך חלילה פאַרקילן"... בעט זיך דער מאַן ביי איר. ער ווייסט אַז זיין אַרויסגיין פון בעט וועט דאָ גאָרניט העלפן. אַז ס'קומט צו אַ קינדס קראַנקהייט, טרויט זי שוין נישט קיינעם, פאַרלאָזט זיך ניט אפילו אויפן מאַן. אַ באָרוועסע, אין לאַנגן נאַכט־העמד, פלאַטערט זי אַריין אויף יענער זייט פוירהאַנג. „עס הויבט זיך עפּעס ווידער אָן"... אַליין פיבערנדיק, לייגט זי צו די ליפּן, די האַנט, צום קינדס שטערן, בעקעלעך. „ווער ווייס וואָס שוין ווידער... ווי לאַנג איז עס אַז מען האָט אים אַרויסגענומען ערשט די מאַנדלען? דער דאָקטער, וואָס האָט אים דעמאָלט אָפּערירט, האָט געזאָגט, אַז פון שלעכטע מאַנדלען גייט עס דאָס רוב אַריבער צו די

אויערן אויך... אָבער, שאַ, די דאָקטוירים זאָגן דאָך אויך, אַז דודל פאַרקילט זיך דעריבער אַזוי גרינג, ווייל מען שפּייזט אים ניט גע־נוג און ניט נאַרהאַפּטיק... אוי, מען זאָל עס נאָר קאָנען פאַרכאַפּן אין צייט!"

אָבער וואָס קאָן מען טאָן אין מיטן דער נאַכט? איינגעבן אים עפּעס פון דער „ברוינער מיקסטורע", צום הוסט? אָבער ער איז שוין ווידער איינגעשלאָפן. אַ שאָד אים אויפצואוועקן... „וואַסער", מורמלט דאָס קינד באַלד אַרויס. דעמאָלט שפּרינגט שוין קאַרלין אויך אַרויס פון בעט, לאָזט זיך אין קיך אַריין. מען דאַרף ווידער אָפּטשעפּען די קליאַמקעס פון אַלע טירן, די אויפגעעפנטע טירן טראַכען, דער צוג־ווינט בלאָזט שטאַרקער, דער נאַקעטער פאָל אונ־טערן באָרוועסן פוס איז קאַלט ווי אייז. אַז קאַרלין קומט צוריק מיטן גלאָז וואַסער, טרעפט ער דאָס קליינע ווייב אינם לאַנגן שלאָפהעמד איבערגעבויגן איבערן קינדס געלעגער, פּונקט ווי זי וואָלט מיטן אייגענעם ווארעמען לייב געוואָלט באַשיצן דאָס קינד פון אַלדאָס שלעכטס...

— לינעלע, זע, וועסט נאָך חלילה אַליין קראַנק ווערן... טו כאָטש עפּעס אויף זיך אָן... זע, ווי נאָר עפּעס, דערשרעקסטו זיך... ס'וועט חלילה דעם קינד גאָרניט זיין..."

אָבער זי הערט סיי ווי מער ניט דעם מאַן. „ער האָט היץ", מורמלט זי, „ווידער היץ..." און אַז זי ליגט זיך אין אַ ווײַלע אַרום צוריק אין בעט אַריין, דרייט זי זיך שוין אויס צום מאַן מיטן רוקן, און ווען ער פּרוּווט זי אַרומנעמען, ענטפערט איר קיל־גע־וואָרענער קערפּער מער ניט אָפּ, זי בלייבט גלייכגילטיק און ווייט, פילט שוין מער אינגאַנצן ניט דעם מאַן נעבן זיך — — — — —

## 10

קאַרלין האָט פאַרלאָזט די שטוב גאַנץ פרי. ער האָט געהאַט אַן אַפּאָינטמענט אין ברוקלין, אויף מעקגיבען סטריט, מיט עפּעס אַ הער פון איינער אַ טשיקאַווער אָרגאַניזאַציע, וועמעס נאָמען האָט זיך צו יענער צייט ערשט אָנגעהויבן באַווייזן אין דער עפנטלעכקייט,

אויף די שפּאַלטן פון די צייטונגען — „וואָרק־רעליף" האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע געהייסן.

קאַרלין האָט געהאַט אַהין רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואָס עס האָט איר מיטגעגעבן די מיס סיגל פון דער אַרבעטס־ביוראָ ביי דער דזשואיש ווימענס קאָנסיל. אויב נישט לינע, איז אפשר וועט ער אַליין געהאָלפן ווערן דורך דער דאָזיקער מיס?

ווייל מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער דערהאַלטן אַ בריוו פון דער מיס סיגל, אַז ער זאָל קומען צוגיין. ווען ער איז געקומען, האָט זי אים אויפגענומען אומגעהויער פריינטלעך, שיר ניט ווי אַ לייבלעכע קרובה. אַ קליינע, אַ שוואַרץ־חנוודיקע, האָט זי מיט זשוואַווע באַוועגונגען גיך אָפּגעפּטרט די עטלעכע אַפּליקאַנטקעס, וועלכע קאַרלין האָט שוין געהאַט געטראָפן אינם געראַוימען וואַרט־צימער.

ער איז דאָ געווען דער איינציקער מאַנסביל, און אַ געפּיל פון בושה האָט אים צוערשט אַרומגעכאַפּט... אָבער מיס סיגל האָט גלייך געזען צו מאַכן אים פילן גוט. זי האָט אים מיט קליינע מיידלשע הענטלעך באַזעצט אין אַ גרויסן לעדערנעם פאָטעל אין איר קאַבי־נעט, און אַליין האָט זי זיך געזעצט אים אַנטקעגן אויפן האַרטן הילצערנעם שטול פּונקט ווי זי וואָלט דאָ געווען די טובה־בעטערין, און ער — דער האַר פון דער לאַגע...

קאַרלינען, וועלכער איז נאָך אין זיין לעבנלאַנג אין אַזאַ אינ־סטיטוציע ניט געווען, האָט אויך געקלאַפּט דאָס האַרץ. ס'איז אים געווען, ווי ער וואָלט דאָ דערשינען פאַר אַ געריכט. כאָטש דאָס צימערל איז געווען גאַנץ אינטים צוגעקליבן, אויף די ווענט אַ פּאָר בילדער — אַ קופּער־שטיך פון אַלט־ניו־יאָרק, אַ צוויי פּישערלייט־אַקוואַרעלן פון גלאָסטער. אָבער — אין וואָס פאַר אַ פאַרברעכן וועט מען אים דאָ באַלד באַשולדיקן?...

— יאָ, אייער פרוי האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן אייך... — האָט די קליינינקע ריכטערין מיטן חנוודיקן שמייכל און וואַרעמער שטים אים באַלד באַרואיקט. — איר ווייסט, ס'איז געווען זייער רירנדיק... כ'מיין, ווי אייער פרוי האָט עס דעמאָלט געוואָלט קריגן די שטעלע אין שפּיטאָל... כ'האָב געלאַכט און געוויינט צו דער זעל־בער צייט... — האָט אין איר הענטל אַ פּלאַטער געטאָן אַ נעט־

צוגעפגעליגט נאָזטיכעלע, פּונקט ווי זי וואָלט איצט אויך זיך באַלד געקליבן פאַנאַנדערוויינען. — איר פאַרשטייט, מיסטער קארלין, ווען כ׳האָב אייער פרוי אהין געשיקט, האָב איך אַליין געווי ניט געוואוסט דעם כאראַקטער פון דעם דזשאַב דאָרטן...

ווייל ווען לינע איז דעמאָלט געקומען אין שפּיטאָל, האָט זיך ארויסגעוויזן אַז די ארבעט איז אַן אויסערסט־שווערע, און פאָדערט אַ סך וואָגיקערע פיזישע קוואַליפיקאַציעס, ווי לינעס. פון מים סיגלס ווערטער — ליבלעכע, צוגעלאָזענע, ווי שולדיקע און זיך־אַנטשול־דיקנדיקע — האָט קארלין זיך דערוואוסט אַז צווישן דער שפּיטאָל־אויפזעערין און לינען איז דעמאָלט פאָרגעקומען אומגעפער אַזאַ מין שמועס:

— אָבער מיין טייערע, דער דאָזיקער דזשאַב איז אין קיין פאַל ניט פאַר אייך... — האָט די זעקספוסיקע מאַטראָנע, מיטן אויסזען פון אַ ווייבערשער פּאָליציי־אינספּעקטאָרשע, באַטראַכט דאָס מיידל מיטן צאַרטן און איידעלן פּנים׳ל, וואָס איז געשטאַנען אַזוי נעבעכ־דיק פאַר איר. — איך זע, איר מוזט שטאַמען פון אַ פיינער משפחה, איר האָט אויסגעצייכנטע רעפערענסעס... אָבער — די אַרבעט ביי אונדז וועט זיין ניט פאַר אייערע כוחות... איר זיינט דאָך מסתמא ערשט פון האַי־סקול אַרויס — וואָס־זשע איז אויף אייך די איי־לעניש ?

— אָ, ניין מאַדאַם, — האָט לינע אַ קוויטש געטאָן שיר ניט היסטעריש, אוים מורא אַז אָט גליטשט זיך דער דזשאַב אַוועק פון איר. — וואָס פאַר אַ היי־סקול מיידל! שוין אַ מוטער פון צוויי קינדערלעך זאָלן לעבן און געזונט זיין...

די וואוקסיקע מאַנסבילש־אויסקוקנדיקע מאַטראָנע האָט אַזש דאָס מויל פאַנאַנדערגעעפנט.

— אַ מוטער ? — האָט זי מיט פאַרדאַכט אָפּגעמאָסטן די יונג־מיידלשע פיגור. — און וואו איז אייער... אייער חתונה־רינגל ? פאַרוואָס אַרבעט ניט אייער מאַן ? און פאַרוואָס...

די שטרענגע שפּיטאָל־אויפזעערין איז ביי זיך שוין געווען זי־כער, אַז דאָס האָט זי צו טאָן מיט אַ פאַראומגליקלעכטער מיידל־מוטער, וועמען עפּעס אַ הולטאַי האָט איבערגעלאָזט אַ ווייסטע עגונה

מיט צוויי פּיצלעך קינדער, — בעת אַליין איז זי נאָך כמעט אַ קינד... דאָס איז דאָך אַ קעים פאַרן פּראָבעישאָן-געריכט!

פון גרויס עגמת-נפש האָט זיך לינע אַזש געקאָרטשעט און גע־קנייטשט, האָט שיר ניט צעריבן דאָס פּיצינקע קיילעכל פון אַ נאָז־טיכל אין אירע פאַרצווייפלטע הענט. אָך, ווי איז עס איר גאָר ניט איינגעפאַלן אַזאַ איינפאַכע זאַך, ווי אָנצוטאָן דאָס חתונה-רינגעלע! כאָטש ווער ווייס, וואו עס וואַלגערט זיך ערגעץ ביי איר... ביים וואַשן דאָס געפעס, ביים פּוצן די דילן, פלעגט דאָס רינגעלע איר תמיד זיין אין וועג, האָט זי עס איינמאָל אַרונטערגענומען, פאַרלייגט ער־געץ, און שוין מער אין די אויגן ניט אָנגעקוקט.

— גוט, מיר וועלן זען... — האָט די אויפזעערין צום סוף אַרויסגעדונערט. — איך וועל מיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט דעם דזשואיש ווימענס קאָנסיל...

זי האָט זיך גלייך אויפגעהויבן און אַ טורעם געטאָן איבער דער דערשלאָגן-שמייכלענדיקער לינע, — אַ שטרענגע, אַ בייזע, אַ נקמה־זוכנדיקע מינערוואַ... דער פּרובטלאָזער אינטערוויו האָט זיך, הייסט עס, געענדיקט. און לינע האָט שוין דעריבער נאָכדעם פאַר דעם מאַן געמוזט אויסטראַכטן אַ גאַנצע מעשה...

אָבער ניין, ניט פּרובטלאָז! מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט טאַקע די מיס סיגל צוגעשיקט קאַרלינען אַ בריוו. און נאָכן קורצן שמועס מיט אים, ווען די קליינוואוקסיקע אָבער געניטע „סאָשל וואָרקערין" האָט זיך איבערצייגט אין דעם הער קאַרלינס בעסטע כוונות, אויסגעצייכנטע קוואַליפיקאַציעס און געטרייער באַציאונג צו זיין משפּחה, האָט זי שוין דאָס מאָל אים אַליין געגעבן אַ רעקאָ־מענדאַציע-בריוו צום „וואָרק-רעליעף".

— גוד באַי, מר. קאַרלין... — איז איר וואָרעמער שמייכל אַליין שוין געווען אַ גוטע באַלוינונג. — איך האָף, אַז אייך וועט עס בעסער אָפּגליקן...

איז דערפאַר היינט אינדערפרי קאַרלין טאַקע אויפגעשטאַנען אַ דורכגענומענער מיט אַ צווייענדיקן פּיבער — אַ פּיבער פון דער־וואַרטונג, און אַ פּיבער פון אומרו צוליבן קינדס קראַנקהייט.

ס'האָט זיך סאַמע אינדערפרי אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קינד האָט

הונדערט און דריי, קאַרלין האָט פונדעסטוועגן געמאַכט דעם געווינלעכן אָנשטעל פון קאַלטבלוטיקייט:

„אייסיך... האָסט דאָך שוין געהאַט געגנוג דערפאַרונג מיטן חברה־מאַן... און תמיד לאָזט זיך עס אויס אַן אומזיסטער איבערשרעק... מסתמא אַ שטיקל פאַרקילונג...” אָבער אינעווייניק טיאַכקעט אים שוין אויך דאָס האַרץ.

לינע פלאַטערט אַרום דעם קינדס בעטל, ווי אַ דערשראָקענער פויגל. זי פאַרלירט זיך גלייך, ווען זי זעט דעם יינגלס באַקן פלאַמען, וויים ניט צו וואָס זיך צו ערשט צו כאַפּן. אויסשפּריצן? אויסשווענקען? מאַכן אַ קאַנע? אַ צעטומלטע פאַרבייט זי דעם באָריקעסיד אויפן סאָדיום ביקאַרבאָנאַט — אָבער דאָס איז נאָך ניט דאָס ערגסטע... ווייל קיין ערנסטע מעדיצינען זיינען נאָך דערווייל נישטאָ.

„מען וואָלט געדאַרפט שיקן נאָכן דאָקטער”, בליצט דורך אַ געדאַנק. אָבער מיט איין קלאַפּ אויסגעבן דריי דאָלער, איז ניט פאַר זייער קעשענע. בפרט, אַז ס'האָט זיך שוין אַ פּאָר מאָל אַרויסגעוויזן אַז אָן דעם דאָקטערס באַזוך ווערט דאָס קראַנקע קינד אויך געזונט.

קאַרלין ליידיקט פונדעסטוועגן אויס פון אַלע קעשענעס דאָס גאַנצע קליינגעלט, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרוואַלגערט. אפילו אַ צוויי צעקנייטשטע דאָלאַר־בילס, האָבן זיך דאָרט אויך געפונען. נו, אַ גוטן טאָג. אַלץ וועט זיכער זיין גוט, ווען ער וועט קומען צוריק... ער איילט זיך, ער לויפט, ער מוז דאָך זיין אין ברוקלין ניט אַ מינוט שפּעטער פון צען־נאָך־צען... און עס איז שוין האַלב נאָך אַכט! ווי נאָר ער וועט פאַרטיק ווערן, פליט ער גלייך צוריק אַהיים. גוד־באַי, גאָלדן יינגעלע...

דורך די פענצטער — אַ ווייטע ווינטער־פרימאָרגנדיקע ליכטיקייט אין מיטן הערבסט. אָבער ביז זי דערגרייכט דעם קינדער־צימער, ווערט זי שוין כמורנע, פאַרנאַכטלעך. אַריבערפירן דאָס בעטל מיטן קראַנקן קינד אין פראָנט־רום — איז דאָרט צו־קאַלט. לינע טוט אויף גיך אַן ליוסין, כאַפּט זי צו פון דעם קראַנקן קינדס אָנוועזנהייט, זאָל זי זיך שפּילן אין קיך, חלילה ניט אָנשטעקן.

די מוטער נעמט ברייט פאַנאַנדער דעם פוירהאַנג, וואָס טיילט אָפּ דיביידע צימערן. פון דער אויבערשטער שוועל פון דער ניט־עקזיסטירנדיקער טיר צווישן ביידע צימערן הענגט אַרונטער אַ בלו־מען־שיפעלע פון געפאַרבטער סאַליווע מיט קינסטלעכע בלומען אין דעם (25סענט אין אַ וואולוואָרט־געשעפט). דעם קראַנקן קינדס אויגן ווערן אויפגעלעבט ביים אָנבליק פונם דאָזיקן שיפעלע, אַ ווייסער ליכט־שטראַל פון די גאַסנפענצטער טאַנצט דאָרט אַרום.

אין בעק־פאַרלאָר ווערט דעמאָלט ליכטיקער. עס דערזעען זיך אויף די ווענט איבער ביידע קינדער־בעטלעך, די באַקאַנטע וואָלוועלע גאָבעלענען מיט די סטעראָטיפּ־סצענעס פון אַן אָאַזיס אין דער מדבר. פאַרנאַכט. זון־פאַרגאַנג. טייטל־פּאַלמעס. מידע, פאַרטראַכטע קעמלען. אַ וואַסערל. אַ פרום־גלויביקער מוסולמאַן אין ווייסן קיטל און טור־באַן קניט אינם פאַרנאַכט צו אַללאַ. אַ פאַטימאַ, היפּש יינגער פון אים און אויך געקליידט אין ווייסן, וואַרט אויף אים אינם לייוונ־טענעם געצעלט פון הינטן... ביידע גאָבעלענען, — איינס און דאָס זעלבע. פּרייז: 50 סענט אַ שטיק ביי אַ גריכישן פעדלער, וואָס פאַר־שטעלט זיך פאַר אַן אַראַבער.

דודלס ליכטיקער קאָפּ דרייט זיך אומרואיק אויפן קישעלע. ער דרייט זיך נאָכאַנאַנד פון זייט אויף זייט. מיט ברענענדיקע אויגן קוקט ער פאַרדעכטיק נאָך דער מוטער, אירע פאָרברייטונגען, איר מינדסטן שריט.

— מאַמע, — באַקלאָגט ער זיך — טוטי וויי...

לינע וויים: דודל איז ניט אַזאַ מין קינד, וואָס האָט זיך גלאַט ליב צו פּיעשטשען. טרערן גיבן איר אַ שפּאַר צו די אויגן. מסתמא איז דאָ שוין מיט אים די רעכטע זאַך...

— וואָס טוט דיר וויי, קינד מיינס? — גיט זי זיך אים איב־גאַנצן אַוועק שוין בלויז מיטן קול אירן. — דערצייל דער מאַ־מעשי...

— כ'ווייס נישט... — דרייט ער דערשראָקן מיטן קאָפּ. זיין הענטל שטרעקט זיך אוים צום לינקן אויער, ער כאַפּט עס אָבער באַלד צו צוריק. איינמאָל בסך־הכל מיט אַ יאָר צוריק, אָבער אים דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען זייער לאַנג צוריק, בעת ער איז נאָך

געווען א קלײנער — איז ער שוין קראַנק געווען אויף די אויערן. ווײל ער עס איצט נישט צוגעבן. דעמאָלט וועט דאָך קומען דער דאָקטער. אפשר וועט ער ווידער אים מאַכן א „פּערעישאָן?" גאָר ניט לאַנג צוריק האָט מען אים שוין געהאַט אָפּערירט אויף די טאָנ־סילס. איז כאָטש ער האָט דעם ווייטיק פון דער אָפּעראַציע נאַ־טירלעך ניט געפילט, ווײל ער איז דעמאָלט געווען אַנאַסטעטיזירט, איז אים דאָך פון דעמאָלט אָן פאַרבליבן עפּעס א מיסטישע שרעק פאַמע פאַרן וואָרט „פּערעישאָן". יענעם מאָל, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פונם שלאָף־געטראַנק און פונם היציקן הינער־פּלעט, האָט ער פּלוצלונג דערפילט א ברענענדיקן ווייטיק אין האַלדז, און ער האָט אפילו ניט געדענקט ווי אַזוי דאָס אַלץ איז געשען...

— טוט דיר ווי דאָס בייכעלע?

— יאָ... — טראַכט זיך דודל, אז עפּעס אַן אָרט מוז ער דאָך באַשטימען פאַרן ווייטיק.

— די פּלייצקעלע?

— יאָ...

— די פיסעלעך? — ווײל די מוטער אַלץ געגויער לאָקאַליזירן דעם ווייטיק.

— יאָ...

זאָל זיין יעדער פּלאַץ, הייסט עס, אַבי ניט דער ריכטיקער... ערשט איצט האָט שוין די מוטער די געוויסנהייט, וואו דעם קינדס ווייטיקן געפינען זיך. אוי, א בראָך איז צו איר לעבן?

— אפשר די אויערלעך?

— ניין! — גיט זיך דודל אַזש א כאַפּ, הויבט אָן וויינען, קוקט אָן די מוטער פאַרדעכטיק־דערשראָקן. — ניט די אויערלעך, ס'קעפּעלע...

פאַר די דערשראָקענע אויגן דעם קינדס זעט זיך שוין די גע־שטאַלט פונם הויכן ברייט־פּלייציקן מענטשן, וואָס וואַשט זיך גרינט־לעך אַרום די הענט, איידער ער הויבט אָן אַרויסשלעפּן פון דעם רענצל די לאַנגעגלאַנציקע מעסערלעך און שפּיזעלעך. אוי, טוען זיי ווי ווען ער הויבט אָן פּאָרקען מיט זיי אין די אויערן...

— מאַמעשי, מען דאַרף ניט דעם דאָקטער...

— כ'על דאָך ניט רופן קיין דאָקטער, קינד מיינס... בלויז אַן אַנקל!...

— נאָ, — העשעט זיך דאָס קינד פאַנאַנדער נאָך העכער. — דעם „אַנקל" דאַרף מען אויך ניט....

אָבער סיי־ווי האַלט עס נאָך ניט ביים רופן דעם דאָקטער. עס קומט אים נאָך פאַר די לעצטע צוויי באַזוכן, אַמת ער קאָן קאַרלינען פון די אַמאָליקע יאָרן... אָבער — ווי אָפט קען מען אים רופן אויף באַרג? ניין, זי וועט דערווייל טאָן אַלץ וואָס זי קאָן אַליין: אויס־שפּריצן די אויערלעך מיט הייסע וואַסער, אפשר וועט זי עס פאַר־כאַפּן אין צייט...

— וואַרט... — שטעלט זי זיך אָפּ אינמיטן אַן אייליקן שפּאַן, אַ צעטומלטע, אַ קינדיש־פאַרלוירענע, מיט אַ פינגער אַריינגעטיקעט אין שטערן אַריין. — וואָס דאַרף מען אינם וואַסער אַריינטאָן... סאָדיום בייקאַרבאָנעט אָדער באָריק עסיד? יאָ, דאָס איז פון יענעם פּירקאַנטיקן מעטאַלענעם פּושקעלע...

אין קיך וואַקלט זיך ליוסעלע פריידיק אַנטקעגן דער מאַמען, איןביידע אויפגעהויבענע הענט — אַן אַלטע גרויסע ליאַלקע, שיר ניט אַזוי גרויס ווי דאָס קינד אַליין.

— זע, וואָס „טשאַטשע" מיר ברענגען?

— גוט מאָרנינג, — באַגריסט זיך הויך און גוטמוטיק די או־קראַאינישע שכנה, מרס. גאַרניצקי. — מיינער דאָרטן דריכניעט, נאָך אַ נאַכט אַרבעט... דער גרויסער פאַרצעדינער! איז בין איך אַריין עפּעס אייך צוהעלפן... אפשר דאַרפט איר וואָס אין גאַס?

אַ הויכע און ברייטע פרוי, אַ באַבע מיט אַ צעוואַקסענעם גוף, אַן אויפגעבלאָזן פּנים פול מיט פרישטשעס, ווי אויסגעקנאָטן פון שלעכט־פאַרראָשטשינעטן און נאָכאַנאַנד זיך־בלעזלענדיקן טייג. די פלאַקסענע האָר פאַלן אַריבער איבער גרויסע תמימותדיקע קעלבערנע אויגן. אַ נאָז אַ גרויסע, אַ פלײשיקע. מיט די קאַרלינס רעדט זי אַ שפּראַך, וואָס איז אַ דריטל אוקראַאיניש, אַ דריטל פּויליש, אַ דריטל ענגליש — און איז באַווירצט אויך מיט עטלעכע יידישע ווערטער.

— דזשענקויע, שאַשיאַדקע... וועל איך טאַקע אַרונטערלויפן אין אַפּטייק... קיין טראָפּן אַלקאָהאָל דאָך אין שטוב ניטאָ... —

קרימט זיך לינעס פּנים אויס אין אַ ווייַנענדיקן שמייכל. — מ׳דאַרף דאָס קינד וואָס גיכער אָפּרייבן מיט אַלקאָהאָל, ער ברענט אינגאַנצן...

— דער קליינער דייוויד וואָס איז קראַנק? — קייקלען זיך דער שכנהס האַרטע ריישן, ווי רויע שווערע באָב. — עט... קאַנע פון איין זייט — און אַ גאַרטשיצע־קאָמפּרעס פון דער צווייטער... גוט... און איכל מיך דאָ דערווייל שפּילן מיטן קליינעם „טוטס", און איבערשוווענקען דאָס געפעס.

קיין קינדער האָבן זיי ניט, די גאַרניצקיס. כאַפּט זי זיך אָפּט אַריין צו די קאַרלינס, איז גליקלעך וואָס זי קען אויסריידן אַ הויי־מישן וואָרט מיט לינען. די שטוב ביי קאַרלינען איז אויסגעמעבלירט מיט אַ שעטנז פון פאַרשידנאַרטיקע שטיקלעך מעבל, איינגעקויפט אין אַלערליי אויקציאָן־פּלעצער, אין פאַרשידענע צייטן. גלייך די ערשטע עטלעכע טעג, וואָס די שכנים האָבן זיך באַקאַנט, האָט מרס. גאַרניצקי אַרייַנגעבראַכט אוקראַאינישע סערוועטקעס און שפּיץ־זוימען, וואָס זי האָט אַליין אויסגעהאָפטן. לינע האָט מיט זיי באַ־פּוצט די פיל קיך־פּאָליצעס, אַ ביסל אָוועקגענומען די אומהיימ־לעכקייט פון דעם צימער, וואָס איז געווען גרויס ווי אַ פעלד.

איצט איז לינע האַסטיק אַרונטערגעלאָפן די שמאָלע פינצטער־רע טרעפּ, שיר ניט ברעכנדיק זיך האַלדז־און־נאַקן. קאַרטשענדיק זיך קעגן ווינט און שניי האָט זי זיך אַ יאָג געטאָן אין אַפּטייק אַריין, אַ פינף בלאָק פון דאַנען. אַלקאָהאָל... וואַטע... קאַמפאַר־אויל... האַר־טשיצע... אין דער הויך, האָט ליוסעלע דערווייל געצופּט די „טשאַטשע" פאַרן קליידל, יענע זאָל עפּעס זינגען. מרס. גאַרניצקי האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. אין אַ הייזעריקלעכער מאַנסבילשער שטים האָט זי פאַרצויגן:

— ליזשאַל מאַטשעק נאַ דעסציע,
אי יעשטשע שע רושאַל...

## 11

ביי דער נאָענטסטער סטאַנציע פון דער הויכבאַן איז שוין אַ מינוט צען געשטאַנען קאַרלין אַ פאַרלווירענער, אַ הילפלאָזער. שרעק־

לעך צערייצט, האָט ער נאָכאַנאַנד געשפּאַנט הין און צוריק אינעם פּראָנט פונעם אַריינגאַנג.

ווען ער איז צוגעקומען צו דער סטאַנציע, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט ניט בײַ זיך אַפילו קיין איינציקן ניקל אויף קאַרפער. איז עס מעגלעך! קדחותדיקע פינגער האָבן זיך געצאַפּלט אין אַלע קעשענעס, אין די גרעסערע און די קלענערע — טאַקע נישטאָ... אַ פּאַפּיר־שפּילקע, אַ פּאָר צעבראָכענע צאָן־פּיקערס. אָט טאַקע אַ סענט. אָבער מער ניט. פּשוט: אינדערפרי האָט ער מסתמא גאַנץ גרינטלעך געמוזט אויסליידיקן אַלע קעשענעס, בעת ער האָט דעם ווײַב אוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט.

וואָס־זשע טוט מען איצט, האַ? גיין צוריק אַהיים נאָך קאַר־פער? ס'איז אַמווייניקסטן אַרום צוואַנציק מינוט וועג הין־און־צוריק. ער'ט נאָך צוליב דעם פאַרשפּעטיקן אויף מעקגיבען סטריט. יענע אַמעריקאַנער לײַט זײַנען פּינקטלעך שטרענג אין זייערע אַפּאָינט־מענטס, אמתע פּרעזידענטן... און עס קאָן דאָך היינט שמעקן מיט אַ שטעלע! מחנות מענטשן ציען זיך צו דער סטאַנציע פון אַלע ריכטונגען, גאַסן, געסלעך. זיי כאַפּן אַ פרישן צייטונגס־בלאַט, וואַרפן אַרויף אַ פּאָר פּענעס אויפן בארג צייטונגען, שפּרינגען הענדום־פּענדום אַרויף די טרעפּ, אייניקע צו צוויי־דריי טרעפּ מיטאַמאָל... ניט שוין זשע וועט ער ניט אָנטרעפן צווישן אָט־די מחנות כאָטש איין באַקאַנטן פּנים? פון זײַן אייגענער גאַס, צי פון דער ציפּרעסן־עוועניו, וואָס איז אַ פּאָר בלאָק ווײַטער. דאָרט וואוינען דאָך אַ סך באַקאַנטע זײַנע. אָט, נאָך אַ מינוט, נאָך אַ מינוט...

איבערן קאָפּ דונערן דערווײַל איבער די מעטאַל־בריקן און מע־טאַל־זײַלן די נאָכאַנאַנד־אָנלויפנדיקע עקספּרעס־באַנען, לאָקאַל־באַ־נען. זיי צעטרייסלען די שויבן אין די געוועלבן און אין די פענצטער פון די דערבײַיאיקע הײַזלעך, זיי צעטרייסלען אַליין די קליינע צוויי־שטאָקיקע שטיבלעך, זיי צעטרייסלען די גאַס אַרום, זיי צעטרייסלען קאַרלינס גאַנצע אינגעווייד... מיט זייערע פונאַנדערגעעפנטע טירן־מיי־לער פרעסן דאָרט יעדן מאָל אויף די באַנען, אויף די אויבערשטע און אונטערשטע פּלאַטפאָרמעס, גרעסערע און קלענערע פּאָרציעס פּרי־מאָרגן־פּאַסאַזשירן. און איידער דאָס אוועקדונערן פון זייערע רעדער

פאַרהילכט נאָך, יאָגן שוין אָן אינדערהויך נייע צוגן. אָבער דאָ אונטן — קיין איינציקער באַקאַנטער פּנים קומט ניט אַנטקעגן... זיינע אויגן זיפּן גיריק דורך דעם שטראָם מענטשן־געזיכטער, וואָס פלייצט פון אַלע זייטן. דער ווינט שמייסט, די פּאַסאַזשירן קומען אונטער מיט איינגעבויגענע קעפּ, אפשר דערפאַר קאָן מען ניט זען גוט זייערע פּנימער.

וואַרט, לאָמיך נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אין די קעשענעס. בסך־הכל דאַרף ער איין־און־איינציקן ניקל — איז עס מעגלעך? ער וועט זוכן איצט פאָרזיכטיק, סיסטעמאַטיש, מיט אַ סדר, איין קעשענע נאָך דער אַנדערער, זען קיין איינציקע ניט איבערהיפּן. אָט אַזוי: די אויבערשטע — די מיטלסטע — די אונטערשטע... די פאָרנטיקע, די הינטערשטע... איצט די קעשענעס פונעם פּאַלטאָ... אָבער שאַ! אין די קעשענעס פון דער קאַמיזעלקע, אין די קעשענעס פון פּאַל־טאָ זיינען דאָ לעכלעך אינם צעריסענעם אונטערשלאַק, הוראַ! ווי־פיל מאָל האָבן זיך שוין דאָרט אינעווייניק פאַרוואַלגערט פּעניס, ניקלס, דאַימס אויך!

מיט ציטערנדיקע פינגער טאַפּט שוין קאַרלין איצט אַרום די זוימען פון דעם וועסטל, פון דעם פּאַלטאָ. ווי אַ פישער, וואָס פאַר־וואַרפט זיין נעץ, אַזוי שאַרט ער צונויף אַלע פאַרדעכטיקע שטיקלעך און ברעקלעך פון אַלע ריכטונגען אין איין ווינקל אַריין אונטערן צעריסענעם אונטערשלאַק. אָבער — עס האָט זיך פאָרט גאָרניט געכאַפּט, חוץ ברעקלעך, פּאַפּירלעך, צוויי קנעפּלעך... נאַ און נאָך אַ סענט, אַ צווייטן.

קאַרלין האָט שוין איצט שטאַרק חרטה, הלמאי ער איז גלייך ניט געלאָפן צוריק אַהיים נאָך קאַרפער. ס'איז שוין אַזוי אויך באַלד אַריבער אַ 15 מינוט. אַ, דער שלימזל זיינער איז גרויס, ער'ט זיכער פאַרשפּעטיקן... אָפּשטעלן אַ פרעמדן מענטשן מיט אַ הילפלאָזן רחמנות־פּנים — דאָס קען ער ביי זיך ניט פועלן. כאָטש זיין הילוך איז אַ גאַנץ אָנשטענדיקער, אים וועט מען חלילה אין שלעכטס ניט פאַרדעכטיקן... האַ?

די פאַרצווייפלונג און פאַרלוירנקייט זיינע וואַקסן. ער הויבט אָן שמייכלען פונדערווייטנס צו אַ פיינער יונגער דאַמע, וואָס האַלט

זיך איצט דערנענטערן צו דער סטאַנציע. יענע ענטפערט אים אָפּ מיט שטרענגער אָנגעכמורעטקייט, מיט באַליידיקטער זעלבסט־ווירדע: ניין, ס׳איז ניט קיין באַקאַנטע...

נו, איצט איז שוין זיכער ניטאָ וואָס צו וואַרטן. די פאַרצווייפ־לונג האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט. ער איז שוין ווי גרייט אָט־אָט זיך א לאָז טאָן צום צייטונגס־געשטעל, א כאַפּ טאָן א ניקל פונם הויפן מינץ דאָרט, זיך לאָזן לויפן אינדערהויך, אַז ניט איז זיין אַפּוינטמענט א פאַרפאַלענער... אָבער, פּונקט ווי אין די שונד־מעשיות, באַווייזט זיך ענדלעך אויף פאַר אים אומגעריכטערהייט דער מלאך־הגואל.

שמעוני, דער מאַן, וואָס פאַרמאָגט נאָך אַלץ, נישט געקוקט אויף זיינע גרויע האָר, א קיילעכדיק־ראָזעווען פּנים פון אַן אמתן כרובים. איצט, צוליב דער קעלט און ווינט, בליען זיינע באַקן נאָך בליענדיקער און ראָזעווער, ווי געוויינלעך. פונדערווייטנס באַמערקט ער שוין דעם הויכן אויסגעצויגענעם קאַרלינען, ווי אויך דעם פאַר־לוירענעם אַנטוישטן אויסדרוק אויף יענעמס געזיכט.

— העלאָ, לאַנגאַץ... וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום אין אַזאַ קעלט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז? וואָס, זי איז טאַקע ניט געקומען? אַי, באַנדיט דו...

— זעסט דאָך, אַז ניט... — גיט קאַרלין אויף א באַדייטונגס־פולן שמייכל. — אַפּנים, שוין פאַרפאַלן... — פירט ער אומבאַהאָלפן פאַנאַנדער זיינע אָרעמס.

— אַי־אַי, באַנדיט איינער... נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן די אַמאָ־ליקע דאָן־זשואַנישע גענג, האַ? — לאַכן זיינע שטיפערישע אויגן פעט און גליקלעך, בעת ער גיט א כאַפּ א „טאַימס" פונם צייטונגס־סטענד. — פאַרסט אפשר דאָון־טאַון?

— מילא, איך וועל שוין מוזן פאָרן אַליין אַן איר... — גיט ער מיט כוח א נעם שמעונין אונטערן אָרעם. א יאָג, א פלי איבער די טרעפּ — ביידע זיינען טאַקע נאָר ווי אַרויפגעפלויגן אין דער הויך.

שמעוני שטעלט זיך דער ערשטער אין דער ריי. קאַרלין שטעלט זיך אַריין א פּאָר פלעצער פון הינטן, ער דאַרף הייסט עס, אויך

„מאַכן קלײנגעלט"... שמעוני ניט אים אָבער באַלד אַ ריס אַרויס פֿון דער ריי: „ק'מאַן, כ'האָב געגנוג ניקלס... ניטאָ קײן צײַט..." קאַרלינען האָט זיך אַפֿילו געוועסט פֿאַרגלוסט צו דורכמאַכן די קאָמעדיע פֿון ווערן באַצאָלן דער ערשטער, אַ קאָמעדיע וואָס וואָלט זיך אפשר דאָס מאָל פֿאַרענדיקט זײער טראַגיש... אָבער דער פֿלינקערער שמעוני האָט שוין סײַ־ווי באַוויזן אַרײַנוואַרפֿן צוויי ניקלס, זיך אַלײן דורכגעשטופּט, קאַרלין — נאָך אים.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן: אויך שמעוני פֿאָרט קײן ברוקלין, דאַרף אַפֿילו אַרונטערגײן בײַ דער זעלביקער סטאַנציע — באָראָ האָל. נאָך פֿאַרשידענע זיגזאַגן און שטופּעניש אין זיי מיט עטלעכע סטאַנציעס ווײַטער געלונגען זיך אַרײַנקוועטשן אין אַ באַקוועמען ווינקל נעבן אַ טיר בײַם שטײער־ראָד אויף דער צווייטער זײַט, וואו די טירן עפֿענען זיך ניט בײַ יעדער סטאַנציע.

שמעוני — אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין ביזנעס, איז דאָס גאָר געווען אַ סײמאָן. אָבער צווישן פֿרײַנט און נאָענטע האָט ער בשום אופֿן ניט געוואָלט מותר זײַן אויף זײַן אַמאָליקן פּאַרטײ־נאָמען, נאָך פֿון די צײַטן פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. דעמאָלט, ווען שמעוני איז געווען אַן אָנגעזעענער עס־עסאָוועץ, סײַ־מאָוועץ, טעריטאָריאַליסט, סערפּיסט, „וואָזראָזשדענעץ"... אין אַמעריקע האָט ער זיך, אינם פֿאַרלויף פֿון די פּאָר צענדליק יאָר וואָס ער איז דאָ שוין געווען, קײן פּאַסיקע פּאַרטײ בשום אופֿן ניט געקאָנט צוקלײַבן. פּונקט ווי אויך ניט — קײן פּאַסיקע פֿרוי. די היגע פּאַרטײען זײַנען פֿאַר שמעונים איבערצײַגונגען, שיר ניט אַלע געווען קאָרופּטירט און האָבן פֿאַרמאָגט צו־ווייניק קולטור, און די היגע פֿרויען — האָבן צופֿיל געפּאָדערט פֿון אַ מאַן...

איצט איז שמעוני געווען בערך אַ פֿופֿציק־יאָריקער יונגערמאַנטשיק, נאָך אַלץ פֿריש און רירעוודיק ווי אַ בחור. אָן אַ פּאַרטײ און אָן אַ ווײַב — בײדע פֿלעגט ער האָבן פֿון צײַט־צו־צײַט בלויז... ביז מיט אַ יאָר צוויי צוריק איז ער געווען אַפֿילו אַ קאָמוניסט. ניט קײן פֿאַנאַטישער פּאַרטײ־מיטגליד, חלילה, ווי זײַן פֿרוי צו יענער צײַט איז עס געווען, נאָר — אַן אומפּאַרטײיִשער קאָמוניסט: ניט אַזוי, הײסט עס, אויס אַלגעמײנער גוואַלדיקער ליבשאַפֿט צו

דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע און מעטאָדאָלאָגיע ווי אוים סימ־פּאַטיעס צום סאָוועטן פאַרבאַנד, וואָס האָט די יידן געגעבן פולשטענ־דיקע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, אוים געטריישאַפט צו דער איינציקער יידישער רעפּובליק ביראָ־בידזשאַן, און בכלל צום אויפ־בלי פון אַ וועלטלעכער יידישער קולטור... אַזוי איז עס געווען — ביז מיט אַ צוויי יאָר צוריק. אָבער דערנאָך האָט ער זיך אויך פון „זיי" דערווייטערט — סיי צוליב דער נאַציאָנאַלער פראַגע, סיי צו־ליב ד'ער קאָמוניסטישער שטעלונג צו ארץ ישראל — און אויך צוליב דעם, וואָס בינו־לבינו האָט זיך שמעוני באַוויזן צייטווייליק צופּאַסן צו אַן אנדער פרוי.

זשוואַוועע, לעבעדיק, געדיכטע, כאַטש שוין גרוילעכע האָר אויפן קאָפּ, רויטע בעקעלעך, אַ פלאַפּלענדיקער — ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז ער איז שוין היפּש עלטער פון קאַרלינען? בעת דער עקספּרעס האָט זיך געטראָגן איבער גאַסן, הייזער, דעכער, האָט קאַרלין אינ־דערשטיל יענעם מקנא געווען זיין גרינגע, זאָרגלאָזע נאַטור.

איידער אָבער דער צוג האָט דערגרייכט די 42־טע גאַס, האָט שוין קאַרלין געוואוסט: גאָר לעצטנס גייט שוין שמעונין ווידער ניט גוט... אויך מיטן לעצטן צייטווייליקן ווייב זיינעם — „חברטע" פלעגט ער אַזעלכע תמיד רופן, אפשר ווי אַ סגולה קעגן מאַטרימאָ־ניאַלער פּערמאַנענץ — איז ער זיך סוף־כל־סוף פונאַנדערגעגאַנגען. ניט חלילה צעקריגט זיך, נאָר אַזוי, צוליב פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. איז איצט, אַ מאַרטירער פאַר זיינע פּרינציפּן, האָט ער גענומען אַליין טראָגן דעם עול פון פרנסה... דאָס איז ער עס איצט טאַקע געפאָרן קיין ברוקלין, אין עפּעס אַ נייער נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע, וואו ער האָט געהאַט, אייגנטלעך, ניט קיין שלעכטע שטעלע. אָבער — קיין אינערלעכן אינטערעס האָט ער דאָך אין אָט דער אַרבעט ניט געהאַט!... טאָג־איין, טאָג־אוים איינס־און־דאָס זעלבע, אַזוי מאָנאָטאָנע, אַזאַ גרויקייט, אַזאַ געפיל פון הבל־הבלימדיקייט...

שמעוני האָט גערעדט גלאַט, קיילעכדיק, זאַפטיק, האָט באַנוצט אין אַ שיר העברעאישע ווערטער, די שענסטע יידישע פאָלקס־אוים־דרוקן, קאַרלינען האָט זיך אַ ווײַלע אפילו געדוכט: יענעמס רויטע

בעקעלעך און אייביק־יונגער אויסזען — אפשר נעמט זיך דאָס טאַקע פון אָט דער אומאויסשעפּלעכער הנאה, וואָס ער מוז עס געוויס האָבן פונם באַנוצן זיך מיט אַזעלכע זאַפטיקע ריין־יידישע אויס־דרוקן — גאָר אַנדערש, ווי אַלע אַרום איםריידן?... ס'איז געווען, ווי פון דעם וואָלט אים צוגעקומען אַ סך געזונט.

קעגן די טיר־שויבן, קעגן די וואַגאָן־פענצטער האָט געשמיסן אַ טרוקענער, פייפנדיקער שניי. איבער מאַנהעטן איז געהאנגען אַ ברודנער טומאַן. אין דער קראַיסלער־געביידע, אין דער כאַנין־גע־ביידע, אינם עמפּאַיר־סטייט און אין די אַנדערע שלאַנקע און פּי־ראַמיד־אַרטיקע וואָלקנקראַצערס האָבן אָוונטיק־אומהיימלעך געלויכטן די טויזנטער אָנגעצונדענע פענצטער אין סאַמע פרימאָרגן. קאַרלין האָט זיך געפּילט צופרידן סיי וואָס יענער רעדט אַזוי פּיל, און סיי וואָס ער רעדט די גאַנצע צייט נאָר וועגן זיך... ווער, קאַרלין, פאַרשפּאָרן ענטפערן אויף די שוין אַזוי־שטאַרק דערעסענע „פריינט־לעכע" פראַגן וועגן דעם, צי ביי זיי איז שוין געוואָרן בעסער? ניין, נאָך אַלץ ניט? אַך, אַ גרויסער שאַד... נאָר ביי אַלעמען גייט דאָך איצט ניט גוט... אָבער אַז דער צוג האָט זיך שוין געהאַלטן אין דער־נעענטערן צום ברוקלין־ברידזש, האָט קאַרלין געמוזט קומען צום שלום אַז מען קאָן פאַרט ניט ווייסן ווער דער שוך קוועטשט... אויך דער דאָזיקער, אין פלוג זאָרגלאָזער מענטש, האָט געהאַט זיינע כלאָפּאָטן, זיינע עגמת־נפשן.

— פאַרשטייסט, ברודערל... — האָט ער געפּרוּווט איבער־שרייען דעם געפּילדער פון די באַן־רעדער, זייער דענערווירנדיקע קריצעריי ביים פאַרקירעווען זיך אויף אַ רעלסן־אויסבויג. — כ'קוק שוין לאַנג מער ניט אויף דער וועלט דורך ראָזעווע ברילן... ניין, איך בין שוין לאַנג גענוג געווען אַ שוטה, אַן אידעאַליסט, שיר ניט פונם עלטער פון פופצן יאָר אָן... אַ־יאָ, גענוג? איז אַז מען קוקט אויף אַמעריקע דורך ניכטערע ברילן — איז וואָס איז דאָ אינגאַנצן? בסך הכל: אַ לאַנד וואו מען קאָן נאָך עסן טעגלעך דריי זאַטע מאָל־צייטן, 365 טאָג אין יאָר, 366 טאָג אין אַן עבור־יאָר... אגב, אויך דערפאַר טאַקע האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַרלאָרן ביי מיר דעם גאַנצן חן... ווייל אויב...

דער ליאַרעם פונם פאַנאַנדערגעיאָגטן עלעוויטאָר איז דאָ גע־וואָרן אַזוי גרויס, אַז שמעוני האָט שוין געמוזט שרייען דירעקט קאַר־לינען אין אויער אַריין. אַ פינגערס ברייט פון קאַרלינס אויער — איז שוין יענעמס קול פאַרלוירן געגאַנגען... דאָס בלאָנדע אָנגע־שמעקטע שיקסל, וואָס פלעגט פון צייט־צו־צייט אַ פאַל טאָן מיטן יונגן ברוסטל און פאַרפומירטע האָר, אויף זיי ביידן, האָט שוין מסתמא געדענקט, אַז דאָס ריידן צווישן זיך עפּעס אַזעלכע צוויי טויב־שטומע.

— און אין דעם צווייג פון דער קולטור־געזעלשאַפט ? אהין טרעט איך ניט אַריין, ווייל דאָרטן דאַרף מען האָבן אַ סך געלט... — האָט ער איבערגעביטן קאַרלינס רעכטן אויער אויפן לינקן, ווי אַ פאַסיקערן אויפנעמער.

קאַרלינס אויגן האָבן געשטוינט.

— ס׳הייסט ?...

— גאַרנישט... פאַלש... — האָבן שמעונים געל־בורשטינענע אויגן אויסגעדריקט כעס און פאַרדרוס, — די גאַנצע קולטור־אַרבעט זייערע באַשטייט דאָך פון מאַכן באַנקעטן און „פאַדים״ — אַ חנוכה־פאַרטי, אַ פורים־פאַרטי, אַ דריטן סדר... מען עסט אָפּ אַ גוטן מאָל־צייט, מען זינגט אַ זמרל — „לאָמיר אַלע אינאײנעם, אינאײנעם...״ — מען הערט אויס צום הונדערטסטן מאָל די זעלביקע פאַר אויפ־מונטערנדיקע און אָפּמינטערנדיקע רעדעס וועגן דעם, אַז די יידישע קולטור איז זייער, זייער וויכטיק פאַר אונדז, אַזוי וויכטיק אַז מען קאָן אַפילו ניט דורכלאָזן קיין פאַר חדשים אָן דעם, מען זאָל וועגן איר ווידער ניט דערמאָנען, נאָכאַנאַנד ניט מעורר זיין דעם עולם... און — אַ בילעט קאָסט יעדן מאָל אַ פאַר דאָלער...

קאַרלין, וועלכער האָט געוואוסט, אַז שמעוני איז בשום אופן ניט צעקריגט אויף טויט אַפילו מיט דעם רייכסטן מאָלצייט, האָט זיך אָנגעשטרענגט און אויך אַריינגעקרייעט מיט אַלע כוחות יענעם אין אויער אַריין :

— אָבער דאָס געלט... גייט דאָך זיכער... ניט פאַר קיין שלעכטן צוועק ?...

— יאָ, אויב עס בלייבט עפּעס איבער נאָך אָט די אַלע קולטור־הוצאות... דאַן גיט מען עס אוועק אַ „נויט־באַדערפטיקן" יידישן שרייבער — געוויינלעך, ווען אָדער יענער איז כּלל ניט קיין נויט־באַדערפטיקער, אָדער די הילף איז שוין צו שפּעט...

קאַרלין איז איז איבערראַשט געווען צו הערן אַזעלכע ביטערע רייד פון דעם געוויינלעך גוטמוטיקן שמעונין. אַפּנים, די נייע אַר־בעט זיינע פּאַלט אויף אים ווירקלעך זייער שווער... מער מיט מי־מיק און זשעסט, איידער מיט ווערטער, האָט ער ווידער אויסגע־קרייעט:

— אָבער... שטיצן יידישע שרייבער איז דאָך ניט אַזאַ ענין, צוליב וועלכן מען דאַרף זיך ערגערן...

— יע... — שמעוני האָט בטולדיק געקרימט זיינע פולע זאַפ־טיקע ליפּן פון מאַלינע־קאָליר. — איך זע דאָך אָבער, ווער אָט די לייט זיינען! אַליין לייענען זיי קיינמאָל ניט קיין בוך פון אַ אידישן שרייבער — ניט אפילו, ווען זיי קויפן עס שוין יאָ... דאָס גאַנצע איז ביי זיי אַ מין־טשאַריטי־ענין! מיט דעם דאָזיקן דאָלאַר־צוויי ווייל מען עס אָפּפּטרן דעם מאָנענדיקן חוב פאַרן אייביקן קבצן — דער יידישער קולטור... חוץ ווי אויף ליאַמעס און באַנקעטן ווילן זיי שוין דערנאָך צו איר, צו דער דאָזיקער קולטור, מער אפילו ניט אַ שמעק טאָן — דעם חוב האָט מען דאָך שוין איר באַצאָלט!

— נו, איז פּאַרוואָס קעמפּסטו ניט קעגן דעם? פלעגסט דאָך אַמאָל... — די וואַגאָן־טיר האָט זיך אויף דער סטאַנציע גראָד גע־עפנט פון זייער זייט, דער פרישער פּאַסאַזשירן־שטראָם האָט זיי מיט געוואַלט אָפּגעריסן איינעם פונם צווייטן. זיי האָבן פון דער וויטנס הילפלאָז געשמייכלט איינער צום אַנדערן.

— עט, וואָס קאָן איך שוין אויפטאָן מיט מיין קאַמף... — האָט שמעוני פאַרטגעזעצט, ווען זיי האָבן זיך ערשט ביי דער צוויי־טער סטאַנציע ווידער פאַראייניקט. — דערהויפּט איצט, אַז דעם גאַנצן טאָג מוז איך אָפּפּינצטערן אויף מיין נארישער שטעלע! ס'איז ניט גוט, ברודערל, ס'איז ניט גוט... ס'האַלט שמאָל מיט אונדזער יידיש לעבן דאָ... זייער שמאָל...

12

ווען זיי זיינען צום סוף, נאָכדעם ווי זיי האָבן געביטן דעם עלעווייטער אויף דער סאָבוויי,ביידע ארונטער אויף זייער סטאַנציע ביים ברוקלינער באָראָ־האָל (מאַגיסטראַט), איז דער לאַנגער קארלין אַ ווײַלע געבליבן שטיין אויף דער פּלאַטפאָרמע עפּעס אַזוי מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ פאַרן קורץ־קיילעכדיקן און באַרעדעוודיקן סיי־מאָנען.

ס'איז אויסגעקומען ניט אַנדערש, ווי ער, קארלין, וואָלט גע־פילט: מען וואָלט באַדאַרפט איצט צו טרייסטן שמעונין און טאַקע אַזוי — יענעמס צרות זיינען אפשר פיל, פיל איידעלערע פאַר זיינע; אָבער פאַר אַ מענטשן, וועמענס הויפּט־אינהאַלט און לעבן איז קול־טור בכלל, און יידישע קולטור בפרט, זיינען דאָך אָט אַזעלכע איי־דעלע טראָבלס פּונקט אַזוי ווייטאָגדיק ווי פאַר אַ פּראָסטערן מענטשן — די נודנע און מאַרודנע פראַגע פון טאָג־טעגלעכן ברויט...

און אַפּנים טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט נעבעך פאָרט ניט גע־האַט מיט וואָס צו טרייסטן שמעונין. האָט קאַרלינס פּנים, אַן אויס־געצויגנס און טויט־געלס אינם שוואַכן עלעקטרישן ליכט אויף דער אונטערערדישער פּלאַטפאָרמע, זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן באַדעקן מיט זייער אַ דייטלעכן אויסדרוק פון שולדיקייט.

— נו, וואָס־זשע ביסטו עפּעס געבליבן אַזוי שטיין אינמיטן, לאַנגאַץ?—האָט אויף אים שמעוני אָנגעשטעלט זיינע געל־בורשטינענע קעצישע אויגן. — דאַרפסט גאָר אין ערגעץ ניט לויפן?

קאַרלין גיט דעמאָלט אַן איילִיקן קוק אויפן וואַנט־זייגער אי־בער דער סטאַנציע־קאַסע, און הויבט אָן פּלוצלונג פיבערדיק שטופּן זיינע פינגער אין אַלע זייטיקע קעשענעס זיינע.

— אָט באַלד... וואַרט נאָר אַ מינוט... איך דאַרף אָנטלעפאָ־נירן... זע, דעם איט... אויף צו־להכעיס... ברודערל, האָסט אַ ניקל? כ'מיין, אַן איינצלנעם ניקל... כ'האָב פּונקט בלויז אַ פינפערל, און דו ווייסט דאָך אַז אַזאַ מטבע ווילן זיי ניט אויסבייטן אין דער סאָבוועי־קאַסע...

— נו, קום אַרויס אין דרויסן, וועסטו עס אויסבייטן אין אַ סיגאַר־סטאָר, און טאַקע דאָרט טעלעפאָנירן אויך... ווי וועסטו רעדן אין אַזאַ געפּילדער דאָ ?

— איך מוז אָבער תּיכּף, גלייך, די מינוט טאַקע טעלעפאָנירן, — איז קאַרלין געוואָרן פון געל רויט, און פון רויט — ווייס. — פאַרשטייסט, כ׳מוז גלייך לאָזן וויסן אײנעם אַ פּלאַץ, אַז כ׳וועל דאָרט ניט קאָנען זיין אין צייט... כ׳האָב שוין אַזוי אויך פאַרשפּע־טיקט... אַ דאַנק !

ער האָט זיך וויכּערדיק אַ יאָג געטאָן צו דער ווייטער טעלעפאָן־נישע אין דער בּלישטשענדיקער קאַכל־וואַנט פון דער פּלאַטפאָרמע... שמעוני האָט אים נאָכגעשריען :

— הער, וואָס מאַכן עפּעס דייניקע ? — האָט ער זיך ערשט איצט דערמאָנט. — לינע ? ליוסעלע ? דודל ? אָ־קעי, לאַנגאַץ, איך וועל מיך טאַקע אינגיכן אַריינכאַפּן צו אייך געוואויר ווערן... וועט מען שוין אַלץ איבּעררעדן...

—ריידן... ריידן... — האָט קאַרלין בּייז געבּורטשעט פאַר זיך, אַריינקוועטשנדיק זיך וואָס טיפער אין דער קליינער וואַנט־אויסהוילונג פאַרן טעלעפאָן־אַפּאַראַט. — ריידן, ריידן... — פון גרויס אויפגע־רעגטקייט האָט ער טאַקע שיר ניט אַריינגעוואָרפן דעם ניקל אינם טעלעפאָן־אַפּאַראַט, כאָטש צו קיינעם האָט ער גאָר איצט ניט גע־בּרויכט רעדן, ער האָט זיך בּלויז געמוזט פאַרזיכערן מיט קאָרפּער אויף צוריקוועגס. ער האָט זיך אינם טעלעפאָן־לאָך אויסגעבּאַהאַלטן לאַנג גענוג ווי ס׳איז נויטיק אויף צו פירן אַ קורצן שמועס, און לאַנג גענוג פאַר שמעונין צו פאַרשווינדן. ערשט דערנאָך איז ער אַרויס, זיך אָבּער אַלץ פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט.

אויפן אַפּאָינטמענט האָט ער, נאַטירלעך, פאַרשפּעטיקט. אויף אַ וואָסערע 15 מינוט. ווען ער האָט אָבער דערזען עטלעכע מענטשן אינם וואַרט־צימער האָט ער פרייער אָפּגעצויגן דעם אָטעם.

ווישנדיק דעם שפּעדיקן שוויים פון שטערן מיט אַ ריינער טי־כעלע — פאַר לייטן וועגן, אין דער מאַנטל־קעשענע, איז ער תּמיד געווען פאָרזיכטיק צו האַלטן אַ ניט־צעריסענע אַבּסאָלוט־ריינע נאָז־טיכל — האָט ער זיך בּיסלעכווייז אָנגעהויבּן אַרומקוקן אַרום זיך.

די ווייכע לעדערנע פּאָטעלן אינעם וואָרט־צימער זיינען אַלע געווען באַזעצט, אייניקע מענטשן זיינען אַפילו געשטאַנען ביי די ווענט, די קאַפּעליושן אין די הענט. אַלעמענס אָנטאָן נעט, ציכטיק, באַלע־באַטיש. דאָס רוב — עכטע אַמעריקאַנער: הויכע, שטאַלטנע „קלין־קאַט" יונגעלייט. און דאָך איז אין אַלעמענס אויגן געווען צו באַ־מערקן אַ ניט־זיכערקייט, אַ הכנעהדיקייט. מען האָט נערוועז געדרייט די היט, געשורשעט מיט די צייטונגען און זשורנאַלן. אַ שטילער זיפצל, ווי פון שטאַרקער מידקייט, האָט זיך געלאָזט הערן דאָ און דאָרט.

— — — „ווייסע־קאָלנערניקעס". ערשט אַרום יענער צייט האָט דער דאָזיקער טערמין אָנגעהויבן פּאָפּולער ווערן, זיך אָפּט באַווייזן אויף די צייטונגס־שפּאַלטן. קלערקס און אָפיס־אַרבעטער, לערער און סטודענטן, שרייבער און מאָלער, אַפילו פּראָפעסיאָנאַלן אויך: דענטיסטן, אַדוואָקאַטן, אינזשינערן, אַרכיטעקטן... אַלע מענטשן, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט אַ צוויי יאָר פונעם קריזיס, זיך געצאַפּלט אַהער־אַהין, געקלאַפּט אין פאַרשיידענע טירן, געזוכט אַ דזשאַב, צייטווייליקע אַרבעט — ניטאָ! ביז ענדלעך געצוואונגען געוואָרן צו קומען צו דער איבערצייגונג, אַז זייער אייגענע איניציאַ־טיוו קאָן זיי שוין באַשטימט מער קיין רעטונג און לייזונג ניט ברענגען.

צום ערשטן מאָל אין לעבן האָבן די שטאָלצע אַמעריקאַנער, די דאָזיקע „פּאַרהאַרטעוועטע אינדיווידואַליסטן", ביי זיך געמוזט פועלן, אַז איינער מאָג זיך טאַקע זיין יונג, געזונט און ביי אַלע זיי־נע בעסטע פעאיקייטן — און דאָך מוזן צום סוף אָנקומען צו זיין רעגירונג, זי זאָל אים ניט לאָזן אונטערגיין. דירעקטע געלט־שטיצע אָננעמען — אָ, דאָס ניין... אויף אַזוי ווייט וועט מען ניט זינקען. מען האָט שוין געהערט, נאַטירלעך, אַז גרויסע צאָלן אַרבעטסלאָזע מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן נעמען פשוטע געלט־שטיצע פון דער שטאָט, רעליף. אָבער יענע זיינען דאָך געווען איינפאַכע אַר־בעטער, אָרעמע מענטשן פון די הונדערטער און טויזנטער געשלאָ־סענע פאַבריקן און שעפּער. און דער עיקר — „פאַרעינערס", פרעמ־

דע... פאַר די שטאָלצע געבילדעטע עכטע אַמעריקאַנער וואָלט עס אָבער געווען ווי יונגערהייט שוין אַוועקצוגיין אין אַ פּורהאַוז.*)

איז דעמאָלט האָבן עס אָנגעהויבן אויפצוקומען אָט יענע רעגירונגס־אינסטיטוציעס — מוניציפּאַלע, פעדעראַלע און פונעם אייגענעם „סטעיט", — וואָס פלעגן אַלע ווײַלע באַטיטלט ווערן מיט אַנדערע איניציאַלן. די דאָזיקע איניציאַלן האָבן ווי געמאַניעט און געלאָקט, ווי באַאומרואיקט און געשראָקן אײַנצייטיק — די ראַשי־תיבות האָבן אַנטהאַלטן אין זיך עפּעס רעוואָלוציאָנער־נײַעס, שיר ניט סאָוועטישעס... נאָר ביסלעכווײַז האָט מען זיך צו דעם אויך צוגעוואוינט. — —

אַלע ווײַלע האָט זיך געעפנט די אינעווייניקסטע טיר מיט דער באַדייטונגספולער שוואַרצער אויפשריפט „פּריוועט". אַ פּאַרפּוצט יונג מיידל, אין אַ ווײַסער בלוזקע און אַ פאַרשפּיצטן בלײַשטיפט פאַרלייגט איבערן אויער, פלעגט אויסרופן בײַם נאָמען איינעם פון די אַפּליקאַנטן. די געשפּאַנטקייט פון דערוואַרטונג, פון אָט־אָט, וואָס פלעגט אויף די פּנימער פון די מענטשן אויפגליען בײַם דערשײַנען פונם שײַן־פּריזירטן מיידל, פלעגט זיך גלײַך אויסלעשן. די אויגן פלעגן ווידער פאַרצויגן ווערן מיטן מאַטן נעפּל פון הכנעהדיקייט און הילפלאָזיקייט. ס'פלעגט דעמאָלט אויסקוקן ווי אפילו די מלבושים האָבן פּלוצלונג אָנגעהויבן ליגן אויף זיי צעקנייטשטער, ווי די שטײַפע קערפּערס זײַנען געוואָרן שלאַבערדיקער... ס'איז געווען אַ שטימונג, ווי בײַ אַ דענטיסט אינעם וואַרט־צימער.

קאַרלינען האָט אָבער דאָס דאָזיקע וואַרטן בשום אופן ניט דערנערווירט. ער איז שוין די לעצטע צײַט דערצו געוואוינט געווען, אדרבא, דאָ איז געווען באַקוועם, וואַרעם, די פּאַרפּוירענע אברים האָבן ווי אָפּגעטאַיעט... אויף די ווענט — קאָלירטע, פּרעכטיק־אויסגעפירטע דיאַגראַמען וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט, טאַבעלן וועגן דעם הויכן לעבנס־ניוואָ פון אַמעריקאַנער בירגער־ און פון אײַנוואוינער פון אַנדערע מדינות, אויפרופן צו דער גרויס־אינדוסטריע זי זאָל זיך לעבעדיקער אַ ריר טאָן. דאָס אַלץ האָט קאַרלינען געגעבן די אילוזיע פון אייגענער נוצ־

---

*) הקדש

לעכקייט און וויכטיקייט פון אַ קליין אָבער גויטיק שרייפּעלע פון דער קאָמפּליצירטער מאַשינעריע פונם גרויסן לאַנד... איז עס זיין שולד, וואָס די גאַנצע מאַשינעריע איז פּלוצלונג קאַליע געוואָרן? דער לעבנס־קאַמף איז שוין איצט ניט מער קיין ענין פאַר יחידים, די רעגירונג אַליין האָט זיך אָנגעהויבן זאָרגן וועגן דעם... און — מער ווי פריער האָבן זיך דאָס מאָל שוין פעסט איינגעקריצט אין זכרון די ווערטער: וואָרק־רעליעף.

ווען זיין ריי איז געקומען, איז ער שוין אַריין אַ גאַנץ־זיכערער אין זיך, מיט אויסגעגלייכטן רוקן. ווייל וויבאַלד עס האַנדלט זיך וועגן אַרבעט, איז דאָך דאָ קיין בושה ניטאָ.

— יאָ, דאָס אַליץ איז זייער צום באַדויערן... — האָט זיך צום סוף אָפּגערופן דער זעקס־פוסיקער אַמעריקאַנער מיטן בלוי־געראַזירטן פּנים, בלויען העמד, געלן שניפּס און קאַלט־בלויע אויגן, נאָכדעם ווי ער האָט קאַרלינען געלאָזט דערציילן וועגן זיינע קוואַליפיקאַציעס אַזוי לאַנג, ווי יענער האָט נאָר געוואָלט. — יעס סער, ס'איז ווירק־לעך אַ שאָד, און נאָך אַן אוניווערזיטעט־געענדיקטער אויך... כאָטש מיר האָבן זיי ביי אונדז לעצטנס בשום־אופן ניט אַזוי ווייניק, כע־כע... אַ שאָד, אָבער וואָס איר האָט ניט אויפגענומען אין אייער אַקאַ־דעמישער אויסבילדונג עפּעס באַשטימטס, עפּעס אַ פּראָפעסיע...

— ראָמאַנישע שפּראַכן!...

— אַז אין אונדזערע אוניווערזיטעטן מערקט זיך אָבער לעצטנס די טענדענץ אָנשטעלן בעסער אויסלענדער־לערער פאַר די־אָ למודים... פראַנצויזן — אויף פראַנצויזישע קורסן, שפּאַניער, לכל־הפּחות דרום־אַמעריקאַנער — אויף שפּאַנישע... און אַזוי ווייטער...

— איז אפשר אין די האַי־סקולס? — האָט קאַרלין ניט גע־לאָזט פאַרשווינדן דעם לעצטן שטראַל האָפענונג, — אגב, איך אַליין האָב אויך געוואוינט אַ לאַנגע צייט אין שפּאַניע, אין פראַנקרייך...

— אָ... איז דהעט סאָ? זייער אינטערעסאַנט... אָבער איר ווייסט דאָך, יונגע ייִנגלעך און מיידלעך זיינען ליידער ניט אַזוי טאָלעראַנט, ווי דערוואַקסענע סטודענטן... — האָט דער אינטערוויוער מיט אַן אַפּאָלאָגעטישן שמייכל אויפגעשנירט די דינע ליפּן, באַוויזן אַ קאַסטן פּרעכטיקע געזונטע ציין, גרויסע און פייכטע ווי פערדישע. — און

איר זייט דאָך סוף־כּל־סוף בּלויז אַ נאַטוראַליזירטער אַמעריקאַנער, דאָס דאַרפן מיר ניט פאַרגעסן... איר האָט געדינט אין דער אַמערי־קאַנער אַרמיי אויך? איך זע, איך זע... מיר וועלן עס נאַטירלעך גע־מען אין אַנבּאַטראַכט... אָבער יונגע ייִנגלעך און מיידלעך, אייגנטלעך קינדער נאָך — קאָנט איר דערוואַרטן זיי זאָלן אַרויסווייזן צופיל טאָ־לעראַנץ צו מענטשן מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט?... נאַטירלעך, ווען דער לערער איז אַ געבּאָרענער פראַנצויז, שפּאַניער, דייטש — דאַן איז עפּעס אַנדערש... איר מוזט דאָך צוגעבּן, אַז איר זענט עס ניט... אָדער האָב איך אַ טעות?

— איז וואָס־זשע זאָל איך טאָן מיט מיינע אַרבּעטס־קוואַליפי־קאַציעס?... — האָט שוין קאַרלין אומגעדולדיק אָנגעהויבּן בּייסן די ליפּן.

— מיר וועלן זען, וואָס מיר קאָנען טאָן פאַר אייך... נאָר גע־דולד... — האָט זיך דער ריזיקער פאַרשוין אויפגעהויבּן. — איר האָט פּרעכטיקע רעקאָמענדאַציעס, אַ גוטן אַרמיי־רעקאָרד, דאָס מיינט אַ סך... לאָזט איבּער אייער אַדרעס, מיר וועלן אייך געוויס האָבּן אין זינען... אַ שטייגער, פאַרוואָס זאָל טאָקע דער דזשואיש ווימענס קאַנסיל, וואָס האָט אייך געשיקט אַהער, בּיי זיך אַליין ניט שאַפן פאַר אייך קיין אַרבּעט? — אַ שטייגער, ווי אַ בּיבּליאָטעקאַר... איר זייט דאָך אַ „היבּרו״?

— יאָ, ז י י זיינען עס גרייט צו טאָן... — איז שוין קאַרלינס פריערדיקע זיכערקייט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. ער איז אַלץ ניט אַרויס פון צימער, כאָטש דאָס שיין־פאַרקעמטע מיידל האָט שוין איצט דורך דער אָפענער טיר אויסגערופן דעם נאָמען פונם נעקסטן אַפּלי־קאַנט. — מיס סיגל האָט עס מיר אַליין געזאָגט. נאַטירלעך, אויב איר... אויב דער וואָרק־רעליעף וועט אַסיגנירן דערפאַר די נויטיקע מיטלען... זיי אַליין האָבּן דאָך דערפאַר ניט קיין עקסטראַ־בּודזשעט!

— אָט־אָט, אין דעם האַנדלט זיך עס דאָך טאָקע... בּודזשעט!... איר לייענט דאָך די צייטונגען? אַזוי גיך, ווי אונדזער קאָנגרעס וועט אַסיגנירן די נויטיקע געלט־אַפּראָפּריאַציע, וועלן מיר דעמאָלט אייך זיין אימשטאַנד... דערווייל לאָזט איבּער אייער אַדרעס. מירן אויס־פילן פאַר אייך אַן אינדעקס־קאַרט, מירן „פאַילן״ אייער רעקאָרד...

אויב איר וועט פון מיר אליין ניט הערן אין א חודש־צוויי ארום, קלינגט מיר ווידער אָן...

אויף דער באַן־סטאַנציע, צוריקצווועגס, האָט שוין קארלין פאַר די לעצטע צוויי סענט זיינע געקויפט א בלאַט, נאָכגעקוקט און פרום־איבערגעלייענט די בודזשעט־דעבאַטעס אינם קאָנגרעס, ווי זיי זיינען סטענאָגראַפיש־פּינקטלעך איבערגעגעבן געוואָרן אין דער „טאַימס". א געפיל פון וויכטיקייט האָט אים ארומגעכאַפּט, אים דערהויבן — זיין פּערזענלעכער גורל איז דאָך ענג און דירעקט צונויפגעבונדן מיט די בודזשעט־דעבאַטן אינם סענאַט! מער ניט: ווי א זייטיקע מעלאָדיע, וואָס באַגלייט די הויפּט־טעמע פון א מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע, כאָטש, דוכט זיך, זי פאַרהילכט ציטנווייז אינגאַנצן, — אזוי האָט זיך שוין באַלד אומעטיק א טראַכט געטאָן, אַז דערווייל וועט זיין איי־גענער בודזשעט מוזן טעגלעך פאַרגרעסערט ווערן אויף גאַנצע צוויי סענט... ווייל צוליב עקאָנאָמיע האָט קארלין שוין חדשים־לאַנג גע־האַט אויפגעהערט צו קויפן צייטונגען, פלעגט זיך געוויינלעך בלויז באַנוצן מיטן קאָנטראַבאַנד־איבערלייענען די נייעס־קעפּלעך אויף די צייטונגס־סטענדס אין גאַס.

## 13

איצט איז אָוונט. די קינדער זיינען שוין איינגעשלאָפן. דאָס ווייב האָט קארלין כמעט מיט געוואַלט ארויסגעיאָגט אין דרויסן, זי זאָל כאָטש כאַפּן א ביסל פרישע לופט.

אָוונט־צו האָט זיך דער דרויסן באַרואיקט. איבערן שניי הויערט איצט א בלויע נאַכט. אין וויסן פּאַרק לעבן שטוב איז אָט די בלוי־קייט ווי געדיכטער נאָך, פון א זעלטענער שאַטירונג, א פּאַרק פון א שטילער ווינטערדיקער מעשה. די בלוילעך־געלע גאַז־פייערן ברענען שטיל און דערווייטערט.

אליין זיצט איצט קארלין אין קיך. ער איז פאַרטאָן אין אן אלטן בוך מיט ריאבע פאַפּירענע טאָוולען. ס'איז א רוסישער באַנד וועגן הויז־מעדיצין, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט אהער נאָך פון אייראָפּע. א געוועזענער רוסישער באַראָן האָט עס אים אמאָל אין רוים גע־

שענקט אַ מתנה. יאָ, אויך אין דער שטאָט רוים האָט ער אַמאָל גע־וואוינט, קאַרלין, אין זיין צייט איז ער שוין אויסגעוועזן אַ וועלט... און הער שוין אויף, קאַרלין, זיך אַזוי איבערנעמען מיט אַ שטיקל שווערער צייט אין דיין לעבן!

יאָ, אָבער איצט איז ער דאָך פאַרט אַ קבצן אויף זיבן פּאָלעס, דעם דאָקטאָר קאָן מען ניט רופן אַהיים צו אָפט, דאָס ווייב איז נאָך אַליין ווי אַ קינד, און אַליין וויים ער אויך אַבסאָלוט גאָרניט אַפילו וועגן די געוויינלעכסטע קינדער־קראַנקהייטן. פונוואַנען זאָל ער וויסן? קיין משפּחה, קיין נאָענטע האָט ער קיינמאָל ניט געזען קראַנק ווערן. נאָך יינגלווייז האָט ער זיך אָפּגעריסן פון זיין משפּחה, איז אויסגע־וואַקסן אַליין... אין דער שטילקייט פונם אָוונט, וואו ס'הערט זיך בלויז דאָס ברומען פון דער סטים־היט, שטודירט ער איצט דעריבער אינם בוך יעדעס פּיצל וועגן קינדערשע חלאתן. וויפיל קלאַפּט נאָר־מאָל דער פּולס ביי אַ קינד פון פינף יאָר, וויפיל דאַרף זיין די טעמ־פּעראַטור, וויפיל — דעם קראַנקן קינדס אָטעם־צוג אין שלאָף, פּער מינוט, פּער סעקונדע... האַ, ער איז שוין באַלד אַ פאַלנער דאָקטאָר! ביטער איז בלויז איינס: וועגן וועלכע קינדער־קראַנקהייט ער ליי־ענט איבער, דוכט זיך אים צו געפינען די זעלביקע סימפּטאָמען אויך ביים קינד...

יאָ, און וואָס טוט ער מכוח דער טעמפּעראַטור? אין בוך איז זי אָנגעגעבן לויט אַ סענטיגראַם־טאַבעלע, אָבער דער שטוביקער טער־מאָמעטער איז שוין אַן אַמעריקאַנישער, גראַדירט לויט פאַרענהייט... דאַרף מען, הייסט עס, יעדן מאָל געדענקען מאַכן אַ חילוק אויף אומ־געפער צוויי־מיט־אַ־האַלב!

אַז קאַרלין לייענט איבער אַ שטיקל מעדיצינישע אינפאָרמאַציע לאָזט ער זיך גיין אויף די שפּיץ־פינגער צום קינדער־צימער, אָב־סערווירן דאָס קראַנקע קינד, זיצן דאָרט די גאַנצע צייט קאָן ער דאָך ניט. אין דער פינצטער קאָן ער דאָך ניט לייענען... ער לייגט איצט צו דעם שטערן צום שלאָפנדיקן קינדס גליענדיקע בעקלעך. פּאַוואָליע און פאָרזיכטיק הויבט ער אויף יענעמס הענטעלע, ציילט דעם פּולס. בעת מעשה בלענדט ער זיך די אויגן צו לייענען אין דער פינצטער דאָס סעקונדע־ווייזערל פון זיין דראָבנעם געלענק־זייגערל, ווייל די

לאָמפּ קאָן ער דאָך ניט אָנצינדן: אַ גליק, וואָס דער זייגערל פאַר־מאָגט אַ ראַדיום־ציפערבלאַט. און קאַרלין פאַרטאַיעט זיך, הערט זיך איין און ציילט דאָס אָטעמען פונם שלאָפנדיקן קינד, לויט די אָקאָרשט איבערגעלייענטע מעדיצינישע טאַבעלן.

דערנאָכדעם לויפט ער צוריק אין קיך, פאַרגלייכט די איצטיקע ציפערן־טעמפּעראַטור, פּולס, אָטעם־צוג — מיט די געהעריקע ציפערן פאַרן נעכטיקן טאָג. זיי ווערן יעדעס מאָל דורך אים פאַרצייכנט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. ער זעט איצט קלאָר, אַז די היץ ביים קינד האַלט אין איין שטייגן... דער פּולס קלאַפּט האַסטיקער ווי נעכטן אָוונט... אפשר איז עס חלילה אַ דיפטעריט? אַ... סקאַרלאַטינע? אַ... עפּעס אַנ־דערש? ער מישט צעטומלט די בלעטלעך פונם מעדיצינישן בוך הין־און־צוריק, צוריק־און־הין, זוכט אינם אינדעקס די ציפערן פון די געהעריקע זייטלעך, וואו די סימפּטאָמען פון אָט די אַלע קראַנקהייטן ווערן באַשריבן. אין קאָפּ מישן זיך באַלד צונויף די סימנים פון די פאַרשידנסטע קראַנקהייטן, אַלץ פּלאָנטערט זיך צוזאַמען, אַלץ קאָן ער זען ביים קראַנקן קינד... ניין, מאָרגן וועט ער שוין באַשטימט רופן ד״ר גראַנאַכן, איצט קאָן מען זיך שוין אָן אַ דאָקטאָר זיכער ניט באַגיין. נישקשה, מיטן געלט וועט יענער מאָגן נאָך אַ ביסל אויסוואַרטן...

גוט, וואָס דאָס ווייב איז ניטאָ איצט אין שטוב, זעט זי ניט קאַר־לינס זאָרגפולע אומרו. אָבער אָט דערהערן זיך טריט אויף די אַלטע סקריפּענדיקע קאָרידאָר־טרעפּ. (יעדעס מאָל, וואָס אַ מענטש הויבט זיך אויף אויף די טרעפּ, דוכט זיך: דאָס מאָל וועלן זיי שוין זיכער די מענטשלעכע משא לענגער ניט אויסהאַלטן...) לינע קערט זיך שוין אַזוי פרי אום פון גאַס? אפנים, אַז ס׳איז איר איצט ניט צום מוט דאָס „שפּאַצירן״.

אָבער ניין — דאָס זיינען דאָך ניט אירע טריט, וועמעס קלאַנג און קוואַליטעט ער פאַרבייט קיינמאָל ניט, אפילו צווישן צען פּאָר פיס. די טריט, וואָס דערנעענטערן זיך איצט, זיינען צו שווערע, באַ־שטימט מאַנסבילישע. זיי בלייבן אַ ווײַלע שטיין הינטער דער טיר. דורך דער האַלב־גלעזערנער טיר שוועבט אַ שאָטן... קאַרלין, מיט זיינע צעשרויפטע נערוון, גיט אַ ציטער. ער האַלט איין דעם אָטעם:

ניין, ער וועט דעם שאָטן ניט אַריינלאָזן... אָבער אָט, מען קלאַפּט אָן אין טיר — און קאַרלין עפנט.

ס'איז גאָר גאַרניצקי, דער נעקסט־דאָריקער *) אוקראַאינישער שכן... נאָך אַלץ מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, אָבער שוין אַ ביסל אַ באַרואיקטער, בעט קאַרלין דעם שכן אַריין אין דער באַלויכטענער קיך. ס'שטינקט פון אים בראָנפן. „איין ווײַלע... באַלד וועל איך אויך אַריין".

און ער לויפט צוריק צום קינד. אַזוי־ווי אין דרויסן איז שוין שטיל, ווינטן בלאָזן מער ניט, קיין צוג איז ניטאָ, לאָזט ער ברייט אָפן די טיר פון שלאָפצימער, כדי וואָס מער ליכט זאָל אַהין אַריינשטראָמען פון קיך. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם קוקט ער זיך ווידער איין אינם קינדס גליענדיקן פּנימל. ווי שיין ער איז, ווען ער שלאָפט! אַזעלכע געדיכטע גאָלדענע ברעמען, אַזעלכע טונקעלע אויסערגעוויינלעך לאַנגע וויעס, וואָס וואַרפן אַזש שאָטנס אויפן איידעלן פּנימל. היינט פאַרנאַכט, ווען דאָס קינד איז געוואָרן פיל בעסער, האָט קאַרלין שפּאַסיק און שטאָלץ באַמערקט פאַר דער מוטער:

— אַז דודל וועט אויסוואַקסן, וועלן זיינע וויעס זיין אַזוינע לאַנגע, אויף חידושים לאַנגע, ווי ביי ר' יוחנן כהן גדול... מען וועט זיי דאַרפן אויפהויבן מיט גאָלדענע צווענגלעך... ווייבער וועלן זיך אויף אים פאַרקוקן, ווען זיי וועלן אַרויס פון דער מקוה...

לינע, וועלכע האָט קוים פאַרשטאַנען קאַרלינס אַנצוהערענישן, האָט דעמאָלט גלייך אויסגעשפּיגן: „טפו־טפו־טפו... זאָג כאָטש קאַנאהאָרע..." און ביידע עלטערן האָבן מיט שווייגנדיקן נחת אָנגעקוקט דאָס אויסגעבלייכטע שמייכלענדיקע קינד, די הערצער האָבן אָנגעקוואָלן אין דער שטיל און זיך געטרייסט. דודל, וועלכער האָט בכלל זייער ניט געוואָלט דעם דאָקטער, האָט זיך אפילו אַ באַרים געטאָן:

— כ'האָב שוין ניט מער קיין מאָרע *), קאָנסט רופן דעם „אָנקל"... כ'האָב שוין ניט קיין הויז...

ווען דאָס קינד ווערט קראַנק, פאַלט עס געוויינלעך אַרויס פונם טאַטנס דורכאויסיקן איינפלוס, און פאַלט טיילווייז אַריין צוריק צום

*) צווייט־טיריקער.
**) מורא.

מאמישן. ער הויבט אָן דעמאָלט ריידן געמישט דעם פּויליש־דיאַ־לעקט מיטן ליטווישן. דעמאָלט זאָגט ער אָבער אויך „הוץ", „דרעי", „וועיזן" (היץ, דריי, ווייזן) — דענקענדיק, אַז מיט דעם וועט ער שוין אויך צופרידנשטעלן דעם פּאָטער, וועלכער רעדט אָן נאָכאַנאַנ־דיקע פּתחן און כיריקן, ווי די מאַמעשי...

און קאַרלין שלינגט עפּעס איצט אַרונטער אין האַלדז. דער־מאָנענדיק זיך אַז אין קיך וואַרט דאָך דער שכן, פאַרמאַכט ער פאַר־זיכטיק די טיר, און לאָזט זיך גיין צו אים.

גאַרניצקין, אַ נידעריקן גויעצל פון אַ יאָר פופציק, טרעפט ער טאַפּן זייער פאַראינטערעסירטערהייט די דיקע בלעטער מיט די צייַ־כענונגען און טאַבעלן פון דער מענטשלעכער אַנאַטאָמיע פונם מע־דיצין־בוך אויפן טיש. די סקעלעטן, נערוון־סיסטעמען, איינגעווייד־קאָמבינאַציעס — זיי וואַרפן אויף אים אָן אַן אומהיימלעכקייט און אַ פּחד... די אויסטערלישע גוליע, די גרויס פון אַ פויסט, אויף דער פּאַטילניצע לעבן זיין לינקן אויער, — זי האָט זיך ווי נאָך בלויער אָנגעגאָסן... אַז גאַרניצקי קערט אום זיין פּנים צום אַריינקומענדיקן, דערזעט קאַרלין אַ פּאָר קליינע אויגעלעך איינגעפּאַסט אין כמעט אַ מאָנגאָלישן אויגן־שניט. ווי נאָר ער עפנט דאָס מויל צו ריידן גיט פון דאָרטן אָן אויר, דער ריח פון ביליקן שנאַפּס. קאַרלין, דער מאַליער דערקאָנט עס: „וואוד־אַלקאָהאָל..." ס'איז איצט די צייט פון „פּראָ־היבישן".

— כ'זע, שכן, ביסט זייער אַ געבילדעטער „טשאָלאָוויק", — טיקעט ער מיטן פינגער אינם בוך אויפן טיש. די פינגער זיינע זיינען אויסגעווייקט און אויסגעדייוועט פונם שטענדיקן געשיר־וואַשן אין אַ קאַפעטעריע ערגעץ אין אַ וויטן טייל שטאָט. — אין דער „אָלד קאָונטרי" וואָלט מען אַזאַ מענטשן ווי דו געוואוסט ווי צו שאַצן, אויסגעקליבן פאַר אַ בורגאָמיסטרזש... און דאָ...

קאַרלין גיט אומעטיקלעך אַ שמייכל, קוקנדיק דעם שכן אין די פאַרגאָסענע אויגן אַריין. ס'איז אים אַ חידוש, וואָס ער האָט זיך אַזוי געמיטלעך אוועקגעזעצט איצט דאָ. אין דער צייט גייט ער דאָך שוין לאַנג אַוועק צו דער אַרבעט. גאַרניצקי, וועלכער האָט נאָך גלייך בייַם אַריינקומען געוואוסט, אַז לינע איז אין שטוב ניטאָ, גיט פונדעסט־

ווענן צוליב זיכערקייט וועגן אַ קוק אין דער טונקלקייט פון די אי־בעריקע חדרים. ער הויבט אָן ריידן שטיל און דערשלאָגן. ווי אַ הילפלאָזע חיה שטרעקט ער אויס די לאַפּע צום „געבילדעטן שכן”, — נאַ, אפשר קענסטו אַרויסנעמען די סקאַבקע פון דער פאַרשטאָכענער האַנט?... ס'טוט שוין זייער שטאַרק וויי!

ער הויבט אָן פאַרטרוילעך, דער צער באַלויכט אַ ביסל די פאַר־טרונקנקייט פון זיינע אויגן:

— קאַרלין ווייסט דאָך מסתמא, ווי דאָס ווייב זיינס, די אַלטע סטערווע, דערגייט אים דאָס רוב די יאָרן הלמאי ער פאַרדינט אַזוי ווייניק? נו, איז טאָ זאָל ער זיך שוין פאַרשטעלן דעם גרויסן בראָך זיינעם איצטער: שוין אַ וואָך צייט ווי ער האָט די שטעלע זיינע גאָר איינגאַנצן פאַרלאָרן! נאָר אַזוי ווי ער האָט עם אַלץ מורא אויס־צוזאָגן דער ווייב, גייט ער יעדן אָוונט אַוועק פון שטוב ווי גע־ווייגלעך, וואַלגערט זיך אַרום אין שטאָט נעכט גאַנצע, זוכט אָפּ פריינט און באַקאַנטע וואָס אַרבעטן אויך אין ביינאַכטיקע קאַפעטעריעס, זוכט אפשר וועט ער ערגעץ אַנדערש עפּעס קריגן צו טאָן, — אָבער ווייס איך וואָס... היינטיקע צייטן! צו וואָס דאַרף מען אים, אַז מען קריגט יונגע באָיעס פאַר דער זעלביקער אַרבעט, און נאָך פאַר ווייניקער געלט אויך... אפילו קאַלעדזש־באָיעס!

און ער פירט פאַרלוירענערהייט אַריבער זיינע אויסגעדייוועוטע צעווייקטע פינגער הין־און־צוריק איבערן קורץ געשאָרענעם קאָפּ, הין־און־צוריק, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוועקט פון דעם שיכרות־צו־שטאַנד... האָבן גוטע ברידער אים געעצהט ער זאָל אַרויפגיין אויף רע־ליעף: קאַרלין לייענט דאָך די צייטונגען, ווייס ער זיכער דערפון... נו, גוט. איז אָבער די צרה, וואָס ער האָט ניט די צווייטע „פּעיפּערס”, גאַרניצקי, כאָטש ער איז שוין העכער דרייסיק יאָר אין אַמעריקע!

— יאָק באָגאַ קאָכאַם! ער האָט שוין עטלעכע מאָל געפּרואווט נעמען דעם בירגערשאַפט־עקזאַמען, אָבער ער האָט אים נאָך קיין מאָל ביז איצט ניט געקאָנט אויסהאַלטן, פאָרט אַ גראָבער פויערשער קאָפּ, טראַסציאַ יעהאָ מאַטערי... איז אָדער ער פאַרגעסט וויפיל איז די צאָל סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט, וואָס יעדער שטאַט דאַרף אויס־קלייבן פון זיך קיין וואַשינגטאָן, אָדער ער ווייסט ניט וואָס צו ענט־

פערן אויף דער פראַגע וועלכער טיפּ אַמעריקאַנישער געריכט שטייט העכער — דער אַפּעללעיט קאָורט, אָדער דער סופרים קאָורט...

ווי זיין ווייבס, אַזוי איז אויך זיין ענגליש־לשון געמישט מיט אוקראַאינישע, פּוילישע און אַפילו יידישע ווערטער. זיינע קליינע שיכורע אויגעלעך ווערן איצט נאָך מער פאַרשמעלערט, ווערן פאַר־צויגן מיט אַ נעפּל פון ענדגילטיקער דערשלאָגנקייט. סטייטש! אָט איז דאָ אַן אוצר גלייך אונטער די הענט — און ער קאָן עס ניט דער־לאַנגען... איז אָט דאָס וויל ער זיך טאַקע מיט קאַרלינען איצט שואל־עצה זיין: יענער איז דאָך אַזאַ געלערנטער, — אפשר וועט ער, קאַר־לין, אים זאָגן ווי אַזוי מ׳קאָן אַרויף אויף רעליעף?

קאַרלין הויבט אָן העפטיק רייבן דעם שטערן, ווי ער וואָלט גע־וואָלט אויף דעם־אָט אופן לאָזן אין האַסטיקער באַוועגונג די טראַכט־מאַשינע זיינע. „רעליעף? יאָ, וואַרט אַקאָרשט, מ׳דאַרף זען עפּעס צוטראַכטן...״ און מיטאַמאָל פאַרשעמט ער זיך, ווי איינער וואָס וויל צוגנבענען ביים חבר דאָס לעצטע וואָס יענער פאַרמאָגט און פאַר־טרויט אים... אומגעריכט בליצט עס אין קאַרלינען אויף: „נו, אָך ער אַליין? זע, ווי עס איז אים ביז איצט ניט איינגעפאַלן! פאַרוואָס זאָל ער עס אויך ניט פּרובירן? אַל דאָס איבעריקע האָט ער שוין, דוכט זיך, איבערגעפּרובירט... און וואָס איז דען דאָ שייך אָפּנאַרן? אויף רעליעף איז דאָ פלאַץ פאַר אַ סך, אַ סך מענטשן, הערסט אַ ביסל!״

— ס׳וועט שוין זיין רעכט, —שטייט ער אויף און הויבט אָן באַרואיקנדיק צו פּעטשלען דעם שכן זיינעם אין פּלייצע אַריין. („ביזט פונקט ווי נייפילד, קאַרלין, אַ מכה דיר אין דיין וואַזשנעם געוויסן!״)
— יוזש בענדזשע דאָבזשע... ער, קאַרלין אַליין, וועט שוין וועגן דעם ווי געהעריק איז אַ טראַכט טאָן! און ער באַגלייט אַרויס דעם שכן צו דער טיר־צו, אויף יענעמס נאַכטיקן אַרומשלעפּן זיך איבער דער שטאָט, אָפּנאַרן זיין ווייב. יאָ, פונקט ווי ער, קאַרלין, נאַרט אויך אָפּ זיין ווייב! ער האָט דאָך זי אַרויסגעשיקט אין דער נאַכט אַריין, כדי צו באַהאַלטן פון איר זיין אומרו, זיין זאָרג איבער דודס קראַנקהייט. און די גוטע נאַכט, די בלויע נאַכט, די שטילע נאַכט נעמט אַלץ און אַלעמען אַריין אין זיך, און דעקט אַלעמען צו.

14

מען שטויסט זיך, מען שטופּט זיך. עס זיינען באַליידיגט מיט מענטשן ניט נאָר די ברייטע שטיינערנע טרעפּ, וואָס פירן צו דער אַלטער רעגירונגס־געביידע, אַמאָליקער בראָנקסער „באָראָ האָל״, וואָס ווערט שוין לאַנג ניט געברויכט — נאָר אויך דער קליינער סקווער אין פראָנט. די פאַרזוכן פון די פּאָליסלייט צו פאָרמירן באַזונדערע מענטשן־רייען געראָטן ניט. די אויסגעהונגערטע מאַסע — איטאַ־ליענער, יידן, סלאַוון, נעגערס, אירישע, פּאָרטאָ־ריקאַנער און אַנ־דערע פּנימלאָזע מעטראָפּאָליע־טיפּן — זי איז צו־אימפּעטיק, צו־אומגעדולדיק, רייסט זיך מיטן גאַנצן כּוח אין דער געביידע אריין, אַן אומרואיק־ברויזנדיקער מענטשן־שטראָם, וואָס וויל פּלייצן ארויפ־צו... פרויען — מיט קליינע קינדער ביי די הענט, אויף די הענט, אונטער די פּיס. די פרויען שרייען, בייזערן זיך, בעטן זיך נאָכאַנאַנד מען זאָל זיי חלילה ניט צעקוועטשן די קליינינקע. אייניקע געפינען זיך דאָ נאָך זעקס־זיבן אינדערפרי, געוואָלט זיין די ערשטע אין דער ריי — אָבער שוין געטראָפן אַנדערע פאַר דער טיר...

אָבער ווי אימפּעטיק די מאַסע רייסט זיך ניט פאָראויס, די הויכע אַלטמאָדישע געוועלבטע טירן עפענען זיך אויף צו־להכעיס אויף זעלטן און אויף געציילטע סעקונדן. די פּאָליסלייט אויף דער וואַך לאָזן אריין יעדעס מאָל בלויז אַ געציילט הייפל מענטשן: אינעווייניק אַרבעט זיך דאָרט לאַנגזאַם און גרינטלעך... דאָ, אין דרויסן, דוכט זיך דעריבער דעם אומגעדולדיקן עולם: מען טאָפּטשעט זיך די גאַנצע צייט אַלץ אויף איין אָרט.

עס טאָפּטשעט זיך דאָ אויך, צווישן די סאַמע לעצטע, ביי די זוימען פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע, — קאַרלין. אויך געוואָלט קומען פריער, אָבער ניט באַוויזן. געמוזט צוערשט באַזאָרגן דעם דאָקטאָר. פאַר ניין האָט מען אים ניט געקענט טעלעפאָנירן, ער שלאָפט נאָך דעמאָלט, בפרט אַז מען רופט אים אויף קרעדיט... אָבער דער דאָקטאָר וועט היינט זיכער קומען, כאָטש אפשר שפּעט נאָכמיטאָג. ביז דאַן וועט שוין קאַרלין זיכער פאַרטיק ווערן מיטן דאָזיקן „רע־ליעף״.

וואָס וועט מען ביי אים פרעגן ? וואָס וועט ער דאַרפן ענטפערן ? ס'איז אים שוין באַצייטנס ניט באַקוועם. ער פילט זיך ווי אַ גנב. צו־ערשט, ער באַגנבעט דאָך גאַרניצקין... ער נאַרט אויך אָפּ לינען, וועמען ער האָט גאָר געזאָגט, אַז ער פאָרט איצט אויף אַן אַפּאָינט־מענט דאַון־טאַון וועגן אַ דזשאַב, — און אויך דאָס האָט ער זיך אויס־געלערנט פון גאַרניצקין... און ווי איז, אַז אימיצער פון זיינע באַ־קאַנטע וועט אים באַמערקן דאָ צווישן עולם ? אָבער ניין, ס'איז דאָך אַ ווילד־פרעמדער עולם, אָרעם, אָפּגעלאָזט, ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט אַז אין ניו יאָרק געפינען זיך אַזוי פיל אָרעמע לייט ! ס'איז ניט מעגלעך, אַז עמעצער פון זיינע באַקאַנטע זאָלן זיך דאָ געפינען ! פונדעסטוועגן, בויגט ער איין דעם קאָפּ נידעריקער, נידעריקער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן...

דאָס פנים ברענט אים, דעם קין קיצלט נאָכאַנאַנד אַ שמוציק־אָפּגעבאַרעטער קאַפּעליוש מיט אַ שווערן שוויס־ריח פון אַ נידעריקן מענטשל פאָרנט פון אים. פון הינטן וואַרעמט אָנגענעם דעם רוקן אַ ריזיקע ברוסט פון אַ סאָפּענדיקער איטאַליענערין. אין אָפּענעם דרויסן אויפן בערגל איז דאָך קאַלט... דער טומל איז גרויס. קאַרלין שטופּט זיך אָן אייגענעם ווילן, מען שטופּט אים פון אַלע זייטן. ער הערט אויף פילן זיך, ווערט מיטגעשלעפּט מיטן מענטשן־שטראָם ווי אַ שפּענדל. ביז ער דערזעט זיך ענדלעך אינעווייניק אין דער אַלטער געביידע מיט די יאָרן־לאַנג פאַרהאַקטע פענצטער, וואו ס'האָט גע־שמעקט מיט טוכלעקייט, שימל און עפּושדיק־פאַרשטיקטער לופט.

דאָ ווערט דער עולם שטילער, ס'באַפאַלט אַלעמען עפּעס אַ מורא. ס'פאָרמירן זיך געהאָרכזאַם באַזונדערע רייען, מען קריגט יעדער צו צוויי קוויטעלעך מיט נומערן. מענטשן פאַרשווינדן אָט אין דער, אָט אין יענער טיר. די אָקאָרשט־געשלאָסענע באַקאַנטשאַפטן דריוולען זיך שנעל פאַנאַנדער. ס'הערן זיך דורך די אָפענע טירן שטימען, בקשות, פּראָטעסטן... קאַרלין האָט שוין שטאַרק חרטה, וואָס ער איז אַהער אינגאַנצן געקומען. עפּעס קוקן אַלע גראָד אויף אים ! ווען ער וויל שוין זיך אויפהויבן, זיך לאָזן צוריק אין דער דרויסנדיקער טיר, זיך אַרויסגליטשן פון דאַנען — רופט מען פלוצלונג אויס זיין

נאָמען. און אַ געהאַרכזאַמער, גייט ער אויך אַריין אין דעם זייטיקן קליינעם צימער, וואו די טיר שטייט אָפן.

בלויז איינמאָל, ווי צוליב יוצא־וועגן, הויבט דער יונגער בלאָנ־דער קלווירק מיטן קורץ־אָפּגעשאָרענעם קאָפּ, אויף אים אויף די אויגן. ער פאַררויכערט אַ נייעם פּאַפּיראָס: — סיט דאון... און באַלד הויבן אויף קאַרלינען אָן צו האָגלען פראַגן:

— ווי לאַנג איז עס, אַז ער אַרבעט שוין ניט?

— אַדרעסן פון פּלעצער, וואו ער האָט געאַרבעט פאַר די לעצ־טע פינף יאָר?

— ווייב, קינד? צוויי קינדער?

— ווי אַלט זיינען זיי?

— דער ווייבס מיידלשער פאַמיליען־נאָמען?

— קאַרלינס מוטערס מיידלשער פאַמיליען־נאָמען?

— עלטערן לעבן, געשטאָרבן?

— פון וואָס?

— געוועזן קראַנקהייטן אין דער משפּחה? פון אַן אַנשטעקנדיקן סאָרט?

— נעמען פון קרובים, נאָענטע און ווייטערע?

— וואָס זיינען זייערע פאַרדינסטן אַ וואָך?

— פאַרמאָגט ער עפּעס אינשורענס? געלט אין די בענק?

— קומט אים ערגעץ געלט?

— קומט ער עמיצן געלט? וועמען — און וויפיל?

— וואָס פאַר אַן אַרבעט וויל ער טאָן, און וועלכע אַרבעטן קאָן ער טאָן?

— איז ער גרייט אָנצונעמען יעטווידע באַשעפטיקונג, וועלכע מען וועט נאָר פאַר אים געפינען?

דער גרויסער דערוואַקסענער מענטש, דער טאַטע פון צוויי קינ־דער, דערפילט זיך פּלוצלונג ווי אַ הילפלאָז קינד. ווי אַ דערשראָקן קינד אויף עקזאַמענעס, ענטפערט ער באַרייטוויליק אויף אַלע גע־שטעלטע פראַגן — שיר ניט מיט אַ געפיל פון שולדיקייט. אָבער אַלץ פּלאַטערט אין אים פון בושה, ווי מען וואָלט אים אויסגעטאָן אַ נאַ־קעטן פאַר פרעמדע מענטשן אין די אויגן... אָבער ער שטאַרקט זיך

אַלץ, ער פאַרבייסט די ליפּן, ער גאַרטלט זיך אָן מיט כוח: דודל איז דאָך קראַנק, אפשר וועט מען אים דאַרפן מאַכן אַן אָפּעראַ־ציע, ס'גייט אַ שווערער ווינטער, מ'דאַרף האָבן געלט, געלט, געלט! ניין, ער וועט לינעלען דערוויי גאָרניט זאָגן, ער וועט איר ערשט צום סוף איבערראַשן, ווען מ'עט שוין אָנהויבן ברענגען די טשעקס...

דער קלוירק, נאָך אַלץ ניט אויפהויבנדיק די אויגן, בורטשעט אָבער באַלד ארויס צווישן די ציין, אַז זיכער מיט רעליעף קאָן ער נאָך ניט זיין. אין בעסטן פאַל מוז עס געדויערן נאָך אייניקע וואָכן. מ'עט צוערשט מוזן שיקן אַן „אינוועסטיגעיטאָר" צו אים אַהיים, אויספרעגן זיינע שכנים, ווי אויך זיינע קרובים און פריינט. אָבער די „אינוועסטיגעיטאָרס" זיינען איצט אַלע שרעקלעך ביזי, זיי אַרבעטן שיר ניט טאָג־און־נאַכט, סאָ... און — מען רוקט אים שוין אונטער דעם געדיכט פאַרשריבענעם פראַגע־בויגן מיט זיינע ענטפערס אויף אונטערצושרייבן — אונטערשרייבן, ווי קאַרלין פילט, זיין טויט־אורטייל, דעם ווערדיקט פון הילפלאָזער אָרעמקייט... אָבער קאַרלין שפרינגט פלוצלונג אויף, אַ געביסענער.

— מיינע שכנים? מיינע פריינט? — פאַרשווינדט אַזש יעדער טראָפּן בלוט פון זיין געזיכט. — אַנטקעגן וואָס דאַרפן זיי עס וויסן? צו וואָס דאַרף מען נאָך זיי אַריינשלעפּן אין מיין אומגליק, אין מיין געפאַלנקייט?

— וואָס־זשע אַרט עס אייך, — הויבט פויל אויף זיין בליק דער אויספאָרשער־אויטאָמאַט, דער יונגער פאַרשוין פון עטלעכע־און־צוואַנציק, דער קורץ־געשוירענער און גלאַט־צוגעקעמטער מענטש מיטן דיניקן שנירעלע פון אַ וואָנץ, ווי אַ שמיר מיט סאַזשע אויף דער אויבערשטער ליפּ. — אויב איר האָט אונדז נאָר געגעבן די ריכטיקע אינפאָרמאַציע האָט איר דאָך גאָרניט וואָס מורא צו האָבן... — אין דעם וואַסערדיקן בליק פון זיינע גרינע אויגן האָט אויפגעגלאַנצט אַ פאַרדאַכט. — כאָטש אפילו אַזוי... פאַרן ענדגילטיקן באַשלוס קאָן איך אייך, נאַטירלעך, ניט קאַווירן.

אָן־אַ־וואָרט, מיט פאַרביסענע ליפּן, הינטער וועלכע עס האָבן געשווימט און געזאָטן די ביטערסטע ווערטער, שטייט קאַרלין אויף, קערט זיך אום צום יונגנמאַנטשיק אָן אַ זיי־געזונט. אָבער ווען ער

שפּאַרט זיך דורך אַ וועג דורך די מענגעם דרויסן אויף די טרעפּ, — און זיי זיינען פּאַר אַט די פּאָר שעה ווי גאָרניט קלענער געוואָרן! — האָט ער דאָס געפיל פון אַ מאָדנער גרינגקייט, ווי ער וואָלט אָקאָרשט פּטור געוואָרן פון אַ שווערן יאָך, וועלכן מ'האָט געוואָלט אויף אים אָנטאָן. ער איז נאָר פול מיט באַדויערן צו אַט די אומגליקלעכע בליני־דע מענטשן, וואָס רייסן זיך און שטופּן זיך אַלץ אינאיינעם, זוכן נאָך אַט דעם יאָך אויף זיך אַרויפצושלעפּן... נו, זעט, וויפיל בעסער איז נאָך אַלץ פונדעסטוועגן אים, קאַרלינען, דעם פרייען מענטשן!

## 15

ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים איילנדיק און יאָגנדיק, כדי ניט צו פאַרשפּעטיקן דעם דאָקטאָר, און ווירקלעך: קוים האָט ער באַ־וויזן עפּעס איבערצובייסן, האָט זיך שוין דערהערט דאָס כאַראַק־טעריסטישע לאַנגע אַלאַרמירנדיקע קלינגען.

לינע איז געוואָרן בלייך. קאַרלין האָט זיך אָנגעהויבן קרעכצן מיט אַ ביסן, ניט אויסצושפּייען, ניט איינצושלינגען, שווערע, תקיפותדיקע טריט: נו, אוודאי, דאָס איז ער טאַקע... ד"ר גראַנאַך, אַ מיטל־וואוק־סיקער, ברייט־פּלייציקער ייד, מיט אַ רויטן קאַרק און פּירקאַנטיקן פּנים, האָט מיט אַ געמאַכט פריינטלעכן „העללאָ" באַגריסט די על־טערן. מיטן קליינעם רענצל אין דער האַנט, מעשה־קאָמי־וואָיאַזשאָר, האָט ער געשעפּטסמעסיק, ניט פרעגנדיק אפילו קיין וואָרט, זיך גלייך געלאָזט צום קינדס צימער, וואָס איז אים געווען באַקאַנט שוין פון די פריערדיקע וויזיטן.

דודל, וועמען ס'איז ביי טאָג אַ סך בעסער געוואָרן, האָט צוערשט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר די אויערלעך, זיך ניט געוואָלט לאָזן עקזאַמי־נירן.

— פּאַפּאַ, מיר טוט שוין גאָרניט וויי... מ'דאַרף ניט דעם אָנקל...

אָבער נאָך די בעטנדיקע בליקן דעם פאָטערס, און דענקענדיק צום סוף אַז ער וועט אפשר אָדער נאָך גיכער קאָנען אָפּנאַרן דעם דאָקטער, האָט ער באַלד יאָ איינגעשטימט צו לאָזן זיך עקזאַמינירן.

ד"ר גראנאך האָט אַריינגערוקט די פּרוביר־דרעטלעך אין דעם קינדס אויער אַריין, האָט געשמעקט די שפּיצן, געשאָקלט מיטן קאָפּ... דאָס קינד האָט זיך געביסן די ליפּעלעך, פאַרמאַכט די אויגן, אָבער צום סוף ניט אויסגעהאַלטן, אויפגעשריגן פון גרויס ווייטיק.

— נו, יאָ, איך האָב עס גלייך געוואוסט, ווי נאָר איך האָב אויף אים אַ קוק געגעבן, — האָט דער דאָקטער טריאומפירנדיק אַ וואונק געטאָן צו די עלטערן. אָן ווייטערדיקע שהיות, האָט ער גענומען שלעפּן פונם רענצל די גלאַנציקע כירורגישע שפּיזלעך, זיי צעלייגט אויף אַן אויסגעשפּרייט ווייס האַנטוכל. אַ קליינער עטער־נעץ, טראָפּנס, וואַטע. און ווידער אַן אַ וואָרט, אַפּנים אין גרויסער איילעניש צום גרויסן שטוינען פון די צעטומלטע עלטערן, האָט ער אויסגעטאָן דאָס רעקל, פאַרקאַשערט די ווייסע אַרבל פונם העמד, געבעטן אַ וואַש־בעקן, זייף און אַ ריינעם האַנטוך.

— ד"ר... — איז אין קאַרלינען געזונקען דאָס האַרץ. — איר מיינט... מען דאַרף טאַקע שוין עפּענען? אפשר וואַרט מען אָפּ נאָך אַ פּאָר טעג... היינט האָט זיך דאָס קינד אויף גאָרניט באַקלאָגט... די היץ איז אים אויך געפאַלן... האַ?

אַ באַליידיקטער, האָט ד"ר גראנאך אָנגעהויבן צוריק אַרונטערשאַרן די אַרבל.

— נו, אויב איר ווייסט בעסער...

— חלילה... — האָט קאַרלין פאַרלאָרענערהייט זיך אָנגעהויבן דרייען אַרום דעם דאָקטער. — כ'האָב בלויז געמיינט... נאַטירלעך, אויב איר האַלט... מילא, טוט ווי איר פאַרשטייט.

דער פאָטער האָט זיך אָבער אַלץ ניט געקאָנט באַפרייען פונם געפיל אַז ס'איז דערווייל קיין נויט ניט צו שניידן... די טעמפּעראַטור איז דאָך ביי אים היינט געפאַלן, לינע שפּריצט אים רעגלמעסיק די אויערן מיט הייס וואַסער, אַ פּאָר מאָל פריער האָט מען שוין אויך אָט־אַזוי געהאַט פאַרטריבן ביים קינד אַן אויער־געשווילעכץ. ניט אַנדערש ווי דאָס וויל דער דאָקטער אַליין אונטעראײַלן דעם עסק, כדי זיך איינצושפּאָרן נאָך אַ צווייטן קבצנישן באַזוך.

לינע האָט אויף גיך געכאַפּט און אָוועקגעפירט ליוסילען צו אַ שכנה. דאָס איז אָבער בלויז געווען אַן אויסרייד. זי אַליין וואָלט עס

מיט אירע אויגן סיי ווי ניט געקאָנט צוקוקן. דודל האָט זיך צעשריגן מיט באַנומענע קולות.

— טאַטעלע, מ'דאַרף ניט... וויל ניט קיין „פּערעישאַן"... גוניש טוט מיר שוין וואי...

ער האָט געוואָרפן מיט די הענטלעך און פיסלעך, ניט געלאָזט אויף זיך אַרויפלייגן דאָס עטער־נעצל, דער געניטער כירורג האָט דע־מאָלט מיט איין האַנט פלינק אַריינגעכאַפּט דעם קינדס ביידע הענט־לעך, אָבער יענער האָט דעמאָלט נאָך מער אָנגעהויבן דריגען מיט די פיסלעך. אויפן דאָקטערס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ מידקייט און אומגעדולדיקייט... אַרונטערשלינגענדיק די טרערן, האָט דעמאָלט דער פאָטער אַליין אָנגענומען דאָס קינד ביי די פיס, מיט אַ געפיל ווי ער וואָלט געפירט זיין איינציקן זון צו אַן אומגויטיקער עקדה.

ווען דודל האָט דאָס דערזען האָט ער אַן ווערטער אַ קוק געטאָן מיט פיינלעכער איבעררּאַשונג אויפן פאָטער: דו, הייסט עס, אויך? דיין איינגן זונעלע?... דער פאָטער האָט דעם קינדס בליק ניט גע־קאָנט אויסהאַלטן, האָט אַוועקגענומען די אויגן אַן אַ זייט.

— אָלראַיט, — האָט דאָס קינד זיך ענדלעך אָפּגערופן האַלב־מאַרטירעריש, האַלב־ספּאָרטיש, דערזעענדיק זיך פאַרלאָזט פון אַלע־מען. — כ'על מיך שוין לאָזן... כ'על שוין ליגן שטיל... אָבער האַלט מיך דו ניט צו, פּאַפּאַ...

און ער האָט זיך אויסגעצויגן שטיל און באַוועגלאָז, די דינע הענט און שלאַנקע אָרעמס — גלייך, ווי ווירעס, די אויגן — אויפ־געהויבן צו דער סטעליע.

דער דאָקטער האָט אים גלייך אויפן פּנים אַרויפגעוואָרפן די נעץ, אַ באַגאָסענע מיט עטער. — — —

מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער שוין אַרונטערגעלאָזט די אַרבל, פונדאָסניי אָנגעטאָן דאָס רעקל. קאַרלין האָט אים צוגעהאָלפן מיט די אַרבל.

— איר דאַרפט זיך פילן גליקלעך, — האָט ער נצחונדיק גע־שמייכלט. — כ'האָב דאָס קינד אייערס פאַרהיט פון אַ מאַיסטאָיד.

קאַרלין האָט אים אונטערגעטראָגן דאָס רענצל.

— דאָקטער, מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער וועל איך אייך שוין

באַשטימט באַצאָלן... איך ווייס, אַז ס׳קומט אייך שוין פאַר דריי ווי־זיטן, דאָס הייסט, חוץ דעם איצטיקן... צוועלף דאָלער צוזאַמען... אָבער איר מעגט זיין זיכער.

דער דאָקטער האָט זיך ניט אָפּגערופן מיט קיין איינציק וואָרט. געוויינלעך פלעגט ער באַרואיקן קאַרלינען, מאַכן דעם גאַנצן עניין צונישט... קאַרלין האָט זיך דערפון אָנגעהויבן פילן שלעכט.

— פאַרוואָס קומט איר מער קיינמאָל ניט אַרויף צו אונדז?...

—האָט ער זיך געפּרואווט אַרויפקראַפּקען אויפן פלאַך פון גוטברו־דערשאַפט און לאַנגיאָריקער באַקאַנטשאַפט. — כ׳מיין, אַזוי אַמאָל אין אַן אָוונט...

— טאַקע מיטעם גראַנאַך אויך... — האָט צוגעהאָלפן לינע, וועלכע איז שוין צוריקגעקומען אָן ליוסילן. איר שמייכל איז אָבער געווען אַ קאַלטער, ווייל זי האָט ניט געקענט אָוועקרייסן די אויגן פונם קינד, וואָס איז אומבאַוועגלעך געלעגן אויפן בעטל, נאָך אַלץ אונטערן איינפלוס פונם שלאָף־געטראַנק. אַזוי האָט מען קיין ענדע־רונג אין אים ניט געקאָנט זען. עס זיינען אים בלויז צוגעקומען צוויי שטיקלעך וואַטע, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון ביידע אויער־לעך...

דער דאָקטער האָט אָבער ניט ליב געהאַט מען זאָל צונויפמישן ביזנעס מיט פריינטשאַפט — ביידע האָבן ביי אים דעמאָלט פאַר־לוירן יעטווידער טעם. ניט קוקנדיק גלייך אין די אויגן, האָט ער אַרויסגעבורטשעט:

— אַז ווער האָט עס צייט... מען איז תמיד פאַרנומען... דער קריזיס האָט זיך אויף אונדז אויך אָפּגערופן, די גרויסע האָנאָראַרן וואָס דאָקטוירים קריגן איצט! נו, און מאַרטאַ איז שטענדיק פאַר־האַוועט מיט אירע סאָסייטיס און טשאַריטיס...

— און איך קלייב מיך שוין לאַנג צו מאַכן איר אַ סורפּריז...

— האָט לינע אַזש אויפגעפלאַמט פונם פּלוצלונגדיקן גליקלעכן איינ־פאַל. — איר ווייסט, פאַניע דאָקטער, ביי מיר ליגט אַ סך פוך... היי־מישער פוך, אין אַמעריקע קאָן מען גאָר אַזוינס ניט קריגן! מיר האָבן שוין באַכשעם אַזוי אויך געגנוג פערינעס און איבערבעטן. און מאַרטאַ וואָלט געקאָנט פונם פוך מאַכן עטלעכע פיינע קישעלעך.

— גוט, איך וועל עס איר איבערגעבן, — איז דעם דאָקטערס שטים אַ ביסל ווייכער געוואָרן, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אַרונטערגעלאָזט די בליקן.

מיט אַ קרעכץ האָט זיך דוד אָנגעהויבן וועקן... „פּאַ", — האָט ער דאָס ערשטע זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן. — האָסט מיך געלאָזט מאַכן אַ „פּערעישאָן"...

— אָבער איר וועט דאָך צוקומען אַ קוק טאָן צי די אָפּעראַציע איז געלונגען? — האָט דער פּאַטער אַ וואָרף געטאָן צוטרעוואָזשעטע בליקן צום פאַרהלשטן קינד אויפן בעט.

— עט, ס'איז דען אויך אַן אָפּעראַציע! אירט מיר מאָרגן אָנקלינגען, אויב די היץ וועט זיך הויבן העכער פון 103... אויב ניט, איז אַלץ אָ־קעי... איר וועט אים בלויז אויסשפּריצן די מאַטעריע יעדע דריי שעה... אַ טיי־לעפעלע באָריק־עסיד אין אַ... אַז כ'וועל פאַרבייפאָרן, וועל איך מיך ווידער אַריינכאַפּן, איר זענט דאָך תמיד דאָ אין שטוב... גוד־באַי.

16

ס'איז איבערגעגאַנגען איין טאָג, און אַ צווייטער. דער דאָקטער האָט זיך מער ניט באַוויזן.

די טעמפּעראַטור ביים קינד איז טאַקע געוואָרן נאָרמאַלער, אָבער די אויערלעך האָבן ניט אויפגעהערט צו רינען. איבעריקס, דאָס קאָן אַזוי אָנהאַלטן אַ וואָך צוויי, און אַפילו לענגער, האָט ד"ר גראַנאַך זיי שוין איינמאָל געהאַט דערקלערט. ווען קאַרלין פלעגט זיך אומקערן פון זיינע טעגלעכע עקסקורסיעס אין שטאָט אַריין, אין אומזיסטער זוכעניש נאָך אַרבעט, פלעגט ער זיך גלייך אַנידערזעצן ביים קינדס בעטל, פאַר אים פאָרלייענען קינדער־מעשהלעך פון אַנדערסאָן, פון גרים, בכלל איבערנעמען דעם אומגאַנג אַרום דעם קראַנקן קינד. די מוטער פלעגט דעמאָלט קאָנען אַרונטער אין גאַס איינקויפן, אָדער כאַפּן אַ דרימל. זי האָט זיך שוין קוים געהאַלטן אויף די פיס פון נאָכאַנאַנדיקן אַרומלויפן הין־און־צוריק פון פראָנט־צימער אין קיך אַריין, וועלכע האָט זיך געפונען פונקט אויפן צווייטן עק שטאָק. דאָס

קראַנקע קינד האָט מען איצט אַריבערגעפירט אינם פּראָנט־צימער, ווייל דאָרט איז געווען זון. אין בעק־פּאַרלאָר איז דאָך אַפּילו בייטאָג געווען טונקל.

אויפן פערטן טאָג האָט מרס. גראַנאַך אומגעריכט טעלעפאָנירט, אונטן, אויפן ערשטן שטאָק, האָט געוואוינט אַ שכנה, אַן אַלמנה וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַן אַגענטור פון פייער־פאַרזיכערונג. ביי איר האָט זיך געפונען דער איינציקער טעלעפאָן אין גאַנצן הויז. אין זעלטענע פאַלן פלעגט מען דאָרט קאָנען איבערלאָזן אַ מעסעדזש פאַר אַ שכן. די קאַרלינס, פאַר וועמען די אַגענטקע האָט געהאַט אָפּ־שיי ווי פאַר מענטשן אויך פונם „בעסערן סאָרט", פון איר סאָרט, פלעגט זיי אַפּילו רופן צום טעלעפאָן. דריי קלינגלעך פון וועסטיביול־גלעקל — דאָס איז געווען דער צייכן. כאָטש קומען צו איר קלינגען — דאָס האָט זי אַפּילו די קאַרלינס אויך ניט דערלויבט.

לינע איז געווען איבערראַשט צו הערן מאַרטאַס שטים. שוין אַזוי לאַנג איר קול ניט געהערט. „דער דאָקטער וועט זיך היינט באַ־טאָג באַשטימט צוכאַפּן זען וואָס דאָס קראַנקע קינד מאַכט... און מעגלעך אַז איך וועל זיך אויך אַריבערכאַפּן, כאָטש אויף זיכער ווייס איך ניט, ווייל כ'האָב היינט דריי מיטינגען צו באַזוכן! כ'האָב זיך שוין שטאַרק אויסגעבענקט צו זען דאָס טייערע יינגעלע... וואָס מאַכט עס עפּעס? זי ווייס, זי ווייס, דער דאָקטער האָט איר נעכטן דער־ציילט... שור, אויב זי וועט נאָר קענען. גוד־באַי!".

לינע האָט אַ שמייכל געטאָן: איר „פּרימאַנקע" האָט, ווייזט אויס, גוט געהאַלפן... און זי האָט באַצייטנס אָנגעהויבן אַרונטערצו־ציען די ציכלעך פון אַ גרויסן אַלטמאָדישן ירושה־קישן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך דער חתונה פון דער היים אַרויס. זי האָט זיך עם גענקליבן איצט צוטרענען, אויסשיטן דעם פּוך אין אַ קליין זעקעלע, בכדי עס זאָל ניט אויסקוקן אַז זי גיט אַוועק אַ פּאַרטיקן קישן. אפשר וועט מאַרטאַ זיך פילן אומבאַקוועם צוצונעמען ביי איר אַ קישן?

קאַרלין, וועלכער האָט גוט געוואוסט דער ראָמאַנטישער ווייב זיינערס צוגעבונדנקייט צו אַלערליי ירושה־זאַכן, האָט ביי זיך באַ־שלאָסן זען צו באָרגן ערגעץ אַן עקסטראַ צענערל, באַצאָלן דעם דאָק־

טער אין מזומן. ער האָט זיך אָבער פאַרנאַכט אומגעקערט אַהיים מיט לײדיקן. אַ גליק, וואָס אין שטוב איז נאָך דערווייל אַפילו קיין סימן פון דאָקטער ניט געווען... דער צוגעגרייטער קישן איז דערווייל צו־ריק געלעגן אויפן בעט, טאַקע אַ ניט־אויפגעטרענטער.

ערשט שפּעט אין אָוונט, ווען ביידע קינדער זיינען שוין גע־שלאָפן, איז דאָס דאָקטער־פּאָרל ענדלעך געקומען צופאָרן אין זייער זעקס־אָרטיקן אויטאָמאָביל. די „דאָקטערשע", מרס. גראַנאַך, האָט שווער געסאָפּעט, און זיך נאָכאַנאַנד געווישט דעם שווייס פון שטערן, ווען לינע האָט געעפנט פאַר זיי די קאָרידאָר־טיר. די דאָזיקע טיר האָט גלייך איבערן שוועל געפירט אין קליינעם עס־צימער אַריין אָן שום פּאָיע אינצווישן. אָט דעם צימער, וואָס איז בייטאָג געווען כמעט אינגאַנצן טונקל, פלעגט מען סיי־ווי באַנוצן בלויז פאַר די זעלטענע באַזוכערס וועגן.

— ווי — פ — פ... ווי פאַרקלייבט מען זיך עס אַזוי הויך...

— האָט זי אָנגעבויגן דעם קאָפּ ביים אַריינגיין, ווי מורא האָבנדיק אים אָפּצושלאָגן. — אַזש אויפן טאָפּ־פלאָר. און נאָך אַזעלכע שמאָלע טרעפּ! האַלדז־און־נאַקן קאָן מען זיך דאָ צעברעכן... און אַ לאָמפּ צינדט מען דאָ ביי אים אָן בלויז אויף יעדן צווייטן שטאָק! איבער־הויפּט פאַר אייך, קאַרלין, איז עס דאָך זייער שעדלעך מיט אייער האַרץ!

מאַרטאַ: אַ דאַרע מיט אַ לענגלעך פּנים פון געלן ערד־קאָליר, מיט איינגעפאַלענע באַקן און אויסגעצויגענער שפּאַרבער־נאָז. כאָטש זי איז געווען אַזש מיט צוויי קעפּ העכער פונם מאַן, פלעגט זי פונ־דעסטוועגן פאַרקאָמען די לאַנגע האָר אַרויפצו־צו, מיט אַ היפּשן קוב־ליק, אַלטמאָדיש־אַריסטאָקראַטיש.

די גראַנאַכס האָט מען זעלטן געזען צוזאַמען. ער — פאַרנומען שיר ניט טאָג־און־נאַכט מיט זיין היפּשער פּראַקטיק; זי — תמיד פאַריאָגט מיט איר קהלן זיך אין קולטור־טועריי. די זעלטענע פאַלן, ווען מען פלעגט זיי שוין יאָ זען צוזאַמען אין געזעלשאַפט, פלעגט זי מאָנאָפּאָליזירן דאָס געשפּרעך. ער פלעגט בלויז הילפלאָז שמייכלען, אָדער גאָר דרעמלען פון מידקייט.

ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מאַן־און־ווייב האָבן לײדער

ביידע פאַרשפּעקטיקט דעם הויפּט־ציל פון זייער באַזוך היינט אָוונט. דער דאָקטער האָט שוין נישט געקאָנט עקזאַמינירן דעם חולה, און די איבערטריבן־צוגעלאָזענע מרס. גראַנאַך האָט שוין נישט געקאָנט אָנקוקן דאָס „טייערע, גאָלדענע קינד", וועלכע זי האָט שוין שיר אַ יאָר צייט ניט געזען, און וועלכן זי בענקט אַזוי יעדן טאָג...

— אַך, אַזאַ שאַד, — האָט זי זיך גענומען וויקלען אין איר בונטער פּעיזלי־שאַל, ווי דאָס וואָלט איר געקאָנט באַדייטנדיק אָנ־וואַרעמען. — אַזאַ גאָלדן קינד... אַזאַ ראַר קינד... ס'וואַקסט דאָך ביי אייך אַ גאוני! פאַרוואָס איז ביי אייך אַזוי קאַלט? ס'איז דאָך שוין דעצעמבער... אַך, אַזאַ טייער קינד! און שוין ביי דעם ערשטן באַ־געגן . . .

ווייל דער דאָזיקער קאָך־לעפל האָט זיך געמישט אין אַלערליי קולטור־קרייזן, זיך אָפּט געריבן אַרום יידישע שרייבער, האָט זי אויך געהאַט אַ באַזונדער שוואַכקייט צו אַלערליי פרעמד־ווערטער, פלעגט ליב האָבן צו באַנוצן די מאָדערן־איינגעפירטע געקירצטע יידישע ווערטער, ביי וועלכע די סופיקסן זיינען אָפּגעמהלט געוואָרן, אפשר וועט דורך דעם יידישן פאָלק זיין גרינגער צו לעבן אויף דער וועלט. זי פלעגט פרום־פעדאַנטיש זאָגן: „אַ צוזאַמענטרעף", „צו־נויפקום", „אַנטשטיי", און אַזוי ווייטער.

— אַז דו ביזט דאָך געקומען צו שפּעט... — האָט דער דאָק־טער געפּרואווט אַריינשטעלן אַ וואָרט.

— מיר האָבן זיך איינגנטלעך געטראָפן אַקצידענטאַל... — האָט די דאָקטאָרשע אויסגעבעסערט דעם מאַן אין אַ שטרענגן טאָן. און איר אַרומלויפעניש דורכן טאָג האָט זי שוין דערווייל פאַרגעסן: זי האָט דאָך נאָך אינדערפרי טעלעפאָנירט לינען, אַז זי וועט קומען.

— יאָ, טייערע לינעלע... ווייסט וואו מיר האָבן זיך צופעליק געטראָפן? אין אַ שטוב פון פריינט, וואו אונדזער געזעלשאַפט — „פריינט פון דער יידישער טעאַטער־קונסט" — האָט אָפּגעהאַלטן אַ וויכטיקע דיסקוסיע וועגן פאַרשטייענדיקן סעזאָן. כאָטש די דיסקוסיע האָט זיך קולמינירט אין גאָרנישט...—זי האָט פאַררויכערט אַ שטאַרקן טערקישן פּאַפּיראָס, פון וואָס לינע האָט גלייך אָנגעהויבן הוסטן. — דער דאָקטער האָט מיר דערציילט, אַז ער דאַרף איצט צופאָרן צו

אייך, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיך אויך מיטנעמען... כ׳האָב דאָך שוין אַזוי לאַנג ניט אָנגעקוקט דאָס גאָלדענע קינד. אַך, ווי עס קלעפּט זיך עס תמיד צו אים...

אָבער איר גרויסער מאַנסבילשער נאָז, אירע ביסטרע שוואַרצע אויגן האָבן די גאַנצע צייט דורשטיק געניִשטערט איבערן שטוב, געזוכט און אויסגעשפּירט עפּעס. און לינע האָט פאַרשטאַנען...

אין דער דאָזיקער נייער שכנהשאַפט אייערער וואוינען דאָך הויפּטזעכלעך געגנטילן? — האָט די דאָקטאָרשע מיט אַ האָניקדיקן שמייכל ווידער זיך געווענדט צו לינען. מיט קאַרלינען האָט זי אויס־געמיטן צו־פיל צו ריידן. עפּעס האָט זיך איר תמיד אויסגעדוכט צו באַמערקן אַ שפּאָטישן פייערל אין זיינע אויגן.

לינע פאַרשטייט ניט, וואָס יענע מיינט, אירע טויבן־אויגן שטרענגען זיך אָן. אירע ברעמען קנייטשן זיך, קאַרלין קומט איר צו־הילף. „זי מיינט, פאַרשטייסטו, פּשוט גויים... דזשענטאַילס"...

— יאָ, דאָ וואוינען טאַקע אַ סך גויים, — האָט זיך לינע ווי אַנטשולדיקט פאַר איר אומוויסנהייט. — אייגנטלעך, קיין יידן כמעט אינגאַנצן ניטאָ...

— איז ווי קאָנט איר זיך דאָ אויסלעבן? — האָט די דאָקטאָר־שע געשטוינט. — כ׳מיין... דאָס קינד וואַקסט דאָך אונטער!

— איר זיינט גערעכט... — האָט לינע געשמייכלט. — אָבער דירה־געלט קאָסט אין דער געגנט אַ סך ביליקער...

די דאָקטאָרשע, פּונקט ווי איר מאַן, האָט אָבער אויך ניט גערן געהאַט אָט די ניט אינטערעסאַנטע שמועסן. ווען לינע איז אַרויס אין קיך, צוצוגרייטן טיי, האָבן מאַרטאַס אויגן אויפגעשיינט.

— אָ, סאַראַ שיינע פּרעכטיקע מיניאַטור־וואַזאָנעלעך... — האָט זי זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן, ווי אַ שפּאַרבער, צום מענטל־פּיס. די עקן פונם פעיזל־שאַל האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויִיט, ווי צוויי פליגלען. זי האָט זשעדנע געגעבן אַ כאַפּ די צוויי קליינינקע בראָנ־זענע מעטאַל־וואַזאָנקעלעך, וואו עס האָבן געשטעקט פּיצינקע קאַק־טוסן. ביי די קאַרלינס זיינען גראָד געווען אַ סך פאַרשיידענע בריק־אַ־בראַק. אַרטיסטיש־דעקאָראַטיווע נישטיקייטן און קלייניקייטן, וואָס זיי האָבן אָנגעקליבן נאָך בעת די אַמאָליקע „גוטע צייטן".

— אָ, דאָס... — האָט קאַרלין געגעבן דערקלערונגען מיט דער העפלעכער גרייטקייט פון אַ „גאַיד". — דאָס האָבן מיר איינמאָל איינגעהאַנדלט ביי אַ גאַסן־פּאַרקויפער אין רוים, ניט ווייט פון דער סעינט־פּעטרים קירכע... ס'האָט, דוכט זיך, געקאָסט בסך־הכל אַ פּאָר לירעס...

— אָ, וואונדערבאַר, פּרעכטיק... ווי אַטראַקטיוו!

— נעמט זיי, אויב זיי געפעלן אייך אַזוי שטאַרק... — האָט קאַרלין אַ זאָג געטאָן פון העפלעכקייט וועגן. אינדעראמתן, האָט ער אַליין געהאַט אַ היפּשע שוואַכקייט צו די אַלערליי מעמענטאָס פון זיינע אַמאָליקע רייזעס. אָבער אַ האָפענונג האָט דאָ פּלוצלונג אויפגעשיינט: אפשר וועט זי צוליב די וואַזאָנקעלעך פאַרגעסן אָן דעם פוך, אָן די קישנס, וואָס זיינען פאַר דער נאַרישער לינעלען געווען נאָך טייערער...

מאַרטאַ האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן, האָט אַ כאַפּ געטאָן די פּיצינקע וואַזאָנקעלעך, זיי אַריינגעלייגט אין היפּשן גלאַנציק־לעדערנעם האַנט־טאַש אירן, נאָך איידער די אויסגעמאַטערטע לינע האָט אַריינגעטראָגן דעם טאַץ מיט טיי. דער דאָקטער האָט דערווייל מיד אָנגעהויבן דרעמלען. אַ גאַנצן טאָג טרייבט ער די מאַשין, קריכט אויף די העכסטע שטאָקן צו אַלערליי פּאַציענטן... קאַרלין האָט זיך געוואונדערט, צוליב וואָס יענער איז אינגאַנצן געקומען אַהער.

— איר ווייסט, לינעלע, — איז מרס. גראַנאַך איצט נאָך לעבעדיקער געוואָרן, — וועמען כ'האָב היינט געטראָפן ביי דער זיצונג פון אונדזער געזעלשאַפט? דאָרען... יאָ! ווייסט איר, זינט שמעוני איז זיך מיט איר פאַנאַנדערגעגאַנגען, האָט זי גאָר אויפגעבליט... אַז ס'איז איר אַראָפּ אינגאַנצן דער פּרנסה־יאָך פון קאָפּ, כאַ־כאַ!

— שמעוני איז זיך דען פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דאָראַן? ווען?

— האָט די נאַאיווע לינע, פאַר וועלכער דאָס פאַנאַנדערגיין זיך פון אַ פּאָרפאָלק האָט געקלונגען ווי אַ שוידערלעכע טראַגעדיע, אַזש געעפנט אַ מויל פון איבעררראַשונג. — ער איז דאָך דוכט זיך, אַזאַ איידעלער מענטש, אַזאַ געלערנטער...

— דעפיניטיוו! — האָט מאַרטאַס גרויס מויל מיט איינע פּאָר זופּן אויסגעליידיקט די ערשטע העלפט גלאָז טיי. — אָבער אין

פּרנסה־זאַכן איז ער געווען אַ גרויסער שלים־מזל... ניט אַזוי אַ שלים־מזל ווי אַ פּוילענצער! הערסט, ס׳איז שוין אַן אַלטע מעשה!... שמעוני איז זיך טאַקע אַ קולטורעלער מענטש; ווען אָבער ס׳קומט צו אַט די זאַכן, איז דאָס אַן אוניקום...

— אַ... וואָוע? — דערשרעקט זיך לינע ווידער פאַרן דאָזיקן אויסטערלישן וואָרט. עס קלינגט אָפּ ווי דער נאָמען פון עפּעס זייער אַ פאַרבּרעכערישער נייגונג ביי זייער גוטן פריינט שמעונין... זי קוקט אויפן מאַן. ער שמייכלט. אָ, זי וואָלט זיך דאָך געפילט אַזוי אומגליקלעך און פאַרלאָרן, ווען ער, ניוקעלע, גייט זיך מיט איר פאַנאַנדער...

— וואָס־זשע, ביז איצט נאָך ניט געהערט וועגן דעם, טייערינקע? — באַטראַכט מרס. גראַנאַך לינען ווי עפּעס זייער אַ פּראָווינציעל און אָפּגעשטאַנען וועזן. — כ׳האָב אַלעמאָל געוואוסט, אַז דאָראַס באַצי צו שמעונין וועט שוין לאַנג ניט אָנהאַלטן... אַגב, צילקע איז אויך געווען ביים מיטינג. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז היינטמאָרגן כאַפּן זיי זיך באַשטימט אַרויף צו אייך. ווען כ׳האָב זיי דערציילט, אַז ביי אייך איז דאָס קינד ערנסט קראַנק, זיינען זיי געווען אויפריכטיק שאָקירט...

נאָר לינע שווייגט שוין. מער אינטערעסירט זי שוין ניט דער שמועס. קאַרלין שווייגט אויך. ס׳ווערט אומבאַקוועם שטיל. מאַרטאַ האָט שוין אויסגעטרונקען די צווייטע גלאָז טיי, היים ווי פייער. קיין כיבוד איז ניט געווען, חוץ סאָדאַ־קרעקערס. פון דער פּלוצלונגדיקער שטילקייט גיט זיך דער דאָקטער גלייך אַ וועק־אויף, באַקוקט די אַרומיקע מיט אַ שולדיקן שמייכל, און דרעמלט ווידער איין: נישקשה, די „קאָנווערזאַציע" ליגט אין די ריכטיקע הענט... די דאָקטערשע הויבט זיך ווידער אָן נייגעריק און הונגעריק אַרומקוקן, זוכט, נישטערט אין די ווינקלען.

— נו, ס׳איז שוין שפּעט, — הויבט זי אָן טאָרען דעם מאַן. — שטיי אויף, יונה...( אויף זיינע וויזיט־קאַרטלעך האָט דער דאָקטער געהייסן דזשאָן גראַנאַך, מ. ד.) וועסט באַלד ווערן אַזוי שלעפעריק, אַז ס׳וועט זיין אַ מורא צו לאָזן דיך טרייבן די מאַשין!

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אָנטאָן.

— נו, האָט מרס. גראַנאַך זיך שוין מער ניט געקאָנט איינ־האַלטן. — וואו־זשע איז אייער סורפּריז?

לינע איז אַריינגעלאָפן אין עס־צימער, אַרויסגעטראָגן דעם ריזיקן היימישן קישן. אָט דאָס האָט מען, ווען מען לייגט אָפּ אויף שפּעטער... וואָלט זי עס געוועזן באַצייטנס צעטרענט, וואָלט פונדעסטוועגן אַ טייל פוך געבליבן נאָך ביי איר. איצט וועט מען איר דאַרפן אַוועקגעבן דעם גאַנצן קישן. אָדער אפשר וועט גראָד דאָס זיין טאַקע די רעטונג?...

— טייערע מאַרטאַ, דאָס קינד האַלט מיך אַזוי פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג, אַז כ'האָב נאָך ניט באַוויזן צוגרייטן פאַר אייך דעם פוך... אָט טאַקע פון דעם קישן... כ'האָב פּשוט קיין פרייע מינוט ניט געהאַט...

— אָ, ס'איז, הייסט עס, אַ קישן, גאָר ניט קיין פרייער פוך?

— מרס. גראַנאַך האָט זיך דערפילט אַ ביסל אומבאַקוועם, און אַ ביסל אויך אַנטוישט. דער אַלטער קישן, ניט איבערגעצויגן מיט אַ ציכל, איז פון דרויסן געווען ערטערוויז טונקל־ברוין, באַדעקט מיט פלעקן שיר ניט פון דורות.

— ס'מאַכט ניט, — האָט לינע זי אָנגעהויבן באַרואיקן. — מיר שלאָפן סיי־ווי ניט אויף דעם קישן... מאָרגן וועל איך עס זיכער האָבן פאַרטיק פאַר אייך, מיר וועט עס ניט נעמען לאַנג צוצגרייטן...

— און לינעס צאַרט־הויטיק פּנים מיניעט זיך איצט רויט און בלייך פון עגמת־נפש, פון וואַקלעניש צווישן צוויי געפילן.

— אָ, הלמאַי דאַרפט איר זיך נאָך מטריח זיין, טייערינקע ווייבעלע... — האָט מאַרטאַ מיט די צערטלעכסטע באַרירונגען געגלעט לינעם בליענדיקע בעקלעך, איר אַ קוש געגעבן. — איר האָט אַזוי אויך ברוך־השם געגוג אַרבעט... איכל עס שוין אַליין מאַכן! יונה, נעם!

— האָט זי אַ באַפעל געטאָן דעם באַוואוסטן אויערן־ספּעציאַליסט, וועלכער האָט געהאָרכזאַם אַ כאַפּ געטאָן דעם קישן אונטערן אָרעם.

— וועסט עס אַרונטערטראָגן אין דער מאַשין...

און צו די קאַרלינס האָט זי זיך געווענדט מיט אַ גרויסמוטיקן זשעסט:

— איר מיינט אוודאי, מיר דאַרפן עס נויטיק האָבן? נאָר איך

ווײַל איך באַווײַזן ווי אָנגעלייגט עס איז בײַ מיר אײערע אַ מתנה. מעגלעך, אַז מיר וועט טאַקע געראָטן צו מאַכן דערפֿון אַ פּאָר קישעלעך פֿאַר אונדזער אָריענטאַלישן צימער, איר ווייסט דאָך, גאָלדן ווײַבעלע, דאָרט וואו קײן שטולן האָבן מיר אינגאַנצן ניט...

זי האָט זיך האַרציק געזעגנט, אַ קוש געטאָן לינען, קאַרלינען מענעריש אַ דריק געטאָן די האַנט:

— און איר ווי נאָר עפּעס, רופֿט גלײַך אָפּ דעם דאָקטער! איר ווייסט אַז בײַ אים זײַט איר תמיד פֿון די ערשטע! איך וועל מיך אויך אַרײַנכאַפּן צו אײַך בײַ דער ערשטער געלעגנהייט. קושט פֿאַר מיר דאָס גאָלדענע יינגעלע! אוי סאַראַ טײַער קינד, יעדעס איבריל וואָלט איך אים אויסגעקושט... איך בין אַזוי גליקלעך, וואָס דער דאָקטער איז דאָן געקומען צו פֿאַרהיטן אים פֿון אַ מאַסטאָיד! און וואָס מאַכט ליוסעלע? אַ שאָד וואָס זיי שלאָפֿן אַצינד, כ'וויל זיי ניט וועקן... קושט זיי, לינעלע, בײדן פֿאַר מיר אין די גאָלדענע שטערנדלעך...

יענע נאַכט האָט זיך לינע אַ לענגערע צײַט געדרייט און געוואָרפֿן אויפֿן געלעגער, עפּעס ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. כאָטש זי האָט זיך פֿאַרן מאַן מיט קײן איין וואָרט ניט באַקלאָגט, האָט יענער אָבער געפֿילט ווי עס ווײַנט אין איר איצט אַלץ, אין דער שטיל:

— אַזעלכע דבר־אחרים... אַ ירושה־קישן! מײַן אייגענע מאַמעשי איז נאָך אַליין אויף דעם געשלאָפֿן, האָט עס מיר שפּעטער אָוועקגע־געבן אַ חתונה־געשאַנק... און בײַ זיי...

## 17

קאַרלין איז אויך אַ לאַנגע צײַט ניט געהאַט אײַנגעשלאָפֿן. ער האָט אַלץ געפּלאַנט נײַע פּלענער... און — „ניטאָ קײן שלעכטס, פֿון וועלכן עס זאָל אַמאָל ניט אַרויסקומען קײן גוטס", האָט ער מאַ־ראַליזירט מיט זיך אַליין אויף מאָרגן אינדערפֿרי, בעת ער האָט זיך אָנגעטאָן צו גיין אין שטאָט אַרײַן. דער באַזוך פֿון די גראַנאַכס האָט אים דורך דעם שלאָפֿלאָזן טייל פֿון דער נאַכט ווי געעפֿנט די אויגן, ביסלעכווײַז אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ נײַעם פּלאַן.

זיי האָבן, די קאַרלינס, אַזויפיל טשיקאַווע אַנטיקן — זילבערנע ירושה־לייכטערס, מנורות, אינקרוסטירטע בעכערלעך, גראַווירטע בשמים־בעקסלעך, אַפילו אַן אליהו־הנביאס כוס מיט זעלטענער פּילי־גראַן־אַרבעט, — ווי איז עס אים ביז איצט ניט איינגעפאַלן צו פּרואוון זיי פאַרזעצן אין אַ פּאָון־שאַפּ?

דאָס זיינען אַלץ געווען חפצים, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור אין לינעס טיף־יחוסדיקער, דורותדיק־איינגעוואָרצלטער משפחה. ניין, זיי זיינען גאָרניט אַזעלכע אָרימעלייט, ווי עס דוכט זיך זיי אַמאָל... די דאָקטערשע האָט אים ווי געעפנט די אויגן אויף די אוצרות וואָס געפינען זיך ביי זיי.

דער געדאַנק, אַז זיי זיינען גאָר ניט אַזעלכע אָרימע לייט, ווי זיי דוכט זיך אַמאָל, איז דער האָנאָראָוועד לינען זיכער געפעלן געוואָרן. אַריינצוקריגן אַ פּאָר דאָלער אין שטוב — אויך, מער ניט זי האָט זיך געפילט דערשלאָגן ביי דער פאַרשטעלונג אַז אָט די זאַכן פון עלטערן און עלטערנס־עלטערן, וועלן אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, אין „גויאישע" הענט, ווי איר האָט זיך איבער עפּעס געדוכט. קאַרלין האָט זי אָבער באַרואיקט. ערשטנס, זיינען די היגע לאָמבאַרדן כמעט אַלע דוקא אין יידישע הענט. צווייטנס, וועט מען דאָך זיי אינגיכן צוריק אויסלייזן, ווי נאָר ער'ט קריגן וואָס צו טאָן!

לינע האָט מיט אַ האַלבן מויל ענדלעך איינגעשטימט. זי האָט אים בלויז געוואָרנט:

— אָבער זוער־וועזוער*), זאָלסט זיי ניט אַוועקגעבן פאַר ווייניק, — האָט זי אָנגעיאָגט קאַרלינען, בעת יענער האָט אין אַן אַלטן באָסטאָן־רענצל איינגעפּאַקט אָט די אַלטע חפצים און אַנטיקלעך. — בעט הונדערט דאָלער, ניט ווייניקער! נעם כאָטש פּופציק... זיי זיינען מי־יודע וויפיל ווערט!

נאָכמיטאָג איז מרס. גאַרניצקי אַריין נאָך ליוסילן, זי געגומען אויף אַ שפּאַציר. איינצייטיק האָט זי זיך שוין אונטערגענומען איינצוקויפן פאַר לינען די גויטיקע זאַכן אויפן מאַרק. דער אוקראַאינערינס באַזוך, איר לוסטיקער זאַרגלאָזער געלעכטער, איר תמיד מונ־

---

*) זהר והזהר

טערע, כאָטש עטוואָס גראָבע שטים, ווי זי וואָלט זיך מכלומרשט גע־קריגט, — האָבן לינען אויך אַ ביסל אויפגעמונטערט. מיט אַ פּאַק קינדערשע זאַכן צום פאַרריכטן, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט לעבן דודלס בעטל. קראַנקערהייט האָט דאָס קינד ליב געהאַט צו הערן דער מוטערס פּוילישע לידלעך. זייער מיין האָט עס, נאַטירלעך, ניט פאַרשטאַנען, אָבער זייערע אומעטיקע מעלאָדיעס זיינען אים געווען צום האַרצן.

זאַ ראָק, זאַ דוואַ, זאַ טרזשי, *)
ניע בענדזשעמי טוטאַי יוזש...

די קינדערשע הייזלעך, לייבעלעך, מאַנטעלעך, שיכעלעך — אַלץ, אַלץ פלעגט זי תמיד איינקויפן מיט עטלעכע נומערן גרעסער, כדי די קינדערלעך זאָלן זיי ניט אַרויסוואַקסן, איידער די זאַכן טראָגן זיך נאָך אויס. און ווען די מלבושימלעך פלעגן אַלץ ניט צעפליקט ווערן, בעת זיי פלעגן שוין ווערן אויף דודן צו קליין, פלעגט זי זען איבערניצעווען פאַר ליוסילן אַלץ, וואָס ס׳לאָזט זיך נאָר.

— אונדזערע יונגע יאָרן גייען שנעל פאַרביי,
אין האַרצן בלייבט אומעט, בענקשאַפט און ווייטיק...

דוד האָט אינגיכן איינגעדרימלט, פאַרוויגט פון דער מאַמעס ליד־לעך. די טעמפּעראַטור איז ביי אים היינט־פרי געווען שיר ניט אַ נאָר־מאַלע שוין, כאָטש דאָס אויערל רינט נאָך אַלץ. אָבער ווי בלייך, ווי אָפּגעצערט ער איז פאַר די־אַ צען טעג געוואָרן! זי האָט אַנומלטן מיט דער מים סיגל גערעדט אויפן טעלעפאָן, האָט יענע איר באַשטימט פאַרשפּראָכן אַוועקשיקן זיי ביידן אין אַזאַ פילאַנטראָפּישער אָפּרו־היים, ווי נאָר דאָס קינד וועט פולשטענדיק געזונט ווערן. „כאָטש ס׳איז אַפילו גלייכער צו וואַרטן אַ פּאָר טעג נאָכדעם, כדי קיין רעדי־ציוו זאָל ניט זיין...״

אייגנטלעך, האָט מים סיגל געהאַט מער אינזינען די פאַרמאַ־טערטע און פאַרפייניקטע מוטער אַליין, וועלכע האָט אין איין לעצטן האַלב־יאָר פאַרלאָרן אַ צען פונט. אָבער — אָן דעם קינד וועט דאָך די

*) אין אַ יאָר, אין צוויי, אין דריי, וועלן מיר ניט זיין שוין דאָ...

מוטער ניט אוועקפארן. איז ווען נאר לינע פלעגט איצט האבן א פרייע מינוט, פלעגט זי זיך זעצן אויספארריכטן די קינדערשע וועש פאר דער פארשטייענדיקער רייזע. מ'האט געדארפט אויך אלץ צו־גרייטן פאר ליוסילן, וועלכע מען האט ניט געקאנט מיטנעמען אין דער „היים". ווייל בייבים פלעגן אהין ניט אריינגעלאזן ווערן.

א קורצע ווײַלע נאכדעם ווי דאס קינד איז איינגעשלאפן, האט זיך דערהערט א קלינגען פונם אונטערשטען גלעקל. דארע און צילקע זיינען טאקע געקומען, האבן אפילו געבראכט בלומען... בעת צילע האט געהאלטן אין אויפהענגען איר מאנטל, און דארע האט געזוכט א פאסיקע כלי פאר די בלומען, האט לינע, גרינג אויף טרערן, אפ־געקערט דאס פנים אן א זייט און אפשר האט זי דארטן געוויינט.

צילע און דארע, גוטע באקאנטע פון א סך יארן, האבן זיך גע־פילט שולדיק הלמאי זיי זיינען שוין אזוי לאנג ניט געווען דא. דער־צו נאך צילקע — אזא נאענטע שכנה! זי האט איצט לינען אנגעגעבן די זעלביקע אויסריידן, וואס איר מאן נייפעלד — אנומלט פאר קאר־לינען, בעת זיי האבן זיך אנגעטראפן דאון־טאון. א פולבלעכע, א שטארקע ברונעטקע, מיט האר פארפלאכטענע אין שווערע רינגען־צעפ ארום קאפ, גארניט לויט דער מאדע נאך, האט זי זיך שולדי־קערהייט צעקושט מיט לינען.

די באזוכערינס זיינען געווען שטארק גערירט פונם אנבליק פונם ארעמען אפארטמענט, עפעס האבן דא געפעלט פון פריער באקאנטע שטיקלעך מעבל... זיי האבן צוערשט ניט געוואוסט פון וואס צו ריידן. לינע אליין איז אויך געווען אויף דער וואך, האט זיך געהיט פאר אן איבעריק ווארט, — ווען די „קולטורנע יידענעס" זיינען דא, האט זי געוואוסט, דארף מען טרעטן פארזיכטיק, ווי אויף שפיציקן גלאז.

דארע, שמעונים געוועזענע געליבטע, חברטע — הכלל: ווייב — האט געהאט לוסטיקע אויגן, וועלכע האבן ווי פון זיך אליין געוואוונ־קען, א חן־גריבעלע אין לינקן באק, דראבנע ווייסע ציין און ברייטע שטארק־באוועגלעכע נאז־פליגלען. זי איז געווען א לערערין אין א וועלטלעך־יידישער שול. אבער ארום איר איז גארניט געווען פון דער אפגעלאזנקייט און דעם „אידעאליסטישן" פארנאכלעסיקן דעם אייגע־נעם אויסזען, וואס ווערט פארבונדן, און דאס רוב מיט רעכט, מיט

דער פאַרשטעלונג פון אַ יידישער לערערין. פאַרקערט, זי פלעגט זיך קליידן תמיד נאָך דער מאָדע, אַ קאַפּיטשקע אפילו „ארויסרופנדיק", ווי אירע באַקאַנטע פרויען פלעגן זי אונטער די אויגן באַריידן. ווען לינע האָט געמוזט אויפדרייען די עלעקטריע, כאָטש ס'איז נאָך געווען אין דרויסן העלער טאָג, האָט זי רחמנותפול באַמערקט:

— און איר מוזט דאָ זיצן אַ גאַנצן טאָג אין אַזאַ מין שקיעה־ליכט?

לינע האָט עס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט: עט, אָט דער צי־מער איז דאָך בלויז פאַר געסט, און געסט קומען לעצטנס אַזוי זעלטן...

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די נודנע אָפיציעלע אויספּרעגענישן וועגן דעם געזונט פון יעדן איינעמס באַטרעפנדיקע משפחות. וועגן פּרנסה האָט מען דיפּלאָמאַטיש אויסגעמיטן צו ריידן. מיט אַ וואָך האַרץ און אָנגעשפּיצטע אויערן צום קראַנקן קינד אינם ווייטסטן צי־מער, איז לינע אַוועק מאַכן אַ גלאָז קאַווע. די געסט האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט.

לינע האָט זיך געוואונדערט, וואָס דאָרע און צילע זיינען צו־זאַמען געקומען אויפן באַזוך. זיי זיינען דאָך אַזוי לאַנג געווען אין אָנגעשטרענגטע באַציאונגען. אַ שטיק צייט זיינען אפילו געווען אַרום־געגאַנגען קלאַנגען וועגן אַ גאַנץ־ערנסטן און שטאַרק־אויסגעהיטן ראָ־מאַן צווישן נייפעלדן און דאָרען. ווען לינע האָט אַריינגעטראָגן די טעפּעלעך קאַווע, האָט צילע, פּונקט ווי זי וואָלט עס געטראָפן לינעס געדאַנקען, זיך אָפּגערופן:

— מיר האָבן זיך געטראָפן ביים „על" סטעישאָן... אַקצי־דענטאַל.

אַלע „אַקצידענטאַל"!... לינע וועלכע האָט וועגן אָט דעם באַ־זוך זייערן געהערט נאָך פריער פון דער דאָקטאָרשע, האָט זיך געמאַכט גלויבנדיק דעם ליגן. אַפּנים, קיינער פון זיי וויל ניט פאַרבלייבן צו־לאַנג אונטער פיר אויגן מיט אָט דער אומגליקלעכער קבצנטע, און זיך דערפילן אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. נאָכן אויסטרינקען די קאַווע, האָבן די געסט אַרויסגעשלעפּט פון די האַנט־טאַשן פּעקלעך סיגאַרעטן, פאַררויכערט.

דאָרע, וועלכע האָט אומרואיק־פאַרטראַכט געשפּאַנט איבערן

צימער, האָט דעם אַש פון די אָפּגעריוויכערטע פּאַפּיראָסן צעשאָטן אויפן גאַנצן וועג, אָפּגעטרייסלט אים אין די וואַזעס, בלומען־שיסע־לעך, גלעזער, וואו נאָר ס׳איז איר איינגעפאַלן, חוץ אין די אַש־טעצעלעך, וועלכע לינע פלעגט איר אומעטום אונטעררוקן. דער שמועס מיט די „אַקצידענטאַל"־באַזוכערינס האָט זיך שלעכט געקלעפּט.

לינע האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן אויף איינצלהייטן וועגן דעם לעצטן מיטינג פון דער געזעלשאַפט „פריינט פון אַ יידישן קונסט־טעאַטער". זי איז אַמאָל דאָרט אויך געווען אַ מיטגליד, אָבער שוין העכער אַ יאָר צייט קיין מיטינג ניט באַזוכט.

— אָ, דער נעכטיקער זיצונג? — האָט זיך צילע אָפּגערופן אויף איר אויסגעשפּראָכענעם ליטווישן לשון. — ס׳איז געווען איין העפּ־טיקער געראַנגל... כאָטש דער פינאַל איז געווען ווי תמיד — נול...

— העפּטיק געראַנגל... — האָט דאָרע פעדאַגאָגיש־איידל אונ־טערשטראָכן, אַז דאָס וואָרט „געראַנגל" איז דריטער מין. — די נעכטיקע זיצונג...

— זייט ניט אומעטום די אייביקע טיטשערין, חברטע סקור־לער... — דאָס אָנרופן דאָרען מיט איר מיידלשן פאַמיליען־נאָמען האָט געדאַרפט אויך אַנטהאַלטן אין זיך אַ דינעם שטאָך. צילע, אַליין אַ „טוערין" און אַ היפּשער קאָך־לעפל, האָט פונדעסטוועגן ניט ליב מען זאָל איר אָנווייזן אויף חסרונות. — נישקשה, מען קאָן זאָגן אי אַזוי, אי אַזוי... אַ דיאַלעקט איז ווי אַ לעבעדיקער אָרגאַ־ניזם... מען דאַרף אים נעמען ווי ער איז...

דאָרע, ניט וועלנדיק אָנשטרענגען די אָקאָרשט־פּאַרלאַטעטע באַ־ציאונגען צווישן זייערע, האָט געפונען פּאַר גלייכער צו ענטפערן בלויז מיט אַ שמייכל, אירע ליפּן האָבן דין זיך אַ קרים געטאָן. אויף די שפּיץ פינגער האָט זי זיך געלאָזט גיין צום פראָנט־צימער, אַ בליק טאָן כאָטש אויפן קראַנקן קינד.

צילע:

— און וואו איז קאַרלין?

— אוועק זוכן אַרבעט, — האָט לינע אָפּגעבאַקן אַ ליגן ווייל אויב אַפילו ניט היינט, איז עס דאָך געווען אמת נעכטן, אייערנעכטן, אייער־אייערנעכטן...

פּויזע. ציליע קוקט נאָך גיפּטיק אין דער טיר־עפענונג, וואוהין דאָרע איז פאַרשוואונדן, זי זיפצט אָפּ.

— שווערע צייטן איצט... ביי אַלעמען... און וואָס מיינט איר איז ביי אונדז? — האָט זי זיך אָנגעהויבן פאַרטיידיקן. — אָט האָט מען נייפּעלדן אויך געשניטן ניט־לאַנג די שכירות אויף פינף דאָלער אַ וואָך...

להיפוך צו קאַרלינען, האָט לינע גראָד יאָ ליב געהאַט דאָס דאָזיקע מין טרייסטעניש. קאַרלין פלעגט תמיד טענהן, אַז חוץ נאָך אַ גרעסערן קאָפּ־ווייטיק, האָט ער דאָך דערפון גאָרניט! אָבער פאַר איר זיינען אָט די רייד געווען ווי אַ פריש־ווינטל פון דער דרויסנדיקער וועלט אין איר אייגענעם צרהדיקן לעבן. וועלנדיק אימיטירן די ליטעראַרישע שפּראַך פון די „טוערינס", פלעגט זי אין אַזעלכע פאַלן דאָס רוב פאַרגעסן איר אייגענע זאַפטיקע שפּראַך, און פלעגט אָנהויבן רײדן אַן אומנאַטירלעכן שטאָלפּערדיקן „ריינעם" יידיש. זי פלעגט דעמאָלט אפילו פאַרבייטן די אויסגעשפּראָכן־פּוילישע אויסשפּראַך אירע — אויף אַ מער אַלגעמיינער, אָן ענלעכער צו ציליעס אויסשפּראַך.

— קליידט זיך זייער אַטראַקטיוו, — האָט לינע אויך געפּרואווט ווערן וואוילעריש, אַ וואונק געטאָן אויף דער אַרויסגעגאַנגענער דאָרען. — אגב, כ'האָב געהערט אַז... וואָס איז טאַקע איר איצטיקער באַצי צו שמעונין?

— אָ, ביי איר אַ נאָווינע... — האָט מיט אָפענער פאַראַכטונג ציליע אַ קנייטש געטאָן נאָז־און־ליפּן איינציייטיק. — יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק איז ביי איר רעכט צו האָבן עמיצן אַנדערש... כאָטש דעם אמת מוז מען זאָגן: שמעוני אַליין איז אויך ניט פיל בעסער. „יעדער טעפּעלע האָט זיין דעקעלע"...

דאָרעס שטילער אַריינשלייכן זיך האָט ביידן געמאַכט פילן זיך גנביש־אומבאַקוועם.

— דודל קוקט אוים שטאַרק אָפּגעשוואַכט, — האָט זי באַזאָרגט זיך געווענדט צו דער מוטער: ס'גיסט פון אים אַ שוויים אין שלאָף... פאַרוואָס קרענקט ער ביי אייך אַזוי אָפּט?

— ס'איז, ווייל ביי אונדז איז אַזאַ פּאַסקודנער אַפּאַרטמענט,

אַן אייביקער צוג־ווינט... — האָט די מוטער ווי זיך פאַרטענהט. — די טעמפּעראַטור אין שטוב בייט זיך צו אָפט, און איז אין יעדן צי־מער אַן אַנדערע... פאַרקילן זיך דערפאַר די קינדער אַזוי אָפט.

— אַלע קליינע קינדער מאַכן דורך פאַרשיידענע חלאתן, — האָט ציליען ווי פאַרדראָסן, הלמאי די חברטע כאַפּט אריין אַ ביסל מער סימפּאַטיע־אויסדרוק. — מיין פרצל איז אַנומלט אויך געווען ערנסט קראַנק. אַז זי איז אַ געבענטשטע, האָט קיין קינדער ניט!

דאָרע האָט ווידער געפונען פאַר גלייכער צו פאַרהערן יענערס באַמערקונגען.

— איר וואָלט זיך געדאַרפט אפשר אַרויסקלייבן אין אַן אַנדער דירה, מיט אַ מאָדערנערן „לעי־אוט”... *)

— אוודאי אַזוי, — קאָנקורירט ציליע מיט דאָרען אין גוט־האַרציקייט. — פאַר קאַרלינען אַליין וואָלט עס אויך געווען אַ סך גלייכער. קלעטערן יעדן מאָל פינף שטאָק — מיט זיין האַרץ!

— זיין האַרץ איז שוין אָבער פיל בעסער איצט, — טרייסט זיי לינע. — ווען ער וואָלט נאָר אָנגעהויבן צו פאַרדינען...

דאָ קומען די באַזוכערינס ווידער אין פאַרלעגנהייט. אפשר ווערן מיט אָט דער באַמערקונג געמיינט נייפילד מיט דאָרען, וואָס העלפן ניט קאַרלינען קריגן קיין לערער־שטעלע?

די קראַנקע קינדער קאָנען אָבער ניט וואַרטן, — פאַררויכערט דאָרע האַסטיקער נאָך אַ ניי ציגאַרעטל. — צוליב זיי כאָטש דאַרפט איר וואָס גיכער זיך אַרויסקלייבן פון דאַנען!

— יאָ, אוודאי וואָלטן מיר געדאַרפט זיך אַריבערקלייבן אין אַ בעסערער דירה, — חזרט איבער לינע יענערס רייד, שטיל און וואָרט־אין־וואָרט, ווי אַ שבועה — מיט אַ מאָדערנעם „לעי־אוט”...

— ס'קאָסט ניט אַזוי פיל טייערער, — ווערט שוין דאָרע אַ ביסל פּיקירט, ווי זי וואָלט ענדלעך אויפגעכאַפּט אין לינעס רייד אַ שטילע איראָניע. — ס'איז אַ חילוק אינגאַנצן אפשר אויף אַ וואָסע־רע צען דאָלער אַ חודש... מ'קאָן פאַר 36 דאָלער...

— יאָ, ס'מאַכט טאַקע ניט אויס אַזוי פיל טייערער, — זאָגט

*) פּלאַן פון דער וואוינונג.

לינע ווידער נאָך, ווי אַן עכאָ. — ס'איז אַ חילוק אפשר אינגאַנצן בלויז צען דאָלער אַ חודש.

פּויזע. אומבאַקוועמע פּויזע. אין ראַדיאַטאָר הויבט עס אָן פּלוצלונג צו קלאַפּן, פּויקן, טראַכטן, קנאַלן, ווי אַן אַרמיי מיט ליליפּוט־סאָלדאַטן וואָלט געוועזן דאָרט איינגעשלאָסן, און זיך געריסן איצט אַרויס אויף דער פריי.

ציליע:

— איר גיט כאָטש די קינדער גענוג קאָד־ליווער־אָיל? זיי זייַנען ביי אייך תמיד זייער בלוט־אָרים... בלאַס...

— נאַטירלעך, — באַליידיקט זיך אַזש לינע. — ערשט אייערנעכטן געקויפט אַ גאַנצע קוואָרט פאַר 53 סענט...

— פוי, דאָס איז דאָך אָבער ביליקער שטאָף! — קנייטשט ציליע מיט עקל אירע פולבלעכע נאָז און מויל. — קויפט בלויז נאָרוועגישן טראָן! ס'איז אינגאַנצן מיט אַ קוואָדער טייערער אויפן פלאַש!

— יאָ, כ'על קויפן, — באַרואיקט זי לינע, כאָטש אַליין פילט זי ווי די אינגעווייַדן ברענען אַזש אין איר. — שפּעטער... אַז די פלאַש וועט אויסגיין...

— און אויב איר וואָלט מיך געהערט, — יאָגט דאָרע ווידער אַריבער ציליען אין געטרייַשאַפט. — וואָלט איר גערופן אַן אַנדער דאָקטער, ניט גראַנאַכן... אַ שטייגער, ד"ר בערנשטיינען. ער נעמט ניט פיל טייערער.

לינען באַפאַלט ווידער אַ מידקייט, און ווידער זאָגט זי מעכאַניש נאָך:

— יאָ, ער נעמט ניט טייער אויך.

— די צוויי פריינדינס האָבן דאָ אַזוי אָפּגעבטלט אַרום צוויי שעה צייט, אָנגעוואונטשן לינען אַלדאָס גוטס, פאַרשפּראָכן ווידער צו קומען גאָר אינגיכן. חוץ די איבערגעלאָזטע זעקעלעך סימפּאַטיע, וואָס האָט בלויז גרינגער געמאַכט זייער אייגן געמיט און שולדיק געוויסן, האָבן זיי אויך איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ פולע אָנגערויכערטע שטוב, אַש אויפן דיל און אויף דער קאַנאַפּע, שטיקלעך אויסגעדרישעטע ציגאַרעטן אין די קאַווע־טעפּעלעך און שאָלן. צוראַמענדיק און צו־

קלייבנדיק נאָך זיי, צעוואַשנדיק די געפעס, האָט לינע מיט פאַרדראָס געמורמלט פאַר זיך:

— די גן־עדן פישערינס... — אַליין מיט זיך, האָט זיך לינע ווידער אומגעקערט צו איר היימישן לשון. — אַפילו זיך ניט אָנגע־באָטן העלפן מיר צעוואַשן דאָס געשיר... באַלד וועט זיך דאָס קינד אויפוועקן, און איך וועל ווידער ניט קענען פאַרטיק ווערן... און די מעדיצין איז אויסגעגאַנגען... די בוימל־פישערינס!...

18

דעם אָנגעקומענעם פריען ווינטער־אָוונט האָט לינע אינגאַנצן ניט באַמערקט, אַזוי טונקל איז געווען אין שטוב.

ס'האָט זיך שטיל געעפנט די טיר און ס'איז אריין קאַרלין. אַן איינגעבויגענער, מיט אַ שולדיק־טרויעריקן שמייכל. אין האַנט האָט ער געטראָגן דעם בייכיקן „באָסטאָן־בעג" — פונקט אַזוי בייכיק און פול, ווי ער איז מיט דעם אוועק...

ער האָט עס אַרויפגעשטעלט אויפן טיש, איינציקווייז גענומען אַרויסשלעפן אַלע די חפצים און גערירשנטע אַרטיקלען, וואָס ער האָט אַוועקגעפירט צום פאַרזעצן. ער האָט נאַרישעוואַטע אַ גלעט געטאָן לינען:

— עט, וואָס פאַרשטייען זיי דאָרטן... מ'האָט די דאָזיקע אַר־טיקלען ניט אָפּגעשאַצט אַזוי הויך, ווי זיי ביידע האָבן זיך עס פאַר־געשטעלט...

נאָכדעם, ווי דער פאָון־בראָקער אויף דער אַכטער עוועניו האָט מיט פאַרדעכטנדיקע צוגעזשמורעטע אויגעלעך באַטראַכט קאַרלינען פון קאָפּ ביז די פיס („ניין, קיין אויסזען פון אַ גנב האָט ער אַלנפאַלס ניט!...") האָט ער מיט געשעפטלעכער פּינקטלעכקייט גלייכגילטיק אָנגעהויבן איבערטאַפּן איינס נאָכן אַנדערן די הדסלעך, די זילבערנע לייכטער, די מנורה, דאָס חנוכה־לעמפּל... אייניקע פון זיי האָט ער אינגאַנצן פאַרבראַקירט. די אַנדערע האָט ער אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָג־שאָל.

— דאָ געפינען זיך דאָך אייניקע זעלטענע אַרטיקלען... — איז קאַרלין איבערראַשט געוואָרן פון יענעמס פּרוואו אָפּצושאַצן דעם ווערט פון די אַרטיקלען נאָר לויט זייער וואָג נאָך. — גיט נאָר אַ קוק צוערשט אויף די פּאָר גראַוווירטע צייכענונגען פון אָט דעם בע־כער! זיי שטעלן מיט זיך פאָר בילדער פון אַ געהיימען אונטערערדישן סדר אין שפּאַניע, און ווי יידן פלעגן אין די ארץ־ישראלדיקע צייטן מקריב זיין דעם קרבן־פּסח... ס׳איז אַ זעלטענער כוס, אַלט אפשר העכער הונדערט יאָר! און אָט דעם בשמים־ביקסל, ווי אַ קליינע קאַטעדראַלע אין גאָטישן סטיל, מיט די אַכט גלעקלעך אויף די טו־רעמלעך, — דאָס פאַרבראַקירט איר גאָר אינגאַנצן?... און אָט אפילו אָט דער זילבערנער שבתניק איז אויך ניט קיין פּראָסטע סחורה, ס׳איז האַנט־אויסגעהאַמערטע אַרבעט!

מיט אַ געמיש פון געמאַכטער גוטסקייט און ציניש׳ער העפלעכ־קייט רופט זיך דעמאָלט אָפּ דער אַלטער פליכעוואַטער לאָמבאַרד־אייגנ־טימער, מיט די טאָפּלט־דיקע ברילן און גרינעם „לייכט־באַשיצער" אויפן שטערן:

— כ׳פאַרשטיי זייער גוט, אַז ביי אייך זיינען די זאַכן ווערט מי־יודע וויפיל... איך מוז אָבער באַטראַכטן וואָס איז זייער ווערט אויף שמעלץ! מען קומט צו אונדז לעצטנס ניט זעלטן מיט אַזוינע־אָ אַרטיקלען, אָבער קיין אַלטע „מווירטשענדייז" פאַרקויפט אונדזער גע־שעפט ניט. מער ווי דריי דאָלער קען איך אייך אויף דעם ניט לייען. יעס־יעס, איך פאַרשטיי אַז ביי אייך פערזענלעך איז אָט דער פּענסי בשמים־ביקסל זייער טייער, מסתמא האָט איר עס נאָך פון אייער עלטער־זיידן, אָבער ס׳איז אַ ביליקע קוואַליטעט זילבער... וועל, טרייט ערגעץ אַנדערש, אויב איר ווילט... וועט איר זען...

כאָטש לינע האָט פריער אַזוי געקעמפט קעגן קאַרלינס פּלאַן צו פאַרזעצן אָט די אַלע זאַכן, וואָס האָבן איר תמיד טרייסטנדיק דערמאָנט אָן אַמאָליקער היים און איבערגעלאָזטער משפּחה, איז זי אָבער איצט אַזש רויט געוואָרן פון כעס און בזיון.

— אַזעלכע גראָביאַנעס... אַזעלכע אַמעריקאַנער אייזל־קעפּ... אַזעלכע פּאַסקאַרזשעס... — האָט זי קוים זיך איינגעהאַלטן זיך ניט פאַנאַנדערצואווינען פון באַליידיקונג. — דריי דאָליאַרעס! און פאַר

טויזנט דאָלער וואָלט איך עס דען זיי אוועקגעגעבן? כ׳על ענדער אַליין אוועקגיין פאַר אַ דינסט, איידער כ׳על דיך נאָכאַמאָל לאָזן פּרו־בירן אַפּטאָן אַזאַ זאַך!

ווי וועלנדיק איבערבעטן באַליידיקטע און באַוואָלטע קינדער, האָט זי זיך גענומען פונדאַסניי האַרציק אַרומווישן די צוריקגעבראַכטע אַלטערטימלעכקייטן, ווי אָפּווישנדיק דעם גראָבן באַריר פון די גלייב־גילטיקע פרעמדע הענט. זי האָט יעדע פון זיי צוריק אַוועקגעשטעלט אויפן געוויינלעכן פּלאַץ. האָט זיך עטלעכע מינוט געשפּיגלט אין זיי, האָט ווי ניט געוואוסט ווי אַזוי נאָך אויסצוקויפן אירע זינד קעגן זיי ....

פונם ווייטן עק אַפּאַרטמענט האָט זיך פּלוצלונג דערהערט דאָס וויינענדיקע רופן פונם קראַנקן קינד. איינצייטיק מיט דעם האָט מרס. גאַרניצקי אַריינגעפירט ליוסילן, האָט אויך געבראַכט צוטראָגן אַ גרויסן פּאַפּירענעם שקאַרמוץ מיט איינגעקויפטע פּראָדוקטן" אויפן מאַרק. לינע האָט זיך דאַן געכאַפּט אַז זי האָט נאָך ניט באַוויזן אַפילו צוגרייטן וועטשערע פאַרן מאַן און קינדער, צוליב די ניט־געריכטע באַזוכע־רינס בייטאָג. זי האָט זיך פאַרלוירן, אָנגעהויבן אַרומלויפן ווי אַ דער־שראָקענע מוטער־קראַליק, האָט ניט געוואוסט צו וואָס נעמען זיך צום ערשט. האָט וויינענדיק געפּישטשעט:

— ס׳איז אַלץ זיי, די גן־עדן פּאַננעס... אינמיטן דערינען גע־קומען צוגיין און מיר אַוועקגעפּטרט אַ פּאָר שעה... ווער בעט זיי דען קומען אַהער?

— נאַרישע, זיי מיינען דאָך גוט, — האָט קאַרלין געשלעפּט פון גרויסן אַריינגעטראָגענעם שקאַרמוץ די איינגעקויפטע שפּייז־פּראָדוקטן, זיי צעשטעלט אויף די געהעריקע ערטער. — ווערט דיר דען ניט גרינגער אויפן האַרצן ווען פריינט קומען צו גיין מבקר־חולה זיין?

— אפשר זיי... — האָט לינע געענטפערט העפטיק, מיט אַ ניט געוויינלעכער ביטערקייט. — ניט מיר!

„געבעך שטאַרק אויסגעמאַטערט", האָט קאַרלין געהאָלפן נאָכ־טראָגן דעם הייסן טשייניק וואַסער אויף אויסשפּריצן דעם קינדס אויערן. דודל האָט איצטיקס מאָל געשריען שטאַרקער, ווי די לעצטע פּאָר מאָל, כאָטש דאָס מאַטעריע־רינען האָט זיך געהאַט גראָד באַ־

דייטנד פאַרקלענערט. "ס'זאָל חלילה ניט זיין קיין מאסטאָיד!..." — האָט לינע אין דער שטיל אויפגעשלוכצט. דער מאַן האָט זי אָבער באַרואיקט: „נארעלע, דו ווייסט דאָך אַז יעדן אָוונט ווערט אים אַ ביסל ערגער..." ליוסיל האָט שוין העכער אַ האַלבע שעה געכניקעט, אַז זי וויל „האמי" און דאָס כניקען אירס האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט הלמאי קיינער קוקט זיך אויף איר ניט אום.

— דו גיב ליוסילן עסן, און עס טאָקע אָפּ אַליין — האָט קאַרלין זיך אָנגערופן צום ווייב, נאָכדעם ווי זי האָט אָנגעקאָרמעט דודן. — איך בין סיי ווי ניט הונגעריק. ביז דו וועסט פאַרטיק ווערן אין קיך, וועל איך דאָ זיצן לעבן קינד. יע, זונעלע? זאָל איך דיר פאַרלייענען עפּעס אַ מעשהלע?

אַ קרענקלעכער שמייכל האָט גליך באַלויכטן דודס געזיכט. אַ מעשהלע! זיין גרעסטע פרייד! דער תמיד פאַרזאָרגטער טאַטע פלעגט אים אָבער אָט די פרייד לעצטנס זייער זעלטן פאַרשאַפן. פון אַ פּאָליצע האָט קאַרלין ארונטערגעשלעפּט אַ בוך מיט צעפליקטע טאָוולען, מיט צעשאָטענע בלעטלעך. האָט צוגערוקט אַ שטול, פאַרדרייט די גרויסע ליכט, אָנגעצונדן דאָס נאַכט-לעמפּל אויפן קליינעם טישל לעבן קינד, ווי צום שלאָפן גיין.

— האַנס און גרעטל...

לייענענדיק, האָט אים דער פאָטער זייטיק באַטראַכט מיט אַ ווינקל פון אַן אויג. דודל איז געלעגן אַ דערוואָרעמטער, אַ צעפּאַרעטער פונם הייסן דורכגעשפּריצטן וואַסער. פאַר די לעצטע צוויי וואָכן איז ער ווירקלעך שטאַרק אָפּגעצערט געוואָרן, די בעקלעך — איינגעפאַלן, די ליפּעלעך — בלייכער, ווי אומצייטיקע מאַלינעס, און די אויגן — גליענדיקער... אָך, ווען די היץ וואָלט אים שוין ענדלעך אָפּגעלאָזט! (ד"ר גראַנאַך האָט אָנומלטן געזאָגט: „די אָפּטע היץ ביי אים נעמט זיך אפשר פון אַ רעוומאַטישן פיבער". מען דאַרף זען אריינקוקן וועגן דעם שפּעטער אינם מעדיצינישן בוך.) מים סיגל האָט דאָך פאַרשפּראָכן צו קריגן פאַר מוטער-און-קינד פּלאַץ פאַר אַ צוויי-וואָכעדיקן אָפּרו אין דער „לעוועגטאַל-היים", דער אומזיסטער סאַנאַטאָריע פאַר קבצנים. אָבער אהין נעמט מען בלויז אריין פּאַציענטן מיט פולשטענדיק נאָרמאַלער טעמפּעראַטור...

דודל האָט שוין געוואוסט אויף אויסווייניק שיר ניט יעדעס וואָרט פון דער מעשה, ער האָט זיי איצט אויפגענומען פון דעם פּאָ־טערס מויל ווי גוטע אַלטע באַקאַנטע. אַנו, זאָל נאָר דער פּאָטער פּרוּוון אַריבערהיפּן אַן איינציקס וואָרט! זיין פּנימל האָט זיך געבאָדן אין ליכטיקער רואיקייט.

— „...כאָטש די מכשפות האָבן רויטע אויגן און קאָנען ניט קוקן ווייט, האָבן זיי אָבער דערפאַר אַ גאָר גוטן חוש־הריח, פּונקט ווי די חיות, און דערשפּירן שוין גוט ווען ס'דערנענטערט זיך צו זיי אין וואַלד אַ מענטש"...

— כ'וויל ניט קיין מכשפות!... — האָט דאָס קינד פּלוצלונג אויפגעשריגן, ברייטער אויפגעעפנט די אויגן. — כ'האָב מורא...

פון דעם ניט־געריכטן אויפגעשריי האָט קאַרלין זיך אַליין דער־שראָקן. ער האָט שוין דודלען אַ סך מאָל געהאַט פאַרגעלייענט די זעלביקע געשיכטע, און דאָס קינד האָט קיינמאָל ניט אַזוי רעאַגירט. וואָס איז דאָס איצט אָנגעפאַלן אויף אים? ער האָט אים צערטלעך אָנגענומען ביי אַ הענטל.

— נאַריש ייִנגעלע — האָט ער פאַרסירט אָנגעהויבן לאַכן. — דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשה אַזאַ... אין דער אמתן זיינען גאָר ניטאָ קיין מכשפות!

זיי זיינען יאָ דאָ... איך האָב זיי אַליין מאָל געזען אין די „פּיק־טשעס" — האָט דאָס קינד נאָך העפטיקער אָנגעהויבן וויינען, גע־שלעפּט אויף זיך די קאָלדרע. — איך וויל ניט קיין וואַלד מיט מכשפות... איך וויל ניט שטאַרבן...

דער פאָטער האָט זיך איצט ניט אויף קיין קאַטאָוועס אַליין דערשראָקן.

— אָבער זונעלע גאָלד... וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטן... דו ביזט אַ קליין ייִנגעלע, וועסט קיינמאָל ניט שטאַרבן... וועסט נאָך לעבן לאַנג־לאַנג־לאַנג...

— אָבער איך וויל שפּעטער אויך ניט שטאַרבן... איך וויל קיינמאָל ניט שטאַרבן, מען זאָל מיר דערנאָך אַריינלייגן אין אַן אָרון, ווי שניי־ווייסעלע...

דער פאָטער האָט געגאַפט, האָט הילפלאָז זיך געדרייט אויפן

שטול, זיך געביסן די ליפּן. דעם קינדס רייד האָבן אים אָנגעפילט מיט אומרואיקע אַנונגען.

— נאַריש יינגעלע דו... וואָס פאַלט דיר עפּעס איין? דו וועסט קיינמאָל ניט שטאַרבן...

— ניט אמת — האָט דאָס קינד ווייטער געהעשעט. — אַלע מוזן שטאַרבן...

— פע, הער אויף צו וויינען, ווי אַ בעיבי... ווער האָט עס דיר אַזוינס געזאָגט? — האָט דער פאָטער אומרואיק געפאָרשט. — מען מוז דען שטאַרבן?

— איז וואוהין קומען עס אַהין אַלע אַלטע מענטשן? — האָט דאָס קינד ניט גלויביק און פאַרטראַכט געקוקט אָן אַ זייט. — וואו איז דער זיידעשי? וואו איז די באָבעשי?

— הערסט אַ ביסל, יענע זיינען דאָך געווען אַזוי אַלט! זייער זייער אַלטע מענטשן...

— און איך וועל דען קיינמאָל ניט אַלט ווערן?

— דו וועסט לעבן לאַנג־לאַנג־לאַנג... — האָט דער פאָטער ווידער געזען ארויסצודרייען זיך פון אַ באַשטימטן ענטפער. — אַ סך, אַ סך לענגער פון זיידע־באָבע... לענגער פון אַ־לע־מען!...

— אָבער דערנאָך וועל איך דאָך אַלט ווערן?

— נו, מיין קינד, געווים... — האָט זיך דער פאָטער אַזש גע־בעטן ווי ער וואָלט פּערזענלעך שולדיק געווען דערפאַר דעם קינד. — אַז מען לעבט לאַנג, זייער־זייער לאַנג, מוז מען דאָך שוין שפּעטער ווערן אַלט.

— און אַלטע מענטשן שטאַרבן... און מען לייגט זיי דערנאָך אריין אין אַן אָרון... — האָט דאָס קינד זיך ווידער שטאַרק צעהע־שעט. — טאַטעשי, איך וויל קיינמאָל, קיינמאָל ניט שטאַרבן! ביז אַלע־אַלע יאָרן... ביז אַלע־אַלע יאָרן וועלן זיך ענדיקן!

— גוט, מיין קינד — האָט דער פאָטער פרום מסכים געווען.

— יאָ...

— ביז נאָך 1932, 1933, 1934... — האָט דאָס קינד אָנגעהויבן חשבונען אויף די דינע פינגערלעך, און מאָנענדיק געקוקט אויפן פאָ־

טער, יענער זאָל אים ניט אָפּנאַרן. — ביז נאָך 1935, 1936, 1937... ביז אַלע, אַלע יאָרן וועלן זיך ענדיקן...

— יאָ, מיין גאָלדן קינד, געוויס.

— וועל איך לעבן ביז העט־העט שפּעטער? ביז דערנאָך ווי אַלע יאָרן וועלן זיך שוין ווידער אָנהויבן פונדאָסניי?...

— געוויס, מיין קינד... אָבער איצט, גאָלדענער זון מיינער, איז שוין שפּעט, און דו מוזט שוין איינשלאָפן...

שווייגנדיק, האָט זיך דודל געלאָזט איבערדרייען אויף דער צווייטער זייט, איז געבליבן ליגן שטיל. מיט אַ צעטרעוואָזשעט געמיט איז דער פאָטער אָפּגעטראָטן פונם קראַנקן־בעט, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָשן דאָס לעמפּל.

19

גאָר פרי האָט דאָס אונטערשטע גלעקל זיך פאַנאַנדערגעקלונגען מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט, האָט אויפגעוועקט מאַן און ווייב פון זייער טיפן שלאָף פון אויסגעמאַטערטע.

— מסתמא אַ רעגיסטרירטער בריוו...

דער מוח ביי קאַרלינען ווערט גלייך פיבערדיק טעטיק; פון וועמען? פון וואַנען? מיט וואָס פאַר אַ וויכטיקער נייס?... ער גליטשט זיך פלינק אַריין אין אַ פּאָר הויזן, אַרונטערצולויפן אַלע פינף שטיגן כדי אונטערצוחתמענען דעם בריוו. די פינגער פּלאָנטערן זיך ביי די קנעפּלעך, דאָס האַרץ קלאַפּט... אויך לינע ווערט פול מיט פריידיקער דערוואַרטונג: געוויס אַ גוטע נייעס! איידער אָבער קאַרלין באַוויזט אַרויפצושלעפּן אויף זיך די שיך, קלאַפּט מען שוין אין טיר:

— אַ טעלעגראַמע...

הייסט עס, ס'איז נאָך פיל וויכטיקער, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט! מיט ציטערדיקע פינגער רייסט קאַרלין אויף דאָס געלע העמדל פון דער טעלעגראַמע: „טעלעפּאָניר מיר גלייך אָן. זייער וויכטיק. וועגן אַ שטעלע. שמעוני". קורץ און באַדייטונגספול. יאָ, אָט ווי מען זאָגט טאַקע: „איין אַלטער פריינט איז בעסער פון צוויי

נייע!" אַבי אים, קאַרלינען, דוכט זיך מאַנכעסמאָל אויס... אגב, האָט אים טאַקע שמעוני אַליין ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק געליגן אַ צענערל ?!

נאָך פּאַר ברעקפעסט, אָן אַ גלאָז טיי אפילו, איז קאַרלין אַרונ־טערגעלאָפן אין גאַס. ער האָט געוואָלט פאַרכאַפּן שמעונין, איידער יענער פאָרט אַוועק צו זיין באַשעפטיקונג. אָבער — ניט פאַרכאַפּט: מיט אַ פינף מינוט פריער האָט שוין שמעוני געהאַט פאַרלאָזט די שטוב.

דער נאָענטסטער טעלעפאָן צו קאַרלינס הויז האָט זיך געפונען אין אַ דראָג־סטאָר אויף ברוק עוועניו, אַ זעקס היפּשע בלאָק פון קאַר־לינס שטוב. אין דרויסן איז איצט געוואָרן וואַרעם, אָבער דערפאַר זייער גליטשיק. אַ שאָד וואָס ער האָט ניט געקאָנט לויפן. אפשר וואָלט ער אים יאָ געווען פאַרכאַפּט, שמעונין...

אין אָוונט איז קאַרלין אַ פּאָר מאָל אַרונטערגעלאָפן טעלעפאָ־נירן, און ביידע מאָל שמעונין ווידער ניט געטראָפן אין דער היים. אַן אומבאַקאַנטער פרויען־קול האָט קאַרלינען געלאָזט וויסן, אַז שמעוני קערט זיך געוויינלעך אום זייער שפּעט אַהיים. נו, ווען נישט זיין אומ־געדולדיקייט, האָט עס קאַרלין אַליין געמאָגט געדענקען. שמעוני קערט זיך זעלטן אום אַהיים גלייך פון אָפיס. ער עסט וועטשערע אין אַ רעסטאָראַן דאַון־טאַון, און אויב ער גייט ניט ערגעץ צו אַ מיטינג, כאַפּט ער זיך שוין אַריין צו גוטע פריינט, צי גאָר אין קאַפע־ראָיאַל, אָדער ערגעץ אין אַ פילם־טעאַטער.

האָט אויף מאָרגן קאַרלין זיך שוין געפעדערט נאָך פריער, האָט געזען צו זיין ביים טעלעפאָן פּונקט האַלב נאָך אַכט. פריער — האָט מען נאָך געקענט אויפוועקן שמעונין פון שלאָף, און דאָס וואָלט ווי־דער ניט געטויגט... דערווייל האָט זיך אין קאָפּ גערודערט. ס'האָבן זיך פאַרגעשטעלט אַלערליי גליקן, שאַנסן און וויכטיקע שטעלעס, וואו מען קוקט שוין אוים אויף קאַרלינען.

ווען ער האָט ענדלעך שמעונין אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן, האָבן זיינע אָפּטימיסטישע דערוואַרטונגען געקראָגן אפילו נאָך אַן אימפּע־טיקערן שטויס פאָראויס.

— העלאָ, באָיעלע... איך בין אָ־קעי. הער, נודיע ניט, לאָז דורך

איצט די הקדמות מיט די פריינטלעכע גרוסן, — האָט שמעוני גע־שיינט צו האָבן אַ פולן מויל מיט זעמל. — איך איַיל מיך, און דו אַליין דאַרפסט זיך אויך איַילן, ווייל ס'שיינט צו זיין זייער אַ וויכטיק שטיקל אַרבעט... דאָס איז ביי די מענוהינס! יאָ־יאָ, טאַקע ביי די באַרימטע פידל־שפּילער! אָ־קעי, באַיעלע? טאָ הער־זשע זיך איַין. זיי זוכן אַ רוסישן לערער פאַר זייער טאָכטער... אַ לערער מיט די סאַמע בעסטע קוואַליפיקאַציעס, אַן ערשט־קלאַסיקן לערער! נו, האָב איך גלייך דיך רעקאָמענדירט. ניין, איך קען זיי ניט פערזענלעך, דורך מיי־נעם אַ פריינט... אַלזאָ, אָט איז זייער טעלעפאָן־נומער, און פאַררוף זיך אויף אָט־דעם נאָמען. זאָלסט אָבער וויסן ווי צו האַלטן זיך אין דער מעלה! און לאָז מיך תיכף וויסן די רעזולטאַטן... גוד־באַי!

קאַרלין איז אַזוי צעטומלט געוואָרן פון דער ניט־געריכטער בשורה, אַז דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט — אָן שום מליצה — ממש ווי מיט האַמערס. ער האָט זיך אַזש געשראָקן צוריק אַרויפצו־גיין איצט אין שטוב, ער האָט זיך ניט פאַרלאָזן אויף זיין האַרץ... גוט, וואָס צו די מענוהינס האָט מען אויך געדאַרפט קלינגען ערשט ברעקפעסט־צייט. אין זייער פאַל האָט עס געמיינט — ערשט אַרום עלף אַזייגער.

די פאַרבליבענע צוויי שעה האָט זיך קאַרלין ניט אַרומגעדרייט אויף די גאַסן, נאָר געשוועבט איבער זיי, אַ ניט־ערדישער מענטש אין דער בלויער לופט... אַזאַ שטוב, איין קליינעקייט! ער האָט זיך פאָר־געשטעלט אַלערליי גליקן, שוין געמאַכט אַלערליי פּלענער. אַריבער־שפּרייזנדיק די אָרעמע און טומלדיקע ברוק עוועניו, אַ טרעפּיק־גאַס, האָט אים אַ לאַסט־אויטאָמאָביל שיר ניט איבערגעפאָרן. יאָ, דאָ איז אַ מוראַדיקע נאַכבאַרשאַפט... אים האָט מען שיר ניט איבערגעפאָרן — איז ווי־אַזוי קאָן מען עס דערלאָזן דאָ גיין דודלען אַליין יעדן טאָג אין סקול אַריין? איצט אָבער וועלן זיי שוין זיכער פון דאַנען זיך אַרויסקלייבן, די סאַמע ערשטע זאַך... האַ, אַ שטעלע ביי די מע־נוהינס! — ער האָט אַפילו ניט אַ טראַכט געטאָן, צוליב וואָס מען דאַרף דאָרט רוסיש.

עלף אַזייגער, צו דער מינוט, איז קאַרלין שוין געשטאַנען אינם טעלעפאָן־ביידל, האָט זיך פאַרריכט דעם שניפּס, אַרויפגעזעצט דעם

קאַפּעליוש האַלב־מאָדיש, האַלב־וואווילעריש אויפן קאָפּ, זיך אויסגע־הוסט.

— דאָס רעדט...

— אָ, דזשאָסט אַ מיניט...

אַ געשעפטסמעסיק־העפלעכע פּרויענשטים האָט איבערגעגעבן דאָס טעלעפאָן־טרייבל צו אַ מענער־שטים. די מענער־שטים — שוין אַן אומגעדולדיקע — צו אַ צווייטער פרויען־שטים.

— אָ, דאָס זיינט איר? — האָט זיך נגידיש געחנדלט די צווייטע פרויען־שטים. — יעס, אָבער מיר דאַרפן פּאַר אַ לערער אַ מענטשן מיט אַן עכטער רוסישער אויסשפּראַך, ווייסט איר, אָן אַ יידישן אַק־צענט... פון וואַנען שטאַמט איר?

— פון טאַמבאָוו — האָט קאַרלין אָפּגעבראָקט מיט זעלבסט־זיכערער נאַטירלעכקייט, האָט צוגעגעבן זיין קול אַ ביסל אַ נידעריי־קערן טעמבר, און גלייך אָנגעהויבן האָקן רוסיש.

— אָ, אויב אַזוי איז עפּעס אַנדערש... — האָט די פרויען־שטים שוין אַ ביסל אַרונטערגעלאָזן פון דער פריערדיקער אַריסטאָקראַטישער איבערקלייבערישקייט. — ווייל מיר ווילן ניט, ווייסט איר, אַז אונד־זער קינד זאָל ריידן אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש... מיט אַ יידישן אַק־צענט... — און די איידעלע דאַמע אויפן צווייטן עק טעלעפאָן איז אַליין אויך איבערגעגאַנגען אויף רוסיש, פון אַ זיכערן מינסקער אָדער באָברויסקער אָפּשטאַם.

— אָ, אין דעם מאָגט איר רואיק זיין, — האָט קאַרלין באַנעצט זיינע הייסע טרוקענע ליפּן, — איך האָב אַמאָל אָנגעשריבן אפילו אַ גאַנצע רוסישע גראַמאַטיק...

דער טעלעפאָן־אָפּערייטאָר האָט דערווייל געבעטן אַריינוואַרפן אַ צווייטן ניקל. קאַרלין אָבער האָט געפילט, אַז ער מאַכט דאָ זייער אַ גוטן אינוועסטמענט.

— אָ? — איז דער צווייטער צד געוואָרן נאָך צוגעלאָזענער. — דאָס איז זייער אינטערעסאַנט, זייער... דאָס איז שוין אינגאַנצן עפּעס אַנדערש! מ'האָט עס אייגנטלעך גלייך געקאָנט דערקענען אָן אייער רוסיש, — האָט זי מבֿיניש צוגעגעבן.

— אין וואָס וועלן באַשטיין מיינע פליכטן?

— זייער קליינע פליכטן. איר וועט בלויז דארפן קומען צו אונדז איין מאל א וואך, געבן מיס מענוהין א לעקציע.

— און וואס וועט זיין מיין באלוינונג? — האט דאך קארלין געמוזט סוף כל סוף ווערן געשעפטסמעסיק.

— צוויי דאלער א וואך... ס'רעדט זיך נאר אזוי א וואך, — האט זיך די שטים ווידער אנגעהויבן פיעשטשען. — ס'מיינט בלויז פאר איין לעקציע! נאטירלעך. פון צוויי שעה.

— צוויי דאלער א וואך... — האט קארלין טויב איבערגעחזרט, און א ווײַלע ווי מער שוין ניט געקאנט עפענען קיין מויל.

— דאס איז א גאנץ הויכער פרייז, — האט אים די שטים פון אויף יענער זייט טעלעפאן געמינטערט. — אייגנטלעך, דאס העכסטע. מער ווי א דאלער א שטונדע צאלט מען איצט אין ערגעץ ניט!

קארלין האט אבער נאך אלץ ניט געקאנט עפענען קיין מויל. „טאים איז אפ", האט זיך ווידער דערהערט דער מאשיניסטקעס קול. קארלין האט טרויעריק ארויסגענומען פון קעשענע א דריטן ניקל. — פינף סענט פאר דריי מינוטן, פליעז...

— האללא, האללא, — האט אים די פרויען־שטים פון צווייטן עק ווייטער געמינטערט.

— האללא, — האט קארלין געענטפערט מיט א פארדומפן־דערוויטערטער שטים, ווי שוין א פארמשפטער.

— צו האבן א לעקציע ביי די מענוהינס איז א **גרויסער כבוד**, מיין הער, האט שוין די דאמען־שטים געקלונגען פארדראסיק.—מיינט ניט, אז רוסיש איז עס פאר אונדז אזוי וויכטיק! ס'איז בלויז, ווייל מיר קלייבן זיך קומענדיקן יאר אויף גאסטראלן קיין רוסלאנד...

— אין סאוועטן־פארבאנד. — האט קארלין, שוין מעשה לע־רער אויסגעבעסערט. — אין „סאיוז".

— זיינט איר אפשר א קאמוניסט? — איז די שטים געווארן עטוואס פארדעכטיק.

— ניין, נאר אזוי רופט מען עס איצט.

אין ביידל איז געווארן היים און דושנע פון מענטשלעכן אטעם. די פיס האבן זיך אונטערגעבראכן פונם פארשפארט זיין אינם ווער־טיקאלן געשלאסענעם ארון.

— אין פּאָליטיק, ווייל איך, אַז איר זאָלט זיך מיט מיין קינד ניט ארײנלאָזן... — האָט די דאַמע געשטעלט אַ תנאי, פּונקט ווי זי וואָלט מיט קאַרלינען שוין געווען זיכער.

— מיט אַ קינד איז אפשר ניט גוט צו פאָרן היינטיקע צייטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד? — האָט קאַרלין געפּרוּווט פריינטלעך איר אָפּריידן פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, פּונקט ווי ער וואָלט גע־האָפט מיט דער־אָ העפלעכער עצה זיך אַליין אויך אַרויסדרייען פון דער פאַרגעשלאָגענער שטעלע. — פאַר קליינע קינדער פעלן נאָך דאָרטן אפשר אוים געוויסע באַקוועמלעכקייטן, צו וועלכע זיי זיינען שוין געוואוינט, — אַ שטייגער, „סיריעלס“, מאַראַנצן־זאַפט, סעלעקט־מילך...

— דאָס מיינט איר מיין טאָכטער? אָבער מיין טאָכטער איז שוין אַלט 18 יאָר!

— אָ, אַזוי איז עפּעס אַנדערש, — האָט קאַרלין אָויסגערופן אין אַ טאָן, ווי ס'וואָלט אים מיט דעם אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן.

— „טאַים איז אַפּ“, — האָט זיך ווידער אַריינגעמישט די מאַשיניסטקע, אַ פרעמד־גלייכגילטיקע, ווי דער גורל. — פינף סענט פאַר דריי מינוט, פּליעז“.

דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, דער קערפּער האָט זיך געריסן אַרונטער, ווי אַ שווערער זאַק. זוכנדיק אין אַ קעשענע אַ פערטן ניקל, האָבן קאַרלינס גדאַנקען געאַרבעט פיבעריש־שנעל, שוין גאָרניט ווי דער טעמפּ פון זיינע העפלעך־איינגעהאַלטענע, לאַנגזאַמע רייד. אויס־זידלען — איז ניט שייך: מיט דעם וועט ער נאָך שטעלן אין פאַר־לעגנהייט שמעונין, אַ צווייטן מאָל וועט ער שוין ניט וועלן אים אין ערגעץ רעקאָמענדירן. אפשר איז פאָרט גלייכער אָנצונעמען? ס'איז ניט אַזוי די צוויי דאָלער, ווי די וויכטיקע פאַרבינדונג, זיי וועלן אים קאָנען רעקאָמענדירן נאָך לעקציעס, אָדער כ'ווייס...

— גוט, — האָט ער אַנטשלאָסן אַריינגעוואָרפן דעם פערטן ניקל. — וואו וואוינט איר?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן: אַ גוטע שעה רייזע פון קאַרלינען. אַ שעה אַהין אַ שעה צוריק, צוויי שעה די לעקציע, — אַמווייניקסטן

פיר שעה אַרבּעט פאַר צוויי דאָלער! אין ביידל איז געוואָרן אַזוי דוש־נע־געדיכט, אַז קאַרלין האָט געפילט ווי אָט־אָט חלשט ער.

איך האָב מורא, אַז אויב אַזוי, אַז אייער טאָכטער וועט דאַרפן קומען צו מיר נעמען די לעקציע. כ׳מיין, צו אונדז אין שטוב.

— אויסגעשלאָסן, — האָט די דאַמע שאַרף אויסגערופן. — וואָס דענקט איר אייך עפּעס!

— כ׳האָב אויך מורא אַז דאָס וועט זיין פאַר איר אומבּאַקוועם. מיר וואוינען נאָך דערצו אויפן טאָפּ־פלאָר...

— מיין טאָכטער זאָל קלעטערן צו אייך פינף שטאָק! — איז דער דאַמעס אויפרעגונג געשטיגן. — ווי פאַלט אייך גאָר אַזוינס איין?!

— זעקס שטאָק, — האָט קאַרלין נאָך ווי געשאָטן זאַלץ אויף אירע וואונדן. — ביי אונדז איז דער טאָפּ־פלאָר דער זעקסטער... אייגנטלעך, אינם גאַנצן בלאָק איז עס אַזוי...

— אַך, צוליב וואָס פּטרן מיר דאָן אַזוי פיל צייט אומזיסט! זייט געזונט... גוד־באַי.

— פּראָשטשאַיטע... יאָ, און האָט ניט קיין פּאַראיבל: כ׳וועל שוין זען צושיקן אייך אַן אַנדער לערער, אַפילו מיט נאָך גרעסערע קוואַליפיקאַציעס פאַר מיר: אַ מענטש, וואָס ער האָט אָנגעשריבן שוין צוויי רוסישע גראַמאַטיקעס! גוד־באַי, גוד־באַי... און ער שטאַמט אַזש פון טולאַ!

20

אַ פּריוויטיק אינדערפרי איז לינע מיט דודן ענדלעך אָפּגעפאָרן אין דער „לעוועטאַל־היים”.

ס׳איז געווען אַ טרוקענער קאַלטער טאָג אָנהויב דעצעמבער. קיין סימן פון שניי איז אין דרויסן ניט געווען, אָבער אויך ניט קיין סימן פון זון. דוד איז געווען איינגעוויקלט פון קאָפּ ביז די פיס, ער זאָל זיך חלילה פונדאָסניי ניט פאַרקילן, זאָל ווידער ניט קריגן קיין העכערע טעמפּעראַטור. איינס־צוויי גראַד מער — און ביידע זיינען קאַפּוט, ביידן וועט מען שוין ניט אַריינלאָזן...

דאָס איז שוין אייגנטלעך געווען דאָס צווייטע מאָל, וואָס זיי זיינען אהין געפאָרן. אויך מיט אַ קורצער צייט צוריק זיינען זיי שוין דאָרטן געווען. דעמאָלט האָט זיי קאַרלין אהין באַגלייט. מען האָט זיי אָבער דאַן גלייך צוריקגעשיקט ווייל ווען די עקזאַמינינג־נוירס האָט ביי זיי, איידער וואָס־ווען, גענומען די טעמפּעראַטור, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קינד האָט נאָך אַלץ היץ. אייגנטלעך, לינע האָט פאַרן אָפּפאָר אַליין געהאַט באַמערקט אַז דודל האָט אַ ביסל היץ. אָבער די מעלדונג אַז ס'איז זייער „נעקסט" איז אָנגעקומען פּלוצלונג, מ'האָט געמוזט נעמען אַ טשאַנס... אַז ניט, פאַרלירט מען דעם „נעקסט", און ווער ווייסט ווי לאַנג מ'עט דעמאָלט ווידער דאַרפן וואַרטן אויף אַ נייעם רוף.

אָבער אַ סך מער צום שטוינען איז לעצטן מאָל געווען דאָס, וואָס ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אויך לינע זעלבסט האָט געהאַט היץ! טאַקע אינגאַנצן בלויז צוויי שטריכעלעך מער ווי נאָרמאַל, אָבער אינם דאָזיקן וואוילטעטיקן סאַנאַטאָריום האָט מען דאָך אַריינגעלאָזט פּאַציענטן אויסשליסלעך מיט אַן אַבסאָלוט־נאָרמאַלער טעמפּעראַטור.

איז האָבן זיי טאַקע לעצטן מאָל געמוזט צוריקפאָרן, אַלע דריי אַנטוישטע און אויסגעמאַטערטע. אויפן וועג צוריק האָט זיך לינע דעמאָלט די גאַנצע צייט געהאַט געכמורעט, געברוגזט אויפן מאַן:

— ס'איז אַלץ געווען זיין שולד... ווען ער וואָלט זיך אויפן וועג אהין מיט איר ניט געהאַט צעווערטלט, וואָלט זי זיכער קיין היץ ניט געוועז געקראָגן... ווייל זיי האָבן זיך געהאַט געערגערט, האָט זי געקראָגן אַ ביסל היץ.

איז איצט, ווען ס'איז ווידער אומגעריכטערהייט אָנגעקומען פון דער „האָום" אַ מעלדונג צו קומען אין אָט דעם באַשטימטן פרייטיק, זיינען שוין מוטער און זון געפאָרן אין די יאַנקערס אַליין, אָן קאַרלינס באַגלייטונג. אַזוי איז לינע באַשטאַנען. עס זאָל חלילה ווידער ניט פּאַסירן קיין שטרויכלונג אויפן וועג...

קאַרלין האָט זיך באַמיט דעם גאַנצן פרימאָרגן אַרויסצואווייזן איר די גרעסטע ליבשאַפט און צערטלעכקייט, זי זאָל זיך ניט אויפרעגן. אַז וואו ס'איז ענג, דווקא דאָרט רייסט זיך! דאָס ווייב זיינס איז אַפּנים גוט אויסגעמאַטערט געוואָרן די לעצטע צייט, אַז פון אַ

ליאַדע קלייניקייט הויבט זיך שוין ביי איר די טעמפּעראַטור!...
אָבער, ס'איז דאָך אַלץ בלויז נערוון! און ער האָט איר געקושט און געהאַלובעט, און געזען זי זאָל אַרויס פון הויז אײַנגאַנצן אַ באַרו־איקטע.

ער אַליין איז אויך געווען איצט פאַלקאָם רואיק. דודן אָפּגע־מאָסטן די היץ — אויך פולשטענדיק געזונט. אַ געזונט אים אין קאָפּ! ליוסילן וועט ער שפּעטער אָוועקפירן צו די קאָטליאַרס. ווייטע באַקאַנטע זייערע, פּרעכטיקע מענטשן. זיי האָבן זיך אונטערגענומען האַלטן ביי זיך דאָס מיידעלע די גאַנצע צייט, ביז די מוטער וועט זיך אומקערן.

ליוסיל איז אַרומגעלאָפן מיט אירע ביסטרע שוואַרצע אויגעלעך פון איינעם צום אַנדערן, האָט געטאַנצט און געפּליעסקעט אין די הענטלעך, אַ פריידיק־באַגייסטערטע, — עפּעס קומט דאָ פאָר אַ גרויסע „פּאַדי", אַלע פאָרן ערגעץ, זי וועט מען אויך אָוועקפירן צו אַ „טשיאָטשע", צו אַ נייער מומעשי. די גאַנצע משפחהלע איז גע־ווען צופרידן, מען האָט זיך געזעגנט קושנדיק, האַלובענדיק.

נאָך לינעם אָפּפאָר האָט קאַרלין אַרויסגענומען זיין בעסערן אָנצוג, זיך אָנגעהויבן גרייטן אָפּצופירן ליוסילן צו די קאָטליאַרס. מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. ס'איז אַריין דער „איידזשענט". אַ דינער בלאָנדער דייטש, אַ ציכטיקער פּאַרשוין מיט בלוי־אָפּגעראַזירטע באַקן, אין אַ ליכטיק־ברוינעם „קעסעלע" אויפן פּאַרשפּיצטן, פּוליע־אַרטיקן קאָפּ. אין האַנט — אַ שוואַרץ־פּאָלירטן שטעקן. דער דינער שמייכעלע, פול איינצייטיק אי מיט חוזק אי מיט איידעלן פאָרוואָרף, מיט וועלכן ער האָט קאַרלינען אַ פּאָר סעקונדן שווייגנדיק באַטראַכט, האָט ווי געטאָן קאַרלינען מער ווי אַלערליי שאַרפסטע רענט־מאָנונגען.

— נו, ס'איז דאָך שוין דער זעקסטער? האַ? הייסט עס, קומט ווידער פּאַר צוויי חדשים...

— אין עטלעכע טעג אַרום — זיכער! — קאַרלין האָט זיך באַמיט צו קוקן דעם פּאַרשוין גלייך אין די אויגן, אָבער ניט געקענט.

— אַזוי זאָגט איר אַלעמאָל... — זיין טאָן איז אַריבער פון חוזקריי צו מוסר־זאָגעריי. ער האָט אַרונטערגענומען זיין קעסעלע,

זיך צוגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אויף א לאַנגן שמועס.

— זעט, איך האָב אייך פאַרריכט די פענצטער און די טירן... און בין שוין גרייט געווען אריינצושטעלן אויך א זליוו אין אייער וואַנע־צימער, טאַקע ווי ביי לייטן! — און זעט, ווי איר האַנדלט קעגן מיר!

— איצט איז אָבער אַנדערש — צו קאַרלינען האָט זיך אומגע־קערט די זיכערקייט, ער האָט מיט א בערשטל העפטיק אָנגעהויבן פוצן דעם אָנצוג, ביזנעסמעסיק, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט. — דאָס קינד איז געווען קראַנק, זיינען געווען עקסטרע־הוצאות... איצט וועט אָבער זיין אינגאַנצן אַנדערש! די משפּחה מיינע פאָרט אַוועק אויף א לענגערע צייט צו די קרובים, וועל איך האָבן מער צייט אויף ארומקוקן זיך וועגן א דזשאָב... דאָס האַלט איך מיך טאַקע איצט אין איבערטאָן, איר זעט דאָך אַליין, איך אייל מיך אויף אן אַפּאָינטמענט וועגן א שטעלע.

— קלייבט איר זיך אפשר אינגאַנצן ניט ארויס פון דאַנען אָן א זיי־געזונט? — האָט דער אײדזשענט שפּילעוודיק־ליבלעך געדרייט דעם ברוינעם קעסעלע אויף דער גאַלקע פון זיין ספּאָרטישן שטאָק. און ס'איז ניט געווען קלאָר קאַרלינען: דער „אײדזשענט" האָט זיך דערפאַר מורא, אָדער פאַרקערט גאָר — ער האָפט אויף דעם...

— וואָס רעדט איר, — האָט קאַרלין זיך געמאַכט האַרץ, אריינ־געפאַלן אין יענעמס קיבעץ־טאָן. — און אייך איבערלאָזן די מעבל?

— וואָס אייער מעבל איז שוין ווערט... ס'וועט מיר נאָך אַלץ ארויסקומען פאַר איין חודש דירה־געלט, בע־כע...

— דאָך... — איז קאַרלינען שוין מער ניט ניחא געווען זיין אייגענער הומאָר־טאָן און ער האָט זיך ווידער גענומען פלייסיק ארומ־בערשטן דעם רעקל.

— וועל, מיסטער קאַרלין, אויב איך קריג פון אייך ניט ביזן נעקסטן פרייטיק די געלט פאַרביידע חדשים, קריגט איר פון מיר גלייך אויף מאָרגן א דיספּאָזעס. דאָס איז א לעצטע וואָרנונג.

ער האָט זיך אפשר באַטראַכט אז דער טאָן זיינער איז שוין צו שאַרף, דאָ אין שטוב זיינען דאָך פאָרט א לאַנגע צייט געווען חלאים!

האָט ער צוריק אָנגעפּאַסט דאָס נעטע ברוינע קעסעלע, הילפּלאָז פאַ־נאַנדערגענומען די הענט.

— כ׳ווייס, די צייטן זיינען שלעכטע, אָבער מיר האָבן אויך אונדזערע פאַרפּליכטונגען! טעקסעס, און וואַסער־אָפּצאָלונגען, און מאָרטגעדזשעס, און... און... פאַר אונדז איז גאָרניט ביליקער געוואָרן! וואָס פאַרלאַנגט איר פון אונדז? אויב איר האָט ניט קיין אַנדער אויסוועג, ווענדט זיך צום רעליעף! — — —

איז עס דאָך טאַקע ווירקלעך געווען קאַרלינס דאָברע־מזל, וואָס ער׳ט בלייבן איצט כאָטש אַ צוויי דריי וואָכן אָן דער משפּחה. ס׳איז ניט אַזוי, וואָס ער אַליין נויטיקט זיך טאַקע אויך אין אַ ביסל רו נאָך דער געשפּאַנטקייט און אָנשטרענגונגען פון די לעצטע פּאָר חדשים. ס׳איז דער עיקר — ווייל ער׳ט האָבן איצט מער צייט זיך פונדאָסניי אַרומ־צוקוקן, זוכן, נישטערן, שמעקן, פונדאָסניי זיך זען מיט מענטשן, — אפשר, טאָמער... רעליעף! פאַרוואָס שטופּן זיי עס אים דווקא אויף רעליעף? ווי אונטערגעשיקטע שלוחים פונם יצר־הרע! פריער גאָר־ניצקי און איצט דער „איידזשענט״!...

ניין, מיט רעליעף וועט ער נאָך אויסוואַרטן. ער מוז זען קריגן עפּעס אַרבעט! כאָטש צוריקגערעדט, מיט אַ דיספּאָזעס פּאָר צוויי חדשים דירה־געלט, אויב ער זאָל אַזוינעם ווירקלעך קריגן פונם „איידזשענט״, וועט מען אים באַשטימט אַרויפלאָזן אויף רעליעף, אָן צופיל פאַנאַנדערפרעגענישן ביי קרובים און שכנים... וועט ער כאָטש אויף אַ צייט פּטור ווערן פון צו זוכן נאָכאַנאַנד הלוואות און גמילות־חסדים. אָבער — טפיו! אַוועק, יצר־הרע, אַוועק...

ס׳איז שוין געוואָרן אַרום איינס אַזייגער. קאַרלין האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן ליוסילן עפּעס עסן. עס זאָל ניט הייסן ער ברענגט זי צו די קאָטליאַרס גלייך אַ הונגעריקע... קאַרלין האָט געהאַלטן אין פאַרקנעפּלען דאָס גרויע איבערגעניצעוועטע מאַנטעלע — פון קאַרלינס אַ פּאָר אַלטע פלאַנעלענע הויזן — אַרום דער גליקלעך־צעפלאַמטער ליוסילן. ביידע האָבן טאַקע געבערענט פון אומגעדולד. עס האָט זיך שטיל געעפנט די טיר.

לינע, אַ פאַרשעמטע, האָט זיך אַריינגעשלייכט מיט אַן אַרונטער־געלאָזענעם קאָפּ, מיט סימנים פון טרערן אויף די באַקן. די אַלטע

וואַליזקע אין איין האַנט, האָט זי מיט דער צווייטער נאָכגעשלעפּט נאָך זיך דודן, אויך אַ פּאַרוויינטן.

קאַרלין איז געבליבן שטיין אָן לשון, אינגאַנצן אַ געפּלעפּטער.

— ווידער ניט... אַריינגעלאָזן? וואָס איז איצט? — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט. — אַזאַ אָנשיקעניש...

— אפשר וואָלסטו צוערשט מיר געהאָלפן אויסטאָן דאָס קינד?

— האָט לינע זיך אַ וואַרף געטאָן אויף דער קאַנאַפּע אינם מאַנטל און אַלץ. — „אַזאַ אָנשיקעניש”... אַ פיינער קבלת־פּנים! ביזט אַליין אויך אַ גוטע אָנשיקעניש...

קאַרלין האָט זיך אָנגעכמורעט, גענומען אויסטאָן דודן וואָס איז נעבעך געווען אינגאַנצן צעמישט און צערודערט. מען פאָרט מיט אים נאָכאַנאַנד — מען מעסט די „היץ” — און ווידער פאָרט מען צוריק... וואָס טוט זיך דאָ?

— איך האָב עס ניט געמיינט אויף דיר, לינע! איך האָב גע־מיינט זיי דאָרטן, אין דיין „האָום” — זיי זיינען די רעכטע אָנ־שיקענישן.

— אין מיין „האָום”?... הער נאָר, ס'מאָג זיין דיין „האָום”!

— האָט לינע געגראָבן דעם קאָפּ אין דעם ווייכן קישעלע אויף דער קאַנאַפּע. — האָסטו געזאָלט אונדז אַוועקשיקן אין די קעטסקילס, אָדער אין לעיקוואוד, וואו מען קריכט ניט יעדן גאַסט די ערשטע זאַך מיטן טערמאָמעטער און...

אַלץ אין איר האָט געברענט פון געקרענקטקייט און באַליידי־קונג. צוערשט — די רייזע אַהין. אויפגעשטאַנען ווען ס'איז נאָך פינצטער געווען. זיך געיאָגט אָן אָן אָטעם אַ גאַנצן פרימאָרגן. אין „האָום” האָט מען געמוזט קומען פּונקט צען אַ זייגער. געכאַפּט אַ קאַר, דערנאָך די סאָבוויי, דערנאָך ווידער אַ קאַר קיין יאָנקערס... פון ניט־געניטקייט — לעצטן מאָל האָט דאָך קאַרלין אַליין זיי אַהין געפירט — האָט לינע דאָס מאָל געבלאָנדזשעט, גענומען די לעקסינגג־טאָן סאָבוויי אָנשטאָט די דזשעראָם סאָבוועי, געמוזט ווידער פאָרן צוריק ביז מאָט־העיווען און ווידער בייטן... און די גאַנצע צייט — אַ וואַליזע מיט זייערע ביידנס מלבושים אין איין האַנט און דודל ביי דער צווייטער האַנט. נו־יאָ, מיט אַ טעקסי וואָלט זי אַהין געקאָנט

אָנקומען בסך־הכל אין אַ דריי־פערטל שעה, שוין פון הויז צו הויז, אָן שום ביטעניש. אָבער וועגן דעם האָט מען דאָך אפילו טראַכטן ניט געקאָנט: אפשר דריי דאָלער!

אַ דערשראָקן־אויפגערעגטע, טאָמער וועט זי אינגאַנצן פאַר־שפעטיקן, און שפעטער וועט זיך נאָך דער מאַן רייצן מיט איר: „נו, האָסטו ניט געזאָלט זיין אַזאַ קנאַקערין, ניט באַשטיין אויף פאָרן אַליין אָן מיר!" — איז זי ענדלעך אָנגעקומען אין דער „האָום" מיט אַ מוראדיק האַרץ־קלאַפעניש, ניט געקאָנט אַ לענגערע ווײַלע אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

צום גליק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס מאָל איז ביי דודן די טעמפּעראַטור געווען נאָרמאַל. אָבער ביי איר אַליין האָט זי זיך דער־פאַר געהויבן אויף עטלעכע גראַד, די באַקן האָבן געגליט, אפילו דער פּולס איז געשפּרונגען. מען האָט שוין געהאַלטן אין אוועקפירן דודן אין אַ זייטיק צימער, אויף נעמען דעם אַריינטריטס־שפּריץ, האָט ער געמאַכט מוראדיקע געוואַלדן: „אָן דער מאַמען וויל איך נישט..."

פון דעם אַלעמען האָט קאַרלין נאַטירלעך ניט געוואוסט. לינע האָט זיך אי געשעמט, אי מורא געהאַט דאָס צו דערציילן. אים האָט דערפאַר פאַרדראָסן איר בייזער טאָן, די אָנצוהערעניש אויף זייער אָרעמקייט. ער טוט דוכט זיך, אַלץ וואָס ער קען נאָר — זשאַלעוועט ניט זיינע כוחות, זשאַלעוועט ניט זיין כבוד, איז שטענדיק גרייט צו טאָן אַלץ...

אַ תהום האָט זיך איצט אָנגעהויבן שפּאַלטן פאַר זיינע אויגן, דער פינצטערסטער תהום. איצט וועט ער שוין ווידער ניט זיין פריי צו זוכן קיין אַרבעט די גאַנצע צייט ווי ער האָט אָקאָרשט געפּלאַ־נעוועט. און אַז מ'וועט אים באַלד אונטערטראָגן אַ „דיספּאָזעס", מיט זיי צוזאַמען אויף זיינע פּלייצעס? וועט שוין דעמאָלט היפּש גרינגער ווערן...

— הם, קיין לעיקוואוד זאָל איך איר שיקן... — איז ער פון גרויס פאַרדרוס אַריבער אויף דער דריטער פּערזאָן. — אַנדערש איז זי ניט געוואוינט. אין יוראָפּ ביזטו אויך געפאָרן אין די קעצקילס, קיין לעיקוואוד?

— הלוואי וואָלט איך געווען געבליבן אין יוראָפּ. — האָט לינע הויך אַ זיפץ געטאָן.

אַזוי? זי האָט נאָך חרטה, דערלייגט דער באָבעס ירושה?... די שטייגנדיקע בייזקייט האָט אַריינגעפירט אַ פּאָר גיפט טראָפּנס אין זיין ענטפער.

— וואָס מיינסטו? — האָט זי געענטפערט מיט טיפער טראַגיש־קייט. — איך בין טאָקע געווען פאַרנאַרט...

— אַ סך האָסטו דערלייגט צו אַמעריקע! — האָט ער איר פאַרניכטנדיק אָנגעקוקט.

— וואָס־זשע, די גרויסע גליקן וואָס כ'האָב ביי דיר? — האָבן די פייערלעך אין אירע אויגן אים אַ ברען געטאָן.

— נו, קאָנסט חרטה האָבן — האָט ער דערפילט אַז ער גייט איר זאָגן גרויזאַמע ווערטער, אַז ער פאַרלירט אינגאַנצן דעם קאָנטראָל איבער זיך, ער איז געוואָרן בלייך, דאָס האַרץ האָט זיך ווי אינ־גאַנצן אָפּגעשטעלט.

— סטראַשע נאָר מיך ניט! — האָט זיך לינע געגעבן אַ ריס־אויף פון דער קאַנאַפּע. — ווען ניט די קינדער, וואָלט איך שוין לאַנג... סיי־ווי בין איך ביי דיר אַ שקלאַף...

ליוסי, וועלכע דער טאַטע האָט געהאַלטן אין צוריק אויסטאָן דאָס מאַנטעלע, האָט זיך פאַנאַנדערגעיאַכמערט ניט אויף קאַטאָוועס, הלמאי מען נעמט איר ניט צו דער „טשאַטשע". דוד, דערזעענדיק דאָס קריגערייַ פון די עלטערן, האָט נאָכגעמאַכט איר ביישפּיל. פון די קינדערס געוויין איז דער פאָטער נאָך צעטומלטער געוואָרן, דאָס גאַנ־צע בלוט האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אין קאָפּ אַריין.

— דו ביזט ביי מיר אַ שקלאַף? — האָט געהערט ניט די צונג, נאָר די פיבערדיק־קלאַפּנדיקע שלייפן, דאָס האַסטיק־קלאַפּנדיקע האַרץ. — ווייסט גאָר וואָס, כ'וועל ביי דיר צונעמען די קינדער... גיי זיך וואוהין דו ווילסט, און טו וואָס דו ווילסט... אדרבא, באַווייז וואָס דו קענסט אויפטאָן אַליין...

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע, ברייט־פאַנאַנדערגע־עפנטע אויגן, ווי ער וואָלט איר צוגערוקט דעם שפּיץ פון אַ שווערד סאַמע צום האַלדז.

— טרייבסט מיך, הייסט עס, פון שטוב, הא? — מורא האָבנ־דיק, זי זאָל זיך ניט היסטעריש פאַנאַנדערשרייען, האָט זי מיט א נאס־פאַרוויינט טיכעלע פארשטופּט זיך דאָס מויל, זיך געלאָזט לויפן אינם ווייטסטן צימער. דודל מיט א כליפּעריי — נאָך איר. ליוסעלע, פאַרשטיקנדיק אין זיך מיט אַלע כוחות דאָס העשעריי, האָט זיך דערשראָקן געטוליעט צו קאַרלינען, בעטנדיק זיך ביי אים מיט די בליקן ער זאָל כאָטש איר קיין בייז ניט טאָן... און ביי קאַרלינען האָבן געציטערט הענט און פיס, האָט געקלונגען אין די אויערן און געהילכט אין קאָפּ.

21

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג האָט זיך לינע געוואַלגערט אין בעט, אין פראָנט־צימער, נישט געגעסן, ניט געטרונקען. קאַרלין האָט גע־טאָן דאָס געמלעכע — אויף דער קאַנאַפּע אינם עס־צימער. ער איז געלעגן אין א הינער־פּלעט, געדרעמלט, ניט־געדרעמלט. און ווי נאָר וועלכער געדאַנק פלעגט אים א פּיק טאָן, אים פּרואוון אויפוועקן — פלעגט ער אים מיט געוואַלד יאָגן פון זיך, ניט געוואָלט צוריקקריגן דאָס פולע באוואוסטזיין.

אויך די קינדערלעך האָבן זיך באַוועגט אויף די שפּיץ טריט, האָבן זיך געהאַלטן אין די ווינקלען צימער פאַרלאָזענע, האָבן זיך שווייגנדיק געשפּילט. בלויז איין מאָל, ווען עפּעס א זלידנע מחשבה האָט קאַרלינען שוין צו הויך א שטאָך געטאָן, פּלוצלונג אומגעקערט דאָס גאַנצע באוואוסטזיין, האָט ער אויפגעכאַפּט ליוסים א שטילע העשעריי:

—דודעלע... הויבע־אויף־מיין־ליאַלקע....

— כ׳על ניט אויפהויבן! — האָט דודל זיך אויף איר פּעסט, מאַנסבילש געבייזערט. — בין ביי דיר ניט קיין שקלאַף!

ווי אָט די ווערטער וואָלטן אויך לינען אײַנצײַטיק אויפגעוועקט, האָט זיך אין פראָנט־רום דערהערט א רודעריי, צום ערשטן מאָל דורכן גאַנצן נאָכמיטאָג. לינע איז באַלד אריין, גענומען די קינדער, זיי

דורכגעפּירט פאַרביי דעם שלאָפנדיקן קאַרלינען אין קיך אריין, שעפּטשענדיק צו זיי די גאַנצע צייט:

— ששש... וועקט ניט אויף דעם פּאַפּאַן...

שפּעטער מיט אַ האַלבער שעה, ווען זי האָט די קינדער אָפּגעגעבן עסן און זיי שוין געפירט באַליגן שלאָפן האָט די זעלביקע פּראָצעסיע ווידער פאַרבייגעמאַרשירט אויף די שפּיץ־טריט פאַרביי קאַרלינס געלעגער. ער האָט פעסטער צוגעמאַכט די אויגן. דאָס מאָל האָט שוין ליוסעלע געשעפּטשעט:

— ששש.... ניט אויפוועקן די טאַטעשי...

....„דו מאַלפּעלע”, האָט קאַרלין דעם ערשטן שמייכל געגעבן. אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָט זיך פונעם פראָנט־צימער שוין דערהערט דער מוטערס בענקשאַפטלעך־טרויעריק וויג־ליד איבער דער איינשלאָפנדיקער ליוסעלעס בעטל:

שעד ביעדני סטאַרעץ, אובאָגי סטאַרי,
נאַ טוואַרזשי זמאַרזשטשי, זשע סטאַראַשטשי סטאַלי...*)

ווען לינע פלעגט זינגען אַ וויג־ליד ביים קינדס בעטל, ווי טרויעריק עס האָט ניט געקלונגען, איז עס געווען אַ גוטער סימן: אַ סימן פון אַן אָנוואַקסנדיקער טיפער באַרואיקייט. אויך ער, קאַרלין, איז ביסלעכווייז געקומען איצט צו זיך. די נערוון־געשפּאַנטקייט האָט אָפּגעלאָזט, די אברים זיינען געוואָרן נאָכגיביק, שלאַבערדיק, דאָס בלוט האָט שוין צירקולירט לאַנגזאַם... וואָס איז די אָרעמע טאַקע שולדיק — אפשר איז עס ביי איר אויך אַ רעוומאַטישער פיבער, אפשר ליידט זי גאָר חלילה אויף רעוומאַטיזם?... די באַטאָגיקע קריגערייַ האָט ווי אַ רעגנדל, אויפגעריייניקט די לופט אין שטוב, וואָס איז דאָך די אַלע לעצטע וואָכן געווען אַזוי אָנגעלאָדן און געדיכט. שטיל, באַרואיקנדיק, האָט דורך די פענצטער־שויבן אַריינגעבלויט אין טונקעלן צימער דער ווינטערדיקער אָוונט.

ס'דערהערן זיך אומזיכערע טריט, בלייבן שטיין אויף דער שוועל פונעם עס־צימער. דערוואַרטונג פון ביידע צדדים...

*) געשפּאַנט האָט אַ בעטלער אַלט און אָרים, אויף זיין פנים קנייטשן פון טיפער אַלטקייט...

— ס'ט עפּעס גיין עסן? — קלינגט לינעס שטים אומזיכער און שולדיק. און קאַרלינס האַרץ צעגייט אַזש אין אים פון רחמנות.

— אויב דוס'ט מיר נאָר עפּעס געבן, לינעלע... — הויבט ער זיך גלייך אויף.

— כ'האָב אָבער גאָרנישט אָפּגעקאָכט צום עסן — פאַרטענהט זי זיך.

— עפּעס קאַלטס וועט אויך זיין גוט... כ'האָב סיי־ווי ניט גע־פילט ווי צו עסן היינט קיין געקאָכטס.

— אָבער קאַלטס האָב איך אויך כמעט גאָרניט אין שטוב... חוץ ברויט מיט פוטער — קלינגט איר שטים דערשלאָגן. — דאָס ביסל קרים האָבן די קינדער אויפגעגעסן... — שלייכט זי זיך אים פאַר־ביי מיט שטילע טריט. — קום...

— ס'עט שוין זיין רעכט, — גייט ער איר נאָך אין קיך אריין. אַז די לאָמפּ לייכט דאָרט אויף, ווערט אים אויפן בארואיקטן געמיט גלייך גרינגער. — כ'על נאָך מאכן אַ גלאָז טיי...

— וואַרט... אָט האָב איך אויך אַ בלעכל טאָמייטן־סופּ — גראַבט זי זיך אינעם קיך־שענקל. — כ'על עפענען און אָנוואַרעמען.

— פונקט וואָס איך האָב ליב! — רייבט זיך קאַרלין די הענט מיט איבערגעטריבענער פרייד.

— און אויף דעסערט קען איך דיר געבן אַ טעצעלע פערשקעס־איינגעמאַכטס...

— הערסט! — ווערט שוין זיין פּנים איינגאַנצן ליכטיק, און ער הויבט איר אָן קוקן גלייך אין די אויגן אריין, וויל אויפכאַפּן איר בליק. — און זאָגט נאָך אַז זי האָט גאָרניט אין שטוב!

זי טוט איר אַרבעט שווייגנדיק. כאָטש ער פילט, אַז דאָס איז ניט קיין שווייגן פון ברוגז, נאָר פון חרפּה... זי האַלט טאַקע לאַנג ניט אויס. נאָך אַלץ ניט קוקנדיק אים אין די אויגן, זאָגט זי אַרויס:

— כ'האָב פריער ניט געמיינט וואָס איך האָב געזאָגט... נאָר איך בין געוועזן אַזוי מיד...

ער גייט צו איר צו פון הינטן, גיט איר אַ קוש אין הייס־פּול־סירנדיקן נאַקן:

— דאַרפסט עס מיר ניט דערציילן... און איך האָב דען געמיינט

כאָטש איין איינציקן וואָרט פון דעם וואָס כ'האָב דיר געזאָגט? ס'איז אַלץ די פּאַסקודנע נערוון...

אויפגעמונטערט פון זיין קוש, קערט זי זיך שוין אום צו אים מיטן פולן פּנים, הויבט האַלב אויף אויף אים אירע מילדע טויבן־אויגן:

— ווען דו וואָלסט געוואוסט, ניוקעלע, ווי זיי האָבן מיך דאָרט באַליידיקט! ווי נאָר ס'איז געקומען צו מיין נעקסט, איז די נוירס צו מיר צו: — „לייג זיך... מיר וועלן ביי דיר אָפּמעסטן די היץ..." זיי נעמען ניט די היץ דורכן מויל, נאָר הייסן אריינשטופּן דעם טער־מאָמעטער גלייך דו ווייסט־שוין־וואוהין, האָבן גאָר קיין בושה ניט... און אין צימער זיינען דעמאָלט געווען נאָך צוויי פרויען, חוץ מיר.

אַפילו ביי אָט דער בלויזער דערמאָנונג וועגן דער פריערדיקער דערפאַרונג האָבן אירע באַקן אָנגעהויבן גליען, אַזש טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

— לאַכסט... אָבער איך האָב איינגאַנצן געברענט פון בושה... איז דען אַ וואונדער, וואָס מיין טעמפּעראַטור איז געשטיגן? און דו... אַז איך קום שפּעטער צוגיין אַהיים, איז שטאָט צו זאָגן מיר אַ גוט וואָרט, האָסטו אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר פּאַרדראָסיקע אויגן, און אַזוי קאַלט אַ פרעג געטאָן: „וואָס ווידער?!"

לינע האָט זיך אויך צוגעזעצט צום טיש, אים אַנטקעגן, און ווי תמיד — אויף אַ שפּיץ בענקל, אַ „גאַנצער מייל פון טיש". איר מילדער ווייכער פּנים פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל שטילן פאָרוואורף, ווען זי הויבט אויף אים אויף אַ פּאָר ברוגזדיק־שמייכלענדיקע בליקן:

— דאַרפסט ניט זיין אַזאַ... אַזאַ „באַיזער בונדיסטל..."

ווען נאָר קאַרלין הערט אָט דאָס ווערטל פון איר מויל, צעגיסט זיך אים אַ ברייטער גוטמוטיקער שמייכל איבערן שטרענגן פּנים זיינעם: אַזוי פלעגט מען אין די באַלעבאַטישע הייזער פון איר פּוילישער היים־שטאָט אָנרופן רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, — און בכלל מענטשן, וואָס זיינען האַרטלעך און שטרענג...

— נו, לינעלע, — מאַכט ער הילפלאָז מיט די הענט, — ווייסט דאָך שוין פון לאַנג, אַז איך בין אַזאַנער...

— דערפאַר האָסטו טאַקע אַזויפיל צרות! וואָלסט באַדאַרפט ווערן אַ ביסל וויכער מיט מענטשן... — עצהט זי אים.

— שוין צו שפּעט, טייערע... וואָס'אַן האַלסט מיך דען אויך פאַר אַזאַ שלעכטן?

— ניין, האָסט שוין גאָר אַ גוט האַרץ, איך ווייס... אָבער מענטשן אורטיילן אַ צווייטן ניט לויט דעם האַרץ, נאָר לויט דער שטים... וואָלסט געדאַרפט זען, אַז דיין קול זאָל ניט זיין אַזאַ שטרענגער, אַזאַ בייזער.

— ווי אַזוי מאַכט מען עס אָבער? אפשר אַזוי אַ שטייגער: מיין טייער, מיין זיס, מיין ליב לינעלע?

— שפּעטלסט פון מיר, שפּעט, שפּעט... אָבער וואָס מיינסטו — ווען דו פאָלגסט מיך, וואָלט דיר זיכער פיל בעסער געווען — בעט זי זיך ביי אים. — און אונדז אַלעמען אויך... ניוקעלע, דו וואָלסט געדאַרפט זיך אינגאַנצן איבערבייטן, ניט נעמען זיך יעדע קלייניקייט צום האַרצן — לאָך זיך אויס פון אַלץ! דער טראָבל מיט דיר איז, וואָס דו האָסט לעצטנס אינגאַנצן אויפגעהערט צו לאַכן.

— זיי האָבן פון מיר פאַרטריבן דאָס געלעכטער — ווערט קאַרלין ערנסט, לאָזט אַראָפּ די אויגן.

— לאָזט מען זיך ניט! — רופט זי אויס.

— ס'איז גרינג צו זאָגן...

— יאָ... די וועלט האָט ליב אַ סימפּאַטיש פּנים, אַ סימפּאַטיש קול...

— אָט האָסטו דאָך שוין אַ סימפּאַטיש קול, און ביזט אינגאַנצן אַ „סימפּאַטישע פּערזענלעכקייט", לינעלע, — איז וואָס פאַר אַ וואונדדירים טוסטו עס מיט דעם אויף?

— וואַרט, ווייסט נאָך ניט דעם סוף... „באָנדזש מאָנדרי, אי פּאַטש קאָינצאַ..."*) כ'האָב שוין פעסט באַשלאָסן: ווי נאָר איך קום צוריק פון דער „האָום", הויב איך מיך גלייך אָן לערנען אַ פאַך... יאָ, ביוטי־קאַלטשור! אומבאַדינגט! וועסט שוין זען, וואָס איך וועל אויפטאָן!

---

*) זיי אַ חכם און וואַרט אויפן כּוח.

און קאַרלין קוקט זי אָן. זי זיצט, ווי תמיד, „אַ מייל פון טיש", אירע אויסגערונדיקטע פּלייצעס איינגעבויגן, און קייעט שטיל־פאַרטאָן דעם זעלביקן ביסן: זי איז שוין פאַרטיפט אין ראָמאַנטישע וויזיעס וועגן אירע שפּעטערדיקע אויפטוען, ווען זי וועט שוין האָבן זיך אויסגעלערנט אַ פאַך... אַזוי שלעכט האלט עס שוין מיט אים — זיין קינדיש ווייב וועט דאַרפן אונטערשטעלן אירע שוואַכע פּלייצעס צו העלפן טראָגן דעם פּרנסה־יאָך? — — —

און שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך ביידע געלייגט שלאָפן, האָט זי אים איינגערוימט מיט קינדישן קוים־געהערטן פאָרוואורף:

— ווייסט, היינט אינדערפרי האָסט מיך ניט געוועזן באַדאַרפט אַזויפיל קושן... כ'האָב מורא, אַז דערפון טאַקע האָב איך עס געקראָגן די היץ, און דערפאַר האָט מען מיך ניט אַריינגעלאָזט...

— אָבער לינעלע, — האָט ער שטיל געלאַכט, — וואָס טוט זיך עס מיט דיר? האָסט מיר דען אַליין ניט פאַרגעוואָרפן לעצטן מאָל, אַז דערפאַר האָט מען עס דיך מיט אַ וואָך צוריק ניט אַריינגעלאָזט אין דער „האָום", ווייל איך האָב מיך דעמאָלט געהאַט אַ ביסל צעווערטלט מיט דיר, האָסטו דעריבער פון אויפרעגונג און עגמת־נפש געקראָגן אַ העכערע טעמפּעראַטור?... איז ווי־זשע פאַרט?

— אָט אַזוי־אָ טאַקע — האָט דאָס ווייב־קינד אים געשעפּטשעט אין די אויערן און באַלערנט מיט אַ מוטערלעכן טאָן — אַזוי לאַנג, ווי אונדז גייט שלעכט, דאַרפן מיר לעבן בלויז, ווי גוטע פריינט... פאַרשטייסט, וואָס איך מיין? בלויז ווי גוטע פריינט — ניט קריגן זיך, און ניט ליבן זיך...

22

ווי אונטערשטרייכנדיק די פאַרבאַרגענע פאַרבינדונג, וואָס עקזיסטירט צווישן דעם צושטאַנד פון דער נאַטור און דעם גורל פון מענטשן, איז יענעם טאָג, אומגעפער מיט אַ וואָך אָנדערהאַלבן שפּעטער, ווען לינע איז פונדאַסניי, שוין צום דריטן מאָל אַרויסגעפאָרן אין דער לעווענטאַל־היים, געווען זייער אַ וואַרימער און אַ זוניקער אינמיטן דעצעמבער — אַ טרוקן־וואַרעמער הערבסט־טאָג. איינער פון

די קאַפּריזן פונם ניו יאָרקער וועטער, וואָס לאַכט זיך דאָס רוב אויס פון די סעזאָנען פון יאָר.

דאָס מאָל האָט שוין קאַרלין ווידער באַגלייט זיין משפּחה. ליוסילן האָט מען אויף אַ פּאָר שעה איבערגעלאָזט ביי די גאַרניצקים.

די גוטע ענדערונג אינם וועטער — ס׳איז געווען ווי אַ צייט־ווייליקער צוריקקער צום זומער, ווי אַן אַנזאָג סוף־כל־סוף אויף אַ גוטן אויסגאַנג פונם קריזיס. זיי זיינען געפאָרן דאָס מאָל זיכערע, באַרואיקטע. דאָס מאָל וועט שוין אַלץ זיין אין אָרדענונג, סיי בנוגע לינען און סיי בנוגע דודן. און — — ס׳איז טאַקע געווען אַלץ אין אָרדענונג: מען האָט מוטער־און־זון דאָס מאָל אַנגענומען אויף אַן אָפּרו פון צוויי וואָכן צייט, מיט אַ מעגלעכקייט צו פאַרלענגערן דעם טערמין אויף נאָך אַ וואָך־צוויי, אויב דער צופלוס פון געסט אַרום ניי־יאָר וועט ניט זיין קיין צו גרויסער. צוליב דעם וועט מען שוין דאַרפן מיט סיגלם אַריינמישונג אָבער זי וועט עס געווים אים צוליב טאָן. זי האָט געקראָגן אַ שוואַכקייט צו דער קאַרלין־משפּחה, אפשר טאַקע צוליב לינען.

ווען קאַרלין האָט זיך צוריקגעקערט מיטאָג־צייט, האָט ער ביי די גאַרניצקים אָנגעטראָפן אַ גאַנצע סומאַטאָכע. מרס. גאַרניצקי האָט זיך אַרומגעריסן מיטן מאַן. ער איז געזעסן רייטנדיק אויף אַ שטול אין קיך, מיטן פּנים צום שטול־אָנלען, מיט צעשויבערטע האָר, פון צווישן וועלכע עס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט די ריזיקע גוליע אויף דער פּאַטעלניצע, בלוי ווי אַ מילץ.

— פּוילענצער, שיכור, טויגעניכטס, זלאָדזשי... — נו, ביי אים אין שטוב, ביי קאַרלינען איז עס נאָך אַלץ בעסער, צו אַזעלכע ווערטער איז עס נאָך דערווייל ניט געקומען...

גאַרניצקי, מיט גזלניש פאַרשלאָפענע אויגן, אין וועלכע מען סערלעך האָבן געגליט, האָט פון צייט צו צייט אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיש, געפּרואוווט עפּעס דערוויייזן. (דער סוד פון זיין פאַרלירן דעם דזשאָב איז שוין קאָנטיק פאַרן ווייב מער קיין סוד ניט געווען). ווען קאַרלין איז אַריין אין שטוב, האָט יענער אויסגעקירעוועט זיין שטול, אָנגעהויבן רייטן אין זיין ריכטונג, סקריפּעדיק מיט די פיסלעך איבערן נאַקעטן דיל. די קליינע ליוסיל, וועלכע איז שוין ביסלעכווייז געקומען

צו דער איבערצייגונג אַז מחלוקתן אין אַ שטוב זיינען אומפאַרמיידלעך — ווי דער ווינט און דער רעגן וואָס הויבן אָן צייטנווייז קלאַפּן אין די שויבן און פון וועלכע זי באַהאַלט זיך אויך תמיד אויס — האָט זיך דאָ שווייגנדיק געהאַט פאַררוקט אין דעם ווייטסטן צימער. וואַרטנ־דיק אויף פּאַפּאַס צוריקקער, האָט זי זיך דערווייל אַמוזירט מיטן צע־רייסן אויף פּיצלעך די בלעטער פון אַן אַלטן אילוסטרירטן זשורנאַל, וואָס האָט זיך ביי די גאַרניצקים פאַרוואַלגערט.

— נו, לאַנדסמאַן, זאָג שוין דו! — האָט פון גאַרניצקים מויל געאַוועקט מיט שלעכטן בראָנפן. — סלוכאַי, איז עס מיין שולד? דערקלער עס דו דער סטערוועס מיינער, אדרבא!

ס'איז שוין געווען אָט־אָט, און גאַרניצקי איז שיר ניט אַרויף אויף רעליעף, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז ניט קיין פּאָלנער סיטיזען. די רעליעף־רעגולאַציעס זיינען געוואָרן מילדער, ווייל די צייטן זיינען געוואָרן גרויזאַמער. אויך „פרעמדע" האָבן געקראָגן דאָס רעכט ניט אויסצוגיין פון הונגער, אינם גרויסן און רייכן לאַנד אַמעריקע, — לאָזט זיך אָבער אויס אַ נייע צרה.

די פּאַפּירן זיינען שוין אַלע געווען אויסגעמאַכט, די אויספאָר־שונג — פאַרענדיקט, ערשט די אויסגעפּוצטע „כאָלעריע" אינם האָום־רעליעף באַמערקט פּלוצלונג ביי אים אין מויל אויפּבלישטשען גאָלד...

— ס'איז אַ גילדערנער צאָן? — פרעגט זי ביי אים מיט אַ שמייכעלע.

— יאָ, אַ „פּלעיט", — ענטפערט ער זייער אומשולדיק, און גייט אַריין אין דעטאַלן, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן מען זאָל אים נאָך ניט באַשולדיקן אין אָפּנאַרעריי. — אַ דענטיסט האָט עס מיר געמאַכט, ווייל קיין איינענע ציין האָב איך שוין פון לאַנג כמעט ניט. אָט זעסט? — און ער שלעפּט גלייך אַרונטער פון די ווייסלעך־בלויע יאַסלעס דעם „דענטאַל פּלעיט", צו איבערציינגן די כאָליערע אַז ער פאַרבאַהאַלט ניט אין מויל קיין סתם גאָלד.

— אָם סאַררי, — רופט זיך דעמאָלט אָפּ די האָום־רעליעף פּאַ־ניענקע, און פאַרקוקט זיך אויף אירע רויטלעך־געפאַרבטע נעגל. — אויב איר ווילט קריגן רעליעף, וועט איר מוזן ערגעץ אין אַ קליניק

לאָזן איבערבייטן דעם גילדענעם פּלעיט אויף אַ פּראָסטן, אַ ביינערנעם. אַז מען פּאַרמאָגט גאָלד, קאָן מען קיין רעליעף ניט קריגן!

— איז וואָס קאָן איך איצט טאָן, לאַנדסמאַן, האַ? וועמען האָט עס געקאָנט איינפאַלן! עס געמאַכט נאָך אין די גוטע צייטן, האָט גע־קאָסט מיר אפשר אַ הונדערט פינף און צוואַנציק דאָלער! אָבער אָן דעם קאָן איך אפילו קיין טאָג, קיין האַלבן טאָג ניט אויסקומען! און זי, מיין מיסוס, ווי אַ טויבע, טענהט צו מיר יעדן מאָל איינס־און־דאָס־זעלבע: „אָרזיען אָווערגאָלס, אי כאָדז נאָ דזשאָב!״ *).

קארלין האָט אַריינגעפירט דאָס קינד אין שטוב אַריין, געמאַכט פאַר איר עפּעס אָן איבערבייס. פאַרבייגייענדיק אַ שפּיגל, האָט ער פאַנאַנדערגערעפּעט זיין מויל: ניין... ער קארלין, איז אַ גליקלעכער מענטש, ביי אים זיינען קיין גאָלדענע ציין ניטאָ. איז עס טאַקע ניט ווידער קיין דערמאָנונג: אַרויפגיין אויף רעליעף... אָדער זאָל ער אפשר נאָך אַ ביסל צוואַרטן, ביז דער „איידזשענט״ וועט אים טאַקע אַריינרוקן אַ דיספּאָזעס? יאָ, אַזוי וועט עס טאַקע זיין. מיט אַ דיספּאָ־זעס פאַר ניט באַצאָלטע צוויי חדשים דירה־געלט — וועט ער באַשטימט קריגן רעליעף, אָן שום באַליידיקנדיקע אונטערזוכונגען.

אָבער ס׳האָט זיך פּאָרט אויסגעלאָזן, אַז צו קיין רעליעף וועט ער טאַקע ניט דאַרפן אָנקומען... פּונקט ווי דער גוטער וועטער אין דרויסן, אַזוי האָט אויך אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד קארלינס גוטער גליק. שוין דעם זעלביקן נאָכמיטאָג איז ליוסעלע געווען ביי די קאָטליארס, צוזאַמען מיט אירע קליידלעך און אַ פּעקעלע אויסגע־פּאַריכטע וועש, וואָס די מוטער האָט נאָך נעכטן באַוויזן פאַר איר צוצוגרייטן. ביי די קאָטליארס האָט קארלין דערווייל געגומען אויף באָרג אַ פּאָר דאָלער, גענוג אויף די ערשטע הוצאות פון אַ סינגל־מאַן.

אומגעקערט זיך צוריק אין שטוב, האָט קארלין אָנגעשטעלט דעם וועק־זייגער אויף קלינגען זעקס אַזייגער אינדערפרי. אַ פּעקעלע ריין־אויסגעוואַשענע אָווערגאָלס — אויף אַ דערבייאיקן שטול.

אויף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען נאָך גאָר פרישער, אויפגע־

---

*) טו אָן די אָווערגאָלס און גיי אַרבעטן.

שטאַנען מיט אַ ליכטיקן געמיט פון אַ גליקלעך־צערודערטן מענטשן, וואָס האָט פּלוצלונג דערפילט די פרייד פון ווידער טראָגן אַ יאָך... איצט, פאַר די קריסטלעכע חגאות — געדענקט ער פון אַמאָל — איז שטענדיק דאָ אַ קורצער ווינטער־סעזאָן. אין דער פרימאָרגנדיקער „וואָרלד" זיינען ווירקלעך געווען היינט אַ היפּשער צאָל אַנאָנסן „אַר־בעט פאַר פּעינטערס". אויף איינעם אַזאַ אַנאָנס האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, האָט ער געהאַט גרונטן צו גלויבן אַז אויף אָט דעם פּלאַץ וועט מען ניט פאָדערן קיין יוניאָן־קאַרטל, וואָס ער האָט שוין אַזויפיל יאָרן ניט געהאַט, ווייל אַזוי לאַנג ביי מאַלעריי ניט געאַרבעט. צווייטנס, האָט מען דאָ געדאַרפט אַ „העלפּער" אויך, — אין ערגסטן פאַל. הייסט עס, אויב ער וועט שוין איצט מער ניט קוואַליפיצירן פאַר אמתן בעל־מלאכה, ווייל זיכער האָט ער שוין זיין אַמאָליקע פאַך־קענטעניש איצט פאַרגעסן, וועט ער אָננעמען אַרבעט כאָטש ווי אַ „העלפּער": דאָס קאָן אויך מיינען אַ פינפערל אַ טאָג!

קאַרלין איז שוין געווען אויף דער עלעווייטער־סטאַנציע, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער, ווען די וואַגאָנען לויפן נאָך דורכאויס שיטער, ווען מען ווייסט ניט צי דאָס פאָרן עס מענטשן צו דער אַרבעט, אָדער זיי קערן זיך גאָר אום פון דער אַרבעט... פּנימער ביי אַלעמען זיינען נאָך פאַרשלאָפן, פאַרמאַטערט, ניט־דאַאיק.

אויפן געזוכטן דזשאָב, ערגעץ צופוסנס פון די „מאָרנינגסייד האַיטס", איז ער אָנגעקומען שיר ניט פון די ערשטע, — בלויז נאָך צוויי מענטשן, אַן איירישמאַן פון אַ יאָר 30 און אַן איינגעהויקערט יידיש מענטשל פון אַ יאָר 50 זיינען שוין דאָרט געשטאַנען מיט זייע־רע אָווערראָלס־פּעקלעך אונטער די פאַכוועס, זיך געטוליעט אין דער קליי־נער נישע ביי דער טיר, וואָס האָט געפירט אין סטאָר אַריין.

דאָס איז געווען אַן אָפיס פון אַ גרויסן פּעינטינג־באָס אונטער דער פירמע „סימפּסאָן און רייכענטאַלער". קאַרלין האָט זיך געשטעלט דער דריטער אין דער „לאַין". ס'האָט שוין געגרויט. דער ווינטער־פרימאָרגן האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט. די מענטשלעכע שאָטנס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַלב־ניכרדיקע געשטאַלט, און באַלד שוין אין דריי־פערטל קאָנטיקע פיגורן. די ריי איז געוואַקסן, געוואַקסן פון

הינטן, אָבער — ער איז דאָך אַלץ פאַרבליבן דער דריטער... און מיט אַ קנאַפּער האַלבער שעה שפּעטער, האָט קאַרלין שוין געוואוסט אַז ער איז אַן אָנגענומענער אויפן דזשאַב.

23

ניט געקוקט אויפן שווערן טאָג אַרבעט, וואָס ער האָט אַריינגע־לייגט, האָט זיך קאַרלין פאַרנאַכט־צו בשום־אופן ניט געפילט מיד. כאָטש ער האָט שוין לאַנג ניט געפילט אַז די פּשוטע לופט וואָס אַ מענטש אָטעמט איין קאָן זיין אַזוי דערפרישנדיק און פאַרשיכורנדיק, ווי די לופט איצט דרויסן...

— פאַר אַזוינע אַרבעטער, ווי דו, האָבן מיר תמיד גענוג וואָס צו טאָן, — מר. סימפּסאָן האָט די דאָזיקע דערמונטערנדיקע ווערטער אַרויסגעזאָגט ווי ניט־גערן. זיינע דינע שטייף־געשלאָסענע ליפּן האָבן זיך קוים געעפנט, באַלד ווידער פאַרמאַכט, זיך איינגעזויגן אין דער פּיפּקע.

— איז קום ווידער צוגיין מאָרגן פרי... פאַר דיר וועלן מיר האָבן סטעדי אַרבעט.

ביי קאַרלינען האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ הויך, — גע־קלאַפּט פריידיק, מונטער, האָפענונגספול, טריאומפירנדיק. די ביי־נערדיקע אַקסלען האָבן טאַקע געשמאַרצט פון דער שווערער משא פון לייטער און ברעט, וואָס ער האָט געשלעפּט אַהער גאַנצע צען בלאָק, — דעם לייטער אויפן לינקן אַקסל, דעם לאַנגן רישטאָוואַניע־ברעט אויפן רעכטן אַקסל, כדי ער זאָל עס קאָנען פּאַרזיכטיק באַלאַנסירן אין דער לופט מיט דער רעכטער האַנט. אָבער קאַרלינס בלוט האָט פונדעסטוועגן אויפגעזונגען ביים קלאַנג פון די וואונדערלעכע ווערטער וואָס דער כמורנער מר. סימפּסאָן האָט געהאַט אַרויסגעזייעט פון זיך, ווי מיט געוואַלד.

— אָ־קעי... האָסט היינט געמאַכט אַ גוטן דזשאַב... פאַר אַזוינע אַרבעטער, ווי דו, וועלן מיר האָבן סטעדי אַרבעט...

און ווירקלעך:

קאַרלין האָט טאַקע אַריינגעלייגט דעם אמתן טאָג אַרבעט! איי־

נער אַליין אָן עמיצנס הילף, האָט ער אָפּגעקאָלעכט די סטעליע פון א גרויסן פראָנט־צימער אין איינעם פון די אַלטמאָדישע פּריוואַטע הייזער, וואָס האָבן אין אַ ריי אויסגעפּילט אַ גאַנצן בלאָק אויף דער הונדערט עטלעכע און דרייסיקסטער גאַס, לעבן מאָרנינגסאַיד עוועניו. אַלטע ברוינע דריי־שטאָקיקע מויערלעך וואָס האָבן אוודאי געשטאַמט פון דער עפּאָכע גלייך נאָכן בירגער־קריג, אויסגעבויטע פון ברוינע מאַסיווע שטיינער.

אָט דער ריזיקער פראָנט־צימער אויפן צווייטן שטאָק איז דערצו נאָך געווען געדיכט פאַרליינגט מיט שווערע סאָלידע מעבל־שטיקער, ווי אָנגעוואַקסענע אינם דיל. אָנגעפּיקעוועט מיט אָן־אַ־שיר בריק־אַ־בראַק, מיט שמאָכטעס און מאָמענטאָס פון דורות און דורות. דאָס אַלץ האָט ניט געטאָרט באַשפּריצט ווערן אפילו מיט אַן איין־און־איינציקן קאַלסאָמיין־שפּריצל. מען האָט אויך ניט געקאָנט דאָס אַלץ באַדעקן מיט די „קאָווערס”, די מאַליאַרישע פּלאַכטעס, ווייל די איינגעשרומפּענע פּריצישע אַלטיטשקע — זי האָט זיכער אַליין אויך געשטאַמט פון יענע לאַנגיאָריקע בירגער־קריג צייטן — האָט ניט געוואָלט דערלאָזן אַז איר מעבל זאָל קומען אין באַריר מיט די דאָזיקע שמוציקע „קאָווערס”.

יאָ, ס'איז ווירקלעך געווען זייער אַ „פּריטיקלע” שטיקל אַרבעט. איינער אַליין פון אַ שמאָלער רישטאָוואַניע אַרונטער, האָט ער געדאַרפט אָפּוואַשן דעם אַלטן איינגעוואַקסענעם קאַלעך, שיר ניט אַרונטערקראַצן עס מיט די אייגענע פינגער. און דערביי האָט קיין איין שפּריצל מוטנע וואַסער ניט געטאָרט ניט נאָר פאַרשפּריצן די מעבל, נאָר אויך די טאַפּעטן אויף די ווענט. איינער אַליין האָט ער געדאַרפט אָפּקאַלסאָמירן די פעלד־ברייטע סטעליע. דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערן מיט גרעסטער פלינקייט. אין ערגעץ ניט, אין דער גאַנצער ברייט פון דער ריזיקער סטעליע, האָט דער זוים פון פריש־אַרויפגעלייגטן קאַלסאָמאַין, ניט געטאָרט אָנהויבן טריקענען, איידער קאַרלין איז מיט זיין לייטער און היפּשער שווערער באַרשט ווידער ניט צוגעקומען אַהין. אַז ניט, וואָלטן שפּעטער אויף דער שנייאיקער ווייסקייט — קלאָרער נאָך ווי שניי — אויף דער אויסגעטריקנטער סטעליע פאַרבליבן סימנים פון דער קאַלך־באַרשט, ווי פון פּיסלעך פון גרויסע אינזעקטן.

דערצו האָט ער נאָך שפּעטער געדאַרפט באַזונדער אָפּקאָכן די „קאָפּס" — די געוועלבטע שלאַקן צווישן ווענט און סטעליע — מיט באַזונדער פּאַרמישטע סאָרטן קאַלקאָמאין, מיט אַ בלויען קאַלעך און מיט אַ גרינעם. אָבער אַרום פיר אַ זייגער איז ער שוין פונדעסטוועגן פאַרטיק געוואָרן. זיינע לאַנגע הענט און לאַנגע רגלים האָבן אים אין דעם היפּש אַרויסגעהאָלפן...

פון וואַנען האָט זיך עס צו אים גענומען אַזוי פיל כוח? דעם גאַנצן אַרבעטס־הונגער פון די פאַרגאַנגענע פאָר יאָר האָט ער דאָך אַריינגעלייגט אינם היינטיקן טאָג אַרבעט! ער האָט זיך קוים דערלויבט אָפּצוציען דעם אָטעם ביי דער אַרבעט. לאַנטש־צייט האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ דערבייאיקער בעקעריי בלויז אויף אַ מינוט פופצן, צוגעביסן „קאַווע מיט קוכן, 15 סענט" (קאַרלין האָט שוין פון לאַנג זיך צוגעוואוינט צו קוקן מער אויף דער רעכטער זייט מעניו, דאָרט וואו די פרייזן זיינען געווען, איידער אויף דער לינקער זייט, וואו עס זיי־נען אָנגעגעבן געוואָרן די נעמען פון די געריכטן...)

און ווידער צוריק צו דער אַרבעט — ממש ווי אַ „דאָמאָוויק", אַ שרעטעלע, איז ער אַרומגעשפּרונגען, אַרומגעטאַנצט, געקלעטערט אויף דער שמאָלער איינברעטערדיקער רעשטאָוואַניע... אפשר האָט אים געיאָגט מער פון אַלץ דער געדאַנק, אַז דאָס איז מסתמא אַ פּראָבע דזשאָב; אַז ביי דער פירמע „סימפּסאָן און רייכענטאַלער", איז תמיד דאָ אַ סך אַרבעט, אויב ניט קיין נייע, איז „אָלטערעישאָן"־אַרבעט, און דער אמתער סעזאָן הויבט זיך דאָך אָן ערשט אין אַ פּאָר חדשים אַרום..

אין אָפּיס־סטאָר איז נאָך קיינער פון די אַרבעטער ניט געווען, בעת קאַרלין האָט זיך אומגעקערט אַ שווער־באַלאָדענער אין די אַקס־לען, אין ביידע הענט — עמערס מיט באַרשטן, שוואָמען, פאַרבלי־בענע מורעסקאָ, וועלכע האָט שוין אָנגעהויבן גליווערן. אפילו ביי דעם תמיד־כמורנעם סימפּסאָנען — אַן אויסגעצויגענער און לאַנגער פּאַר־שוין, מיט אַ פרום־גלחישן פּנים — האָט זיך באַוויזן אַן אָנערקענונגס־שמייכל, וואָס קאַרלין איז אַזוי שנעל מיט אַלצדינג אַליין פאַרטיק געוואָרן. ס'האָט אים אויך צופרידנגעשטעלט דאָס, וואָס דער זשוואַ־ווער מענטש איז געקומען צוגיין אין סטאָר גלייך ווי נאָר ער האָט גע־

ענדיקט, כאָטש ער האָט זיך דאָרט געקענט אַרומדרייען אַזוי נאָך אַ שעה. און ערלעכער מאַן, אַן ערלעכער מאַן...

— אָ־קעי, מאַ באָי... — האָט ער זיך פרום־גלחמיש געריבן די דאַרע בלוטלאָזע הענט בעת ער האָט אויסגעחשבונט אַז פאַרן היינטיקן טאָג אַליין האָט ער שוין אויפן בחור געמאַכט גאַנצע פופצן דאָלער. באַלד אָבער האָט זיין פּנים ווידער אָנגענומען די געוויינטלעכע ערנסט־זויערע מינע זיינע, אַ מינע פון אַ דיספּעפּטיקער.

— האָסט אַ יוניאָן־קאַרטל? — האָט ער אויספאָרשעריש אַריינגעקוקט אים אין די אויגן אַריין.

— איך בין אַ געשטראָכענער מעמבער, — האָט קאַרלין מיט אַ הילפלאָז התנצלותדיק שמייכעלע געענטפערט. — שוין לאַנג ניט געאַרבעט... ווי נאָר איך וועל אָפּאַרבעטן אַ וואָך־צוויי, וועל איך ווידער ווערן גוט־שטייענדיק.

— ס'מאַכט ניט, — האָט יענער אים באַרואיקט, ווידער אָנגעהויבן פּיפּקען. — האָסט זיך ניט וואָס צו איילן. אָווקאָז, איך האָב גאָרניט קעגן דער יוניאָן, אָבער איך בין אַ ליבעראַלער מענטש... איך צווינג ניט מיינע מענטשן, זיי זאָלן זיך דווקא אָנשליסן אָן דער יוניאָן! ביי מיר איז דער עיקר אַ גוטער טאָג אַרבעט. ניט די קאַרד איז ביי אונדז וויכטיק, נאָר דער מענטש. פּוּה, פּוּה...

— דו'סט קריגן זעקס דאָלער אַ טאָג — דערווייל... אָבער פאַר אַזוינע אַרבעטער, ווי דו, האָבן מיר תמיד גענוג וואָס צו טאָן. קום צוגיין מאָרגן, אָבער גאַנץ פרי...

***

איידער ער האָט אויסגעקליבן אַן אָרט צום עסן וועטשערע, האָט ער לאַנג געשפּאַצירט איבער די גאַסן מיט אַן אויסגעגלייכטן רוקן, דורשטיק אַריינגעקוקט אין מענטשלעכע פּנימער, אַ גלייכער מיט גלייבע! עקזאַמינירט, מעשה פאַרמעגלעכער באַלעבאָס, די שווי־פּענצטער פון די געשעפטן, פונקט ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ גאַנצן מאַיאָנטעק אין קעשענע. ווי געשמאַק עס איז צו פילן די פרישע לופט נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג! ווען ער פלעגט זיך יאָגן זוכן אַרבעט, האָט זי גאָר קיין מאָל אַזאַ זיסן טעם ניט געהאַט...

פּלוצלונג שטעלט ער זיך אָפּ לעבן אַ וואולוואָרט סטאָר, גיט אַ שאָר מיט דער האַנט דאָס ביסל קליינגעלט אין קעשענע, לויפט אַריין און קויפט אייניקע לוקסוס־אַרטיקלען: אַ שאַכטעלע טשעקערס, אַ גאַנג דאָמינאָס, אַפילו אַ טעשל קאָרטן... אָך, ווי איז עס אים ביז איצט נאָך ניט איינגעפאַלן? יעדע פון אָט די זאַכן האָט געקאָסט אינגאַנצן צו צען סענט, זיי האָבן געקאָנט אַריינברענגען אין שטוב אַ ים מיט פרייד, ער וואָלט אין אַן אָוונט געקאָנט שפּילן מיט לינען, אַפילו מיט דודן. אפשר, ווען זיי וואָלטן זיך פון צייט־צו־צייט געוועזן אַ ביסל אַמוזירט, וואָלטן די נערוון זייערע ניט געווען אַזוי געשפּאַנט, וואָלט דער יאָך ניט געפאַלן אַזוי שווער, וואָלט דער גאַנצער אויסזיכט אויף דער צוקונפט אויך ביי זיי געווען אַנדערש. דער נאַר, ווי עס איז אים ביז איצט אַזוינס ניט איינגעפאַלן!

ער איז ענדלעך אַריין עסן וועטשערע אין אַ קאַפעטעריע, וואו ס׳איז געווען אַנאָנסירט אין די שויפענצטער: „סוף ווערט סערווירט אומזיסט מיט יעדן אָרדער פון פיש אָדער פלייש פאַר 25 סענט און העכער, פון פינף ביז ניין אין אָוונט". אָפּגעגעסן, האָט ער מיט די שקאַרמיצלעך אַוועקגעאיילט אַהיים.

אינדערהיים האָט ער זיך אָבער געכאַפּט אַז טשעקערס און דאָ־מינאָס האָט קיין זין ניט צו שפּילן אַליין, אַז אויסלייגן אַ פּאַסיאַנס מיט די קאָרטן וואָלט ער זיך געשעמט ווען ער וואָלט עס אפילו געווען געקאָנט, אָט דאָס שפּיל פון איינזאַמע עלטערע מענטשן און עלטערע מוידן. מ׳נאַ, אַ ברירה האָט ער געהאַט, — אָט די אַלע שפּיל־זאַכן וועלן שוין מוזן אָפּוואַרטן ביז די משפחה וועט קומען צוריק פון דער „האָום". דערווייל האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער קאַנאַ־פּע, אויסגעדרייט די עלעקטרי — און פּלוצלונג דערפילט אַ מוראדי־קע מידקייט אין אַלע איברים.

פון דעם קריכן דעם גאַנצן טאָג אויף די לייטערס האָבן די קני איצט פאַרחלשט געגאָנגט. די פינגער האָבן זיך קוים באַוועגט פונם גאַנצן טאָג איינקלעמען זיך אינם הענטל פון דער גרויסער קאַלסאָמאַין־באַרשט, פון וואָס זיי זיינען שוין אַזוי לאַנג אָפּגעוואוינט געווען... שווער און לאַנגזאַם האָט אָנגעהויבן פליסן אין די אָדערן דאָס בלוט.

ער האָט ניט פאַרמאָגט קיין כוח זיך אַפילו אויסטאָן איצט; זיך לייגן שלאָפן. די שטילקייט אין שטוב האָט אים אָנגעהויבן איינשלינגען.

פּלוצלונג האָט דורך די פאַרמאַכטע פענצטער אָנגעהויבן אַריינרינען אין שטוב אַ ראַדיאָ־שפּילן. ס'איז געווען אַ קינסטלעך זיךפּיעשטשענדיקע פרויען־שטים פון אַ „קרונער".

Just keep on doing
What you are doing
Because I love what you are doing to me...

אַך, ווי גוט עס איז, ווען מען איז מיד, צו ליגן אַזוי אויף דער קאַנאַפּע אין אַ פינצטערן צימער וואָס איז בלויז פון איין ווינקל באַלויכטן פונם פּיצעלע געדעמפּטן ליכט, וואָס זייט זיך דורך דער ראַדיאָ־לאָמפּ. די פאַרבאַהאַלטענע ראַדיאָ־לאָמפּ קוקט דעמאָלט אויס ווי אַ נשמה־ליכט פון אַן אַנדער וועלט, פון וועלכער עס שווימען אָן באַרואיקנדיקע צויבער־מעלאָדיעס... קאַרלין האָט זיך דערמאָנט: דורך אַ פענצטער אין זייער עס־צימער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ בלינדער וואַנט, זיינען דאָ פונם דאַך, פון אַן „עריעל", אַריינגעפירט געוואָרן און געקראָכן ביי די ווענט ראַדיאָ־דראָטן, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַן עלעקטרישן שטעפּסל הינטער דעם ראַדיאָטאָר. ווייזט אויס, די שכנים פאַר זיי האָבן יאָ פאַרמאָגט אַ ראַדיאָ, אויפן דאַך זיינען נאָך זיכער פאַרבליבן די אַנטענעס מיטן אויפנעמער־שטעקן. און עס באָמבלען זיך אים איצט פאַר די פאַרמאַכטע אויגן די ענד־דראָטן אין צימער, וואָס וואָלטן ווי געוואַרט מען זאָל זיי צוטשעפּען צו אַ ראַדיאָ אַפּאַראַט, פאַרבינדן דעם דאָזיקן קליינינקן אָפּגעזונדערטן הייל פון אַן אַפּאַרטמענט מיט דער גאָרער וועלט...

אָבער געגוג, קאַרלין... ווירקלעך, ס'איז דער העכסטער גראַד נאַרישקייט זיך צו פאַרנעמען מיט אַזעלכע פּוילענצער־חלומות! אַ ראַדיאָ קאָסט געוויס אַ זעכציק, צי זיבעציק דאָלער, און אפשר גאָר די פולע הונדערט! חוץ דעם, וואָלט עס בכלל געווען אַן איבעריקע אויסברענגעריי, ווען אַפילו מעגלעך: אינם הויז, וואו די קאַרלינס וואוינען זיינען די ווענט און סטעליעס אַזעלכע דינע, ווי קאַרטאָנענע. די פענצטער־ראַמען שטייען אויך דאָס רוב אָפּ איינע פון די אַנדערע, קאָן

מען דאָך גרינג הערן וואָס די ראַדיאָ שפּילט ביי די שכנים פון שיר ניט אַלע שטאָקן, ניין? ס'איז מער ניט שלעכט, וואָס ביי די דאָזיקע שכנים שפּילט דער ראַדיאָ ניט דאָס וואָס דו ווילסט, און דער עיקר: ניט ווען דו ווילסט...

— אָבער גענוג שוין זיך צו באַדויערן! אַ דזשאַב האָט ער דאָך ענדלעך געקראָגן? דאָס איבעריקע וועט שוין במילא...

און ביים דערמאָנען זיך אָן דעם צוויבערהאַפּטן וואָרט „דזשאַב", האָט גלייך אַ פּלייץ אַריין געטאָן אין אים אַ שטראָם ווילן, דאָס לאַנגזאַם־איינגעדרימלטע בלוט האָט תיכּף אויפגעשלאָגן מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. ער האָט אויפגעדרייט די עלעקטריע, אויף גיך געמאַכט דאָס בעט. מ'דאַרף זיך אויסשלאָפן, באַווייזן מאָרגן דעם באָס, אַז ניט געקוקט אויף קאַרלינס פערציק יאָר, קאָן ער נאָך, נישקשה, אַריינלייגן אַ פיינעם טאָג אַרבעט!

אויסטוענדיק זיינע שיך, האָט קאַרלין זיי פאָרזיכטיק, עקספּערט־מעסיק, עקזאַמינירט. מאָרגן וועלן די שיך שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָליע. ס'וועט אים מאָרגן פאָרשטיין צו אַרבעטן אין דער בייסיקער נעץ פון שאַרפע זויער־שטאָפן ביים „רימוּאוון" אַ פאַדלאָגע. ערגעץ וואו אַ שפּעלטעלע — וועט ער זיך נאָך די פיס אָפּברענען. קאַרלין האָט אַ פּאָר מאָל אַ קניפּ געטאָן דעם „ווערך" — אַ שטייגער, ווי מען צערטלט אַ וואויל־גוט קינד — יאָ, דער ווערך איז נאָך ווייך, קיין שפּאַלטן ווייזן זיך דערווייל ניט, ווען ער האָט אָבער מיטן גראָבן פינ־גער אַ קוועטש געטאָן די שיך־זוילן, האָט ער גלייך דערפילט אַז די פּאָדעשוועס זיינען שוין דין און אויסגעטראָגן... נו, קיין לעבער פאַר־מאָגן דאָך אָבער די זוילן דערווייל ניט? איז שלאָף איין רואיק, מיין פריינט, אַ גוטע נאַכט!

פרייטיק פאַרנאַכט האָט קאַרלין געקראָגן זיין באַצאָלטס. שבת און זונטיק אַרבעט מען ניט. 24 דאָלער פאַר פיר טעג, צו זעקס דאָ־לער אַ טאָג. דאָס איז ניט געווען קיין פולע יוניאָן־שכירות, לויט דער יוניאָן־סקעיל. אָבער — סארא יוניאָן־מאַן איז ער? און ווער קריגט עס היינטיקע צייטן פולע שכירות? ער האָט זיך דערפילט דערהויבן, רייך. אַזאַ ריזיקע סומע מיט איין מאָל האָט ער שוין לאַנג נישט פאַרדינט.

מר. סימפּסאָן האָט אים באַצאָלט דירעקט אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, און ניט אין סטאָר. יעדן פאַרנאַכט פלעגט ער אים זאָגן, וואוהין ער דאַרף זיך מעלדן אַרבעטן דעם קומענדיקן טאָג, ניט אַריינקומענדיק אַפילו אין אָפיס. ס׳איז געווען ווי דער באַלעבאָס וואָלט געסטאַרעט זיך אויסמיידן, קאַרלין זאָל זיך טרעפן מיט די איבעריקע אַרבעטער.

— קום זונטיק אויך אַרבעטן. — האָט מר. סימפּסאָן, מיט זיין זויערער מינע פון אַ דיספּעפּטיקער, אים אַ וואָרף־צו געטאָן. — פאַר אַזוינע אַרבעטער, ווי דו, האָבן מיר שטענדיק גענוג צו טאָן... אַפילו זונטאָג.

— זונטיק? — האָט קאַרלין זיך געוואונדערט.

— וואָס׳אַי, און עקסטרא זעקס דאָלער וועלן דיר ניט צונויץ קומען? — האָט דער באַלעבאָס ניט־געערן אַרויסגעשלעפּט די פּיפּקע פון אַ צווישן די שטייף־צונויפגעשלאָסענע ליפּן, שלעכט אויף קאַרלינען אַ קוק געגעבן. — האָסט אפשר מורא? האָסט ניט וואָס צו זאָרגן; דו׳סט דאָרט סיי־ווי אַרבעטן אַליין...

— ניין, גלאַט... כ׳האָב געמיינט, ווייל ס׳איז זונטיק... — האָט קאַרלין זיך נאָך אַ ביסל געקווענקלט, אָבער זיך פונדעסטוועגן געלאָזט צוריידן.

— גרינגע אַרבעט. — האָט סימפּסאָן זיך באַרואיקט, צוריק אַריינגעשטעקט די פּיפּקע, און זי אָנגעהויבן תאווהדיק זויגן. — „אַבסטעינען” עטלעכע ווענטלעך פון ניי־אויפגעשטעלטע אָפיס־„פּאַר־טישאָנס”... זונטיק איז דער איינציקער טאָג, וואָס דער אָפיס איז דאָרט פריי, און קיינער וועט דיר ניט שטערן אָפּטאָן דיין אַרבעט איינס־און־צוויי... דערנאָך וועסטו זיי סאַמע פאַרן אַוועקגיין איבערוואַרנישן מיט אַ דיקן שיכט ספּאַר־וואַרניש. דער „סטעין” וועט שוין דעמאָלט זיין אינגאַנצן טרוקן.

פאַרוואָס זאָל ער עס טאַקע ניט טאָן, קאַרלין? ער׳ט זיך אויס־רוען שבת, גענוג פאַר אים איין טאָג. מ׳דאַרף טאַקע זען צונויפ־קלייבן וואָס גיכער די נויטיקע סומע אויף דירה־געלט, דער „אייד־זשענט” האָט לעצטן מאָל געהאַט זייער אַ דראָענדיק פּנים... קאַרלין האָט זיך געפילט גאָרניט פויגלדיק פון דעם, וואָס ער׳ט דאָ פאַר־שוועכן אַ יוניאָן־געזעץ. אָבער — אַרבעט ער דען בכלל געזעצלעך,

אָן אַ קאַרט? כאָטש צוריק־גערעדט: וואָלט ער דען געקאָנט אַרויס־קריגן איצט אַ יוניאָן־קאַרט? ס'איז פינף־און־זיבעציק דאָלער איינ־טריט־געלט, אויב מען וואָלט אים בכלל צוגעלאָזט... און אַפילו מיט אַ קאַרט, מיינט עס דאָך נאָך ניט אַז די יוניאָן וואָלט אים געגעבן אַרבעט, נאָכדעם ווי ער איז אַליין אויף אַזויפיל יאָר אַוועק פון דעם פאַך! ניין, ער טרינקט זיך, ער מוז זיך ווי־עס־איז ראַטעווען...

דאָס מאָל עסט ער סאַפּער אין אַן אַנדער קאַפעטעריע. יעדן אָוונט זוכט קאַרלין אויס אַ נייעם עס־פּלאַץ, מיט נייע פּרייזן־מציאות... דער קריזיס אין שטאָט, אין גאַנצן לאַנד ווערט אַלץ שאַרפער. דאָס פילט זיך איבערהויפּט אין די אַלערליי געשעפטן פאַרן געברויך פונם אָרימערן מענטשן: אין די מיטל־פּרייזיקע עס־פּלעצער, אין די ליכ־טיקע און קאַלט־מירמלנע קאַפעטעריעס פון ריזיקן מאַסשטאַב — אין צענטער מאַנהעטן, פּונקט ווי אין וועסטלעכן דאַון־טאַון — פּוס־טעוועט עס דאָס רוב. דערהויפּט — אין אָוונט. אַפילו מענטשן, וואָס אַרבעטן, זשאַלעווען צו עסן אין רעסטאָראַנען. אינדערפרי נעמט מען אַ פּאַרטיקן לאַנטש מיט זיך, אין אָוונט יאָגט מען זיך גלייך אַהיים... גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן ברענען איינזאַם, שפּיגלען זיך אָפּ מיט ליכטיקן טרויער אין די מירמלשטיינערנע ווענט, ווי אין די ווענט פון פּרעכטיקע ריזן־סקלעפּן, פון העל־באַלויכטענע קאַטאַקאָמבעס.

פּרואווט מען אַהער אַריינצונאַרן דעם עולם מיט געשניטענע פּרייזן, מיט „ספּעשלס", מיט אומזיסטע סופּן און געריכטן... היינט אָוונט, אַ שטייגער, עסט קאַרלין אין אַזאַ פּלאַץ, וואו מיט יעדן געקויפטן פלייש־און־פיש געריכט קריגט מען פריי אַ סאַלאַט, אָדער עפּל־סאָוס. ברויט, זעמל, פּוטער — אויך פריי... זאָגט אייך וואָס איר ווילט, — אַ וואונדערלעכע מדינה אַמעריקע!

ער האָט זיך אָבער געיאָגט, איינגעשלונגען דעם מאָלצייט זיינעם — פראַנצויזישן געהאַקט־פלייש מיט אַ האַלבן שטייפן איי פון אויבן — אין עטלעכע ביסנס. ער האָט געאיילט אָנקומען וואָס פריער צו די קאָטליאַרס. ס'איז ווייט אין די בראָנקס, אַ רייזע פון כמעט אַ שעה. פאַר האַלב נאָך זיבן וועט ער שוין אַהין ניט אָנקומען. מרס. קאָטליאַר האָט אים טאַקע נעכטן אויפן טעלעפאָן פאַרשפּראָכן אַז זי וועט זען האַלטן דאָס קינד וואָך אַזוי לאַנג, ווי מעגלעך, און אויף

מרס. קאַטליאַר האָט מען זיך טאַקע געקאָנט פאַרלאָזן, אָבער גיי פאַרלאָז זיך אויפן קינד... און ווען קאַרלין איז אַהין ענדלעך אָנגעקומען, האָט ליוסעלע טאַקע שוין שטיל געאָטעמט אין רואיקן שלאָף.

זי איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע אין אירע זאַכן, דאָס לינקע הענטל אונטער אַ פאַרפלאַמטער באַק, דאָס רעכטע — הילפלאָז אַרונטערהענגענדיק פון דער קושעטקע... אירע טונקל־שאַטענע האָר, ציכטיק־צוגעקעמט, זיינען געווען אַרומגענומען מיט אַ ראָזעווען שלייפעלע. געוואַכט לעבן איר האָט בלויז די האַלב־זיצנדיקע, די היימישע „בעטטי בופּ” ליאַלקע מיט די געפאַרבטע בעקלעך און „צניעותדיק”־אַרונטערגעלאָזטע וויעס.

— אַי, איז דאָס אַ בעיבעלע... — האָט די קאַטליאַרשע גערעדט הויך, כאָטש קאַרלין איז געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער און נאָכאַנאַנד געמאַכט: „ששש...”, — זי האָט אַליין אויך ניט געוואָלט זיך אויסטאָן, כ'האָב איר גאָרניט געדאַרפט צווינגען. „וועל וואַרטן אויפן פּאַפּאַ, באַלד קימען, ברענגען שאָקאָלאַט...” און איז אָבער באַלד איינגעשלאָפן... אַי, איז דאָס אַ בעיבעלע — וואָנס אין די האָל וואָירלד.... *)

קאַרלין, אַ שולדיקער וואָס ער האָט זיך דאָך פאַרשפּעטיקט, האָט ניט געקאָנט אָפּרייסן זיינע בליקן פון דעם קינדס האַלב־ברוינעם לעקל וואָס האָט זיך געקלעפּט צום שוויצנדיקן שטערנדל. אַזוי ווי ער האָט זיך אַהער שטאַרק געיאָגט, האָט אַ הייסע מידקייט אים אָנגעהויבן קאָווען די גלידער, ווי נאָר ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין אַ ווייכן שטול. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אין הויז הערשט אַ מוראַדיקע שטיקעניש. די עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן געברענט אַזוי געל.

— ששש... — האָט ער זיך אַלץ געוואונדערט הלמאי די קאַטליאַריכע רעדט אַזוי הויך, קימערט זיך גאָרניט וועגן שלאָפנדיקן קינד. — מיר דוכט... דענקט איר ניט, אַז מען וואָלט דאָס קינד געדאַרפט אויסטאָן, אַוועקטראָגן עס אויף זיין געלעגער ? וואַרט, איכל אייך העלפן.

---

*) אַ קינד, איינס אויף דער גאַנצער וועלט.

— סידי דא ניע ריבפּאָסיאַ... — האָט עטל קאַטליאַר אים שאַרף גוטמוטיק אָפּגעענטפערט. — איך בין דאָ די באַלעבאָסטע! און פּליעז, הערט מיר אויף שושוקען: אַ קינד דאַרף דערצויגן ווערן פּראָסט, דאַרף ניט ציטערן פאַר אַ מענטשלעך קול, דאַרף קאָנען איינשלאָפן אַפילו צווישן אַ פולע שטוב מענטשן... משה, גיב אים אַ ביס! — האָט זי זיך געווענדט צום מאַן, בעת זי האָט אַ נעם געטאָן דאָס שלאָפנדיקע קינד אויף די הענט.

מרס. קאַטליאַר: אַ הויכע ברייטע פרוי מיט אַרויסרופנדיק־זיך ווינגדיקע באַקעס. די שטריכן פונעם אָפענעם פּנים — גוטמוטיק פאַר־גרעבט, פונקט ווי ס'איז געווען פאַרגרעבט איר ווייסרוסישער יידיש, וועלכן זי האָט ניט געזשאַלעוועט געמישט מיט ענגלישע ווערטער. קיין קינדער האָט זי ניט געהאַט. און ניט געקוקט שוין אויף אירע שוין אויף דריי־פערטל גרויע האָר, זיינען אירע אויגן געווען נאָך חוצפּהדיק־שטיפעריש, און איר קול יונג.

משה, דער מאַן אירער — נידעריקער אין וואוקס און מיט אַ פּאָר יאָר יינגער פונם ווייב — איז געווען אין איר פאַרליבט ביז איבער די אויערן. „ביז איבער די פּאָדעשקעס", ווי עטל פלעגט זיך אויס־דריקן. ביידע האָבן געפירט דעם שטאָט פון אַ יונג פּאָר־פאָלק, האָבן געהערט צו אַ ראַדיקאַלן געזאַנג־פאַראיין. משה האָט אפילו זייער פעאיק געשפּילט אויף מאַנדאָלינע. מאַן־און־ווייב פלעגן זיך אַליין, און די באַזוכער, קיבעצן גוטמוטיק, די געסט פלעגט מען מכבד זיין מיט פּאָפּולערע לידער אויף אַ דריי־פיר שפּראַכן: יידיש, ענגליש, רוסיש, כאָכליש... אַזאַ איינדרוק, אַלנפאַלס, האָט קאַרלין אַרויסגע־טראָגן פון זיינע זעלטענע באַזוכן אַהער מיט יאָרן צוריק.

— וואַרט, לאַנדסמאַן, אָט גיב איך דיר אַ ביס... — האָט משה וואוילעריש אַ וואונק געטאָן צו קאַרלינען מיט איין אויג. — גיי וואַש זיך איין...

ניט נאָר קאַרלינען, וועלכער איז ווירקלעך געווען זייערער אַ לאַנדסמאַן (כאָטש אין אַמעריקע האָבן זיי זיך אָנגעהויבן טרעפן אָפטער ערשט אין די לעצטע פּאָר חדשים, ווען דער קריזיס און די אָרימקייט האָט די קאַרלינס צו זיי דערנעענטערט), נאָר יעדן אַריינגע־קומענעם באַקאַנטן פלעגט משה באַטיטלען „לאַנדסמאַן".

— וואַרט, לאַנדסמאַן, — האָט ער אָנגעשטעלט אויף קאַרלינען א מכלומרשט רוצחישן פּנים. — אָט גיב איך דיר א ביס... האַם! וואָס וועסטו עסן? וואַרט איך גיב יו אַריין סאָם סופּ...

ער איז געווען א קאַטער ביי קלאָוקס, א גוטער בעל־מלאכה, און געהאַט אויך א גוטן פּלאַץ. זיי האָבן געלעבט ניט געקאַרגט. טאָמער פּלעגט ער ניט האָבן קיין אַרבעט, פּלעגט זי אַרויסהעלפן. זי האָט געאַרבעט ביי דאַמען־וועסלעך.

קאַרלין האָט געדאַרפט אַרויסברענגען אָן א שיר באַווייזן צו איבערצייגן משהן אַז ער איז שוין א געגעסענער.

— נאַרעלע, ס'איז איינגעמאַכטס, ניט קיין סופּ... — האָט משה זיך געבעטן.

— אַז איך האָב אָבער ערשט מיט אָנדערהאַלבן שעה צוריק אָפּגעגעסן!

— גיי אָוועק, זשלאָב דו איינער, מיט דיינע אַריסטאָקראַטישע מאַניערן... כ'הויב שוין אָן צו גלויבן, אַז דו ביזט גאָרניט קיין לאַנדסמאַן... מ'זאָגט דיר—ס'איז טעם גן־עדן! טאָ עס דעם סופּ גלאַט אַזוי, ווי קאָמפּאָט.

א גליק, וואָס באַלד איז אַריין עטל, זי האָט אָנגעהויבן קאַרלינען פּאַנאַנדערפרעגן אויף נייעס פון לינען. יאָ, פון לינען איז טאַקע ערשט נעכטן אָנגעקומען א בריוו. בכלל איז זי צופרידן, עסן גיט מען דאָרט ניט, מילך א סך, פונם קינד איז זי באַפרייט, דודל געפינט זיך באַזונדער מיט די אַנדערע קינדער, זי טאָר אים סיי־ווי ניט זען מער ווי איין מאָל אין טאָג. מען גיט אויף זיי גוט אַכטונג: נאָכמיטאָג מוזן זיך אַלע פּרויען צולייגן רוען אויף צוויי שעה, אַז מען שטייט דאָן אויף גיט מען זיי א גלאָז קאַקאָ...

— נו, זעט איר, לאַנדסמאַן? ס'איז ניטאָ קיין שלעכטס, פון וועלכן ס'קומט ניט אַרויס קיין גוטס — האָט עטל אים אָנגעהויבן טרייסטן. — איצט וועט איר זיך אַלע אויסרוען: דאָס ווייב, דודל, טאַקע איר אַליין אויך... פונם בעסטן ווייב ווילט זיך פון צייט־צו־צייט אויסרוען, פרעגט אַפילו ביי מיין משהן... און פאַר ליוסעלען זאָרגט ניט—ס'איז ניט מער אייערע חזירישע ביזנעס, אויף דעם בין איך דאָ! איר גיט אַקאָרשט בעסער אַכטונג אויף זיך אַליין.

קארלין האָט ניט געענטפערט, ניט געקאָנט ענטפערן. פון דעם וואָס ער איז די לעצטע פּאָר טעג אויפגעשטאַנען זייער פרי, פון דער שווערער מאַליער־אַרבעט, פון וועלכער ער איז שוין אַזוי לאַנג גע־ווען אָפּגעוואוינט; און אויך מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך אַזאַ שטיק וועג געשלעפּט אַהער מיט די סאָבוויען, האָבן קארלינען בים־לעכווייז אָנגעהויבן איינדרימלען אַלע אבֿרים, דער ווייכער פאָטער־שטול האָט אים אַרומגעטוליעט, דער דרימל האָט זיך שוין געדוקט צום מאַרך... משה האָט עס אפשר געהאַט באַמערקט. ער האָט אַרויס־גענומען פונם גרויען לייוונטענעם טשעכאָל די מאַנדאָלינע, אָנגעהויבן צימבלען: „האָסט פאַראַאַטן, אוי דיין טאַ־אַטן, זייער גוט, זייער גוט..."

קארלין האָט דאַן געשמאַקער אָנגעהויבן דרעמלען, ווי פון אַן איינוויגנדיקער „בערסעיז"־מעלאָדיע. און דער שאָקאָלאַד ליגט נאָך אַלץ ביי אים אין קעשענע, אַ פינף־סענטיקע „הוירשי"... גלייך אין די הענט אריין וועט ער שוין ליוסעלען ניט קאָנען איבערגעבן" — און האָט נאָך טיפער אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. משה האָט אַ ווײַלע אַ פּרוביר געטאָן אויף דער מאַנדאָלינע נאָך אַ פּאָר מעלאָדיעס, האָט אָבער באַלד איבערגעהאַקט דאָס שפּילן אויף אַ מיטן נאָטע: יענער דרעמלט שוין, דוכט זיך... אָבער ווי נאָר דאָס שפּילן האָט זיך אָפּ־געשטעלט, האָט זיך קארלין גלייך אויפגעכאַפּט.

— אָ, אַנטשולדיקט — איז ער אויפגעשפּרונגען, ווי אַן אונ־טערגעצוגדענער, זיך מיט אַ שולדיקן שמייכל אָנגעהויבן רייבן די אויגן. — שוין, אַ פּנים, אָפּגעוואוינט זיך פון פיזישער אַרבעט.

— נישקשה, וועט מען זיך ווידער צוגעוואוינען — האָט עטל מיט איר ברוטאַל־פרייטלעכער שטים אים אויפגעמונטערט. — אַלץ בעסער ווי אַלע אייערע פריערדיקע „פענסי" קאָפּדרייעניש.

— נו, מ'עט גיין... געמיינט צו זיצן ביי אייך שפּעטער, ווייל מאָרגן אַרבעט מען דאָך סיי־ווי ניט, אָבער... אַ שאָד, וואָס כ'האָב ניט געטראָפן ליוסילן קיין וואַכעדיקע.

— וועט איר קומען צוגיין מאָרגן, שוין אַן אויסגעפּאָפּענער... זע נאָר, ווי דאָס נעמט זיך דאָס אַזוי איבער מיט יעדער קלייניקייט!

— ניין, מאָרגן דאַרף איך אַרויספאָרן אין דער לעווענטאַל־היים, באַזוכן לינען און דאָס קינד.

— אָל־רייט, אָל־רייט, זע נאָר! וועט איר קומען זונטאָג... דהאַטס ראַיט, משה, מירן טאַקע זונטאָג אַלע צוזאַמען האָבן מיטאָג. וואָס האָט איר ליב אויף מיטאָג — וויעל אָדער לעם־טשאַפּס? ווייל מיינער איז אַן אַנטיסעמיט אויף לעם־טשאַפּס... *).

— אָבער זונטיק אַרבעט איך, — האָט זיך ביי קאַרלינען אַרויס־געכאַפּט.

— זונטיק? — האָט עטל אויסגעלופּעט אַ פּאָר אויגן. — וואָס רעדט איר? די יוניאָן לאָזט דען?

— וועל, איך אַרבעט זונטיק דאָך אייגנטלעך פאַר זיך אַליין, — איז קאַרלין שוין געוואָרן אינגאַנצן וואַך, געפּרוואווט פאַרכאַפּן אַלץ אויף צוריק. — טאַקע ביי אונדז אין שטוב... דער סופּער האָט באַ־מערקט אַ פּאָר מאָל, ווי איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט מיינע פּעינטער־אָוועראָלס, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן אָפּפאַרבן פאַר אים עפּעס אַ קליינע רומקע... אויב איך וועל פרי פאַרטיק ווערן, וועל איך אפשר צוקומען נאָכמיטאָג, אָבער וואַרט אויף מיר ניט לענגער ווי ביז 4 אַזייגער.

— ניין, ניט נאָכמיטאָג, נאָר פאַרמיטאָג! איר ווייסט דאָך, הינטעליגענט מיינער, — האָט משה אַ דריי געטאָן, — אַז אין אָט די זאַכן האַלט איך פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט! כאָטש עפּעס אַ גוטער דזשאַב? — האָט זיין שטים זיך באַלד געביטן אויף אַ טאָן פון וואַרעמער באַטייליקטקייט. — מ׳קאָן אַ ביסל אונטערפאָנפּען, אַז דער באָס איז ניטאָ?

— מ׳צאָלט אפילו ווייניק, אָבער ס׳קוקט דערפאַר אויס ווי אַ סטעדי דזשאַב... — האָט קאַרלין געענטפערט מיט פעסטקייט און זיין געוויינלעך פאַרכמורעטער פּנים האָט אַ שמייכל געטאָן, אַ שמייכל פון זיכערקייט און אויסגעלייזטקייט.

---

*) שעפּסן־קאָטלעטן.

25

געשלאָפן איז קאַרלין יענע נאַכט ווי אַ געהרגעטער און אויפֿ־געכאַפּט זיך שוין ניט העט בײטאָג.

— ס׳האָט זיך אים געחלומט אַ גרויסער וואַלד פֿאַרנאַכט־צו, אַ מוראַדיקער שטורעם־ווינט וויגט די בוימער־שפּיצן אײנער צום צווייטן, די שטאַמען קרעכצן... קאַרלין איז נאָך אַ קינד און באַהאַלט זיך אויס אונטער אײנעם אַזאַ קרעכצנדיקן בוים. ער ווייס אַפילו ניט ווי אַזוי ער האָט אַהער פֿאַרבלאָנדזשעט. ער טוליעט זיך דערשראָקן אינם בוים. מיטאַמאָל דערזעט ער ווי איבער זײן קאָפּ שטייען צוויי האָלץ־העקער מיט רויטע גזלנישע פּנימער, בלויע שאַרפֿע העק אין די הענט. און אײנער נאָכן אַנדערן — מיט דער שאַרפֿער האַק טראַך אין לײב פֿון בוים, טראַך־טראַך, גלײך אים איבערן קאָפּ. אָט דוכט זיך אויס זיי דערגרייכן שוין מיט די העק גלײך אים אין קאָפּ אַרײַן. אָבער זיי באַמערקן אים אַפילו ניט — טראַך־טראַך־טראַך...

ביז ער האָט זיך אָנגעטאָן, געמאַכט אַ גלאָז טיי און איז אַרויס אין גאַס,—איז שוין געווען אַרום צוויי אַזייגער. אויף די טרעפּ האָט אים אָפּגעשטעלט די דזשעניטאָרשע, אים דערציילט: אַרום 12 אַזייגער איז דאָ געווען דער „אַגענט", וועלכער זוכט קאַרלינען אַרום שוין אייניקע טעג, — רענט... ער איז ספּעציעל געקומען היינט, שבת — כאָטש געווײנלעך קומט ער אַהער שבת ניט — מחמת זי האָט אים פֿאַרזיכערט אַז שבת וועט ער קאַרלינען באַשטימט קאָנען טרעפֿן, ער אַרבעט דאָך יענעם טאָג ניט. האָט ער איצט געקלאַפּט און געקלאַפּט אומזיסט אפשר אַ האַלב־שעה נאָכאַנאַנד, איז אַוועק פֿון דאַנען אַזש מיט שוים אויף די ליפּן. „ער גייט גלײך, די מינוט, אין געריכט! אַן עקסטראַ וואָך האָט ער אויף אים געוואַרט — גענוג!"

— וואָס איז עס טאָקע: איר באַהאַלט זיך פֿון אים אויס? — האָט די דזשעניטאָרשע געפּרעגט קאַרלינען ניט אָן מיטגעפֿיל און אַפילו מיט שווייגנדיקער חכמה.

— ניין, — האָט קאַרלין ערלעך פֿאַרזיכערט. — כ׳בין שפּעט געשלאָפן ווי אַ געהרגעטער... אָבער אַ האַלב חודש רענט האָב איך שוין. קומענדיקע וואָך וועל איך זיכער האָבן דאָס גאַנצע.

— כ'האָב אָבער מורא, — האָט די פּרוי העפטיק אָנגעהויבן רייבן מיטן לאַפּן די מעטאַלענע גאַלקע פון דער פּאַראַד־טיר. — אַז קומענדיקע וואָך וועט איר שוין באַשטימט האָבן אַ דיספּאָזעס. פון דאַנען האָט ער אַוועקגעיאָגט מיטן אויטאָמאָביל דירעקט אין געריכט אַריין... כאָטש אויף אייער מזל איז שוין איצט דאָס געריכט מסתמא געשלאָסן... אָבער קומענדיקע וואָך...

קאַרלין האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען, אַוועקגעאײַלט. אין דער „האָום" וועט ער שוין אַזוי אויך אָנקומען שפּעט, אַרום האַלב נאָך דריי. עפּעס האָט ער געהאַט אַ געוווינהייט אַז די אויפנאַם־שטונדן זיינען דאָרט, ווי אין אַלע „אַזעלכע" פּלעצער, צווישן דריי און פיר, העכסטנס פינף. ער וועט מיט דער דזשעניטאָרשע נאָכאַמאָל איבער־ריידן היינט־מאָרגן. אויב זי וועט ביי אים נעמען, וועט ער איר אַ טייל געלט געבן איצט. נישקשה, פאַר ניי־יאָר זעצט מען ניט אַרויס... ביי דער וואודלאַן־סטאַנציע האָט ער נאָך באַוויזן צו קויפן אַ קליינעם בוקעט בלומען פאַר אַ קוואָדער, און אויף גיך געכאַפּט דעם טראַמוואַי קיין יאָנקערס.

ער האָט אָבער אומזיסט געיאָגט. אין אָפיס האָט אים די ווייס־געקליידעטע נוירס מיטן ראָזעווען טשעפּעק אויפן קאָפּ פאַרדראָסיק אַ פרעג געטאָן:

— ניט שוין־זשע ווייס ער ניט אַז צו די געסט פונם לעווענטאַל־אַנשטאַלט ווערן קיין באַזוכער ניט צוגעלאָזט?

— איך בין אָבער דער מאַן... — האָט קאַרלין געדולדיק גע־פּרואווט אויפקלערן. — דער פאַטער...

— סאָ וואָט? איר מאָגט אַפילו זיין אַ חתן — האָט די נוירס סאַרקאַסטיש צוריק געענטפערט. — רולס איז רולס: קיין שום באַזוך... ביי אונדז איז די דיסציפּלין שטרענג, ס'איז ניט קיין פּריוואַט־האָטעל; געסט אונדזערע מוזן די גאַנצע צייט רוען, כדי צו האָבן אַ פּעולה. — און זי האָט אָנגעהויבן פאַרריכטן די קעמעלעך אויפן קאָפּ.

ווען זי האָט אָבער באַמערקט ווי קאַרלין איז געבליבן שטיין אַזוי ווי אַן אָפּגעשמיסענער, די פּאָר בלומען (איינגעוויקלט אין פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, מיט אַ פּאָר פייכטלעכע פּאַפּאָראָטניק־בלעטלעך אַרום דעם)

הילפלאָז אויסגעשטרעקט אין איין האַנט, — האָט זיך אין איר עפּעס אַ וועק־געטאָן.

— גיט מיר איבער די בלומען... כ׳על שוין זען, מען זאָל זיי אַוועקשטעלן אין דאַיינינג־צימער לעבן איר פּלאַץ. און איר קאָנט דאָך ריידן מיט אייער פרוי אויפן טעלעפאָן. דער „רעסט־פּעריאָד" האָט זיך טאַקע איצט געענדיקט, און זיי זיינען שוין זיכער אויפגעשטאַנען.

אין האָל האָט קאַרלין דערזען אַ טעלעפאָן־ביידל. ער האָט זיך גלייך געלאָזט פאַרבינדן מיטן אינעווייניקסטן „וואָרד", און באַלד דערהערט לינעם קול. דערפאַר אפשר, וואָס ער האָט געמוזט מיט איר ריידן אויפן טעלעפאָן גאָר, כאָטש זי האָט זיך געפונען אַזוי נאָענט דערנעבן, האָט איר געווײנלעך־וואַרעמע שטים געקלונגען אים איצט אַזוי מאָדנע ווייט און פרעמד... ער האָט עפּעס ניט געפונען וואָס צו זאָגן איר. ער האָט דורכן טעלעפאָן געהערט אַ גרויסן טומל אַרום איר. און קאָנטיק, אַז אויך זי האָט זיך זשענירט פאַר די פרעמדע מענטשן אַרום איר, ווייל אויף זיינע יידישע פראַגן האָט זי געענטפערט אויף ענגליש. נאָך עטלעכע, ווי געצוואונגענע פראַגן, ענטפערס, האָט ער אַנטוישט אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

אומקערן זיך איצט אַהיים האָט זיך אים בשום־אופן ניט געוואָלט. ניט צוגעקליבן, ווי אַ פרעמדע שטוב... האָט ער זיך דורכן אָוונט אַרומגעדרייט אויף דער 149טער גאַס, אַרום דער דריטער עוועניו.

דאָ איז געווען שבתדיק באַלעבאַט, פרויען האָבן געטאָן איצט זייער „שאַפּינג", האָבן געטראָגן אויף די אָרעמס פולע קאָשיקעס מיט איינ־געקויפטע פּראָדוקטן. מאָדנע: ער האָט זיך פריער פאָרגעשטעלט, אַז ער וועט אויפטאָן כ׳ווייס וויפיל זאַכן, אויב ער וועט נאָר אויף דער קורצסטער צייט „באַפרייט" ווערן פון דער משפּחה. אָבער איצט האָט זיך עפּעס ניט געגלוסט באַזוכן קיינעם פון זיינע אַמאָליקע פילע באַ־קאַנטע. די אויבנאויפיקע „סימפּאַטיע" אויף וועלכער ער וואָלט זיך דאָרט איצט באַשטימט געקאָנט ריכטן, ווען מען וועט פון אים הערן אַז נאָך העכער אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר פון אַלערליי „גליקן", האָט ער זיך ענדלעך געמוזט אומקערן צוריק אין שאַפּ אַריין, — וואָלט בלויז נאָך שאַרפער פאַרשטאַרקט אין אים דאָס געפיל פון געפאַלנ־קייט. קיין ממשותדיקע הילף וועט ער דאָך סיי־ווי פון קיינעם פון

זיי ניט באַקומען. יאָ, ער וועט שוין אַליין אַרויסקראַפּקען זיך. מ'דאַרף נאָר מיט אַלע כוחות זען אָנהאַלטן דעם איצטיקן אַרבעטס־פּלאַץ. וועט ער טאַקע פּאָרט בעסער גיין איצט אַהיים, אויסוואַשן די איינציקע פּאָר אָוועראָלס זיינע, וועלן זיי זיך ביז מאָרגן אויסטרי־קענען אויף דער סטים...

אַ קליין ווייס שנייעלע איז געפאַלן. אין די העל־באַלויכטענע וויטרינעס פון די שפּייז־קראָמען, צוליב די אָנקומענדיקע קריסטמעס־חגאות, זיינען געווען קונציק אויסגעלייגט אַלערליי פישן און ים־שפּייז, אָפּגעפּליקטע געלע פעטע עופות, אינדיקעס, קאַטשקעס. מיט אַן אומעטיק געפיל, וואָס אָט די יום־טובים וועט אים אויסקומען פאַר־ברענגען אָן דער משפחה, האָט ער אָנגעטאַפּט אין קעשענע די פּליט־קע שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט טאַקע אַזוי ניט באַוויזן אָוועקצוגעבן ליוסילן. זיינע בליקן בלאָנדזשען איבער די שוי־פענצטער. און מיט־אַמאָל שטעלט ער זיך אָפּ אַ פאַרכישופטער. אַ ראַדיאָ־סטאָר. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם באַטראַכט ער די אויפשריפט מיט די זילבערנע אותיות אויף אַ שוואַרצן טאָוועלע איבער אַ קליינעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט: זיבן דאָלאַר מיט 50 סענט... ניט מעגלעך! אַזוי וואָלוול? ער האָט תמיד געדענקט, אַז אַ ראַדיאָ קאָסט מי־יודע וויפיל...

כמעט אָן זיין ווילן, אַ פאַרהיפּנאָטיזירטער, דערזעט ער זיך באַלד אינעווייניק אין געשעפט. אמת, ס'איז אַ קליינער אַפּאַראַט, אַ „מידזשעט". אָבער אויף אַ קליינעם אַפּאַראַט קאָן מען דאָך אויפ־נעמען פּראָגראַמען, פּונקט אַזוי גוט ווי אויף אַ גרויסן, הערסטו אַ ביסל! אין קעשענע געפינט זיך ביי אים אַרום 25 דאָלער, אַ דזשאַב האָט ער, די הוצאה איז ביי אים איצט זייער אַ קליינע... אַך, ווי זיי וועלן עם פריידיק איבערראַשט ווערן ווען זיי וועלן זיך אומקערן פון דער לעווענטאַל־היים, און געפינען אַ ראַדיאָ אין שטוב... סאַראַ בריה אַ טאַטע, סאַראַ בריה אַ מאַן! און וועט דאָס ניט זיין דער בעסטער באַווייז פון דעם צוריקקער פון „גוטע צייטן" פון אַ באַנייטן „באַרג־אַרויף?..."

און נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט ער פאַרקניפּט זיין אייגענעם איינגעהאַנדלטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט מיט די זיך־באַמבלענדיקע דראָטן הינטער די רערן פון דער צענטראַל־באַהייצונג, געקראָגן אַן עלעקטרישן

קאָנטאַקט — און אַ כוואַליע מוזיק האָט אַ פּלייץ געטאָן איבער די לײַדיקע צימערלעך, וואָס האָבן שוין אַזוי לאַנג קיין מוזיק־קלאַנג צווישן זייערע ווענט ניט אויפגענומען, — קיין שום פרייַלעכערע קלאַנגען, דעם אמת געזאָגט, חוץ דאָס קרעכצן פון קראַנקע קינדער און פון הילפלאָז־פאַרזאָרגטע דערוואַקסענע.

ס'איז געווען אַ שבת־בײַנאַכטיקער סימפאָנישער קאָנצערט, ער האָט נאָך דערווייל ניט געוואוסט פון וואַנען: פון באָסטאָן? פון דעטראָיט? פון סינסינעטי? פון קליוולאַנד? פון מינעאַפּאָלים?... ער האָט אָבער אין די פאַרכישופנדיקע קלאַנגען גלייך דערקאָנט באַקאַנטע מוזיק. דער נאָמען פון דעם קאָמפּאָזיטאָר און דעם שטיק ליגן אים ממש אויף דער צונג, אָבער מעשה־שטן קאָן ער זיך אָן זיי בשום אופן ניט דערמאָנען. נאָר ווי ער שטעלט זיך אַוועק אין קיך צו רייבן אויפן וואַש־ברעטל די מיט פאַרב־דורכגענומענע אַרבעטס־קליידער, גיט עס אין אים באַלד אַ לויכט אויף: דאָס איז דאָך מאָריס ראַוועלס „פּאַוואַננען", — די באַצויבערנדיקע מעלאָדיע פון די הויפּט־טענץ פונם 18טן יאָרהונדערט.

ער האָט דורך אַ „רינגער" פּאָרזיכטיק אויסגעדרייט די נאַסע אָוועראָלס, זיי דערנאָך מיט דער זעלבער פּאָרזיכטיקייט אויסגעשפּרייט אויף אַ זודיקן ראַדיאַטאָר, זיי זאָלן זיך טריקענען. באַלד זיך אַ וואַלגער געטאָן אויף דער קאַנאַפּע, מיט אַוואַנטיוריסטישער נײַגעריקייט אויסגעפּאָרשט דעם ציפערבלאַט פונם קליינינקן ראַדיאָ־אַפּאַראַט, הין־און־צוריק, הין־און־צוריק... און ער האָט גלייך אויסגעפונען זיין גרויסן חסרון.

די גרויסע קראַפטפולע ראַדיאָ־סטאַנציעס — די אַל־אַמעריקאַנישע, די טראַנסקאָנטינענטאַלע — זיינען דאָ אויפגענומען געוואָרן זייער דייטלעך. אָבער די קליינע סטאַנציעס, די אָרטיקע, די ניו־יאָרקער — זיי זיינען אינגאַנצן פאַרטרונקען געוואָרן... קאַרלינען איז עס געווען אַ גרויסער שאָד. די יידישע פּראָגראַמען זיינען גראָד פאַרשפּרייט געוואָרן איבער די קליינע סטאַנציעס. הייסט עס, ער וועט שוין אַזוי טאַקע ניט קענען הערן די רעדעס פון זיינע פריינט, די רייד פון די גוטע „מלאכים", וואָס פלעגן אויסשליסלעך טראַנסמיטירט ווערן דווקא אויף אָט די קליינע סטאַנציעס. אַך, אַ שאָד, אַ שאָד. אָבער וואָס

איז דאָ צו קרעכצן. אַזוי איז עס. פֿאַרפֿאַלן. ס׳איז דאָך פּאַרט בלויז אַ ליליפּוט־אַפּאַראַט. ס׳איז אַן אויפֿנעמער בלויז פֿון די שטאַרקע, פֿון די גרויסע, פֿון די מאַכטפֿולע... און ער איז צום סוף איינגעשלאָפֿן אַ באַרואיקטער, אונטער די כוואַליעס פֿון אַ סימפֿאָנישן אָרקעסטער וואָס האָבן זיך געטראָגן אַהער פֿון ערגעץ ווייט איבער די אַלעגהעני־בערג, — פֿונם פּיטסבורגער סימפֿאָנישן אָרקעסטער.

26

אַן אַלטע אָפּיס־געביידע אויף דער עטלעבע־און־דרייסיקסטער גאַס, לעבן דער זעקסטער עוועניו פֿון דרויסן — ברוין־רויטע שטיין־בלאָקן, מיט אַן אויסזען פֿון אַן „אַרמאָרי". אָבער פֿון אינעווייניק איז דאָרט ערשט דורכגעפֿירט געוואָרן אַ רעמאָנט. די אַלטע גרויסע אָפּיסעס פֿון בערזע־ספּעקולאַנטן, וואָס האָבן באַנקראָטירט אינם וואָל־סטריט־קראַך, זיינען צעטיילט געוואָרן, איבערגעשניטן געוואָרן מיט דינע הילצערנע ווענטלעך אויף קלענערע צימערלעך, ווערליק פֿאַר קריזיס־צייטן.

אין דער זונטיקדיקער ליידיקייט פֿון אָט די אָפּיסעס האָט איצט איין מענטש געאַרבעט. „געסקרעיפּט", „געסטעינט", „געגרעינט", *) געלאַקירט. אין דער זונטיקדיקער רואיקייט פֿון דעם גרויסן בנין פֿון דער געפֿאַלענער פֿינאַנסיעלער אַריסטאָקראַטיע האָט געאַרבעט און פֿאַר זיך געזונגען אַ קבצן, וואָס האָט געפֿילט ווי זיין שטערן גייט אויף ווידער, זיין מענטשלעכע ווערדע קערט זיך אום צוריק. אויפֿן דזשאַב איז מיט אים דער באַלעבאָס צופֿרידן, אויף געבן אַן עקסטראַ־טאָג אַרבעט זונטיק — קלייבט ער אויס אים... און אַז קאַרלין וועט אָפּ־אַרבעטן ביי אים כאָטש אַ דריי־פֿיר וואָכן, וועט ער זיך דעמאָלט באַ־מיען אָנקניפּן באַציאונגען מיט דער יוניאָן, אפֿשר וועט מען אים אַרויסגעבן אַן אַרבעטס־קאַרטע, אויף אויסצאָלונגען?

פֿון דער זונטיקדיק־שטילער עוועניו האָבן זיך געהערט בלויז זעלטענע אויטאָמאָביל־גערויש. אַ צעוואַרעמטער דורך דער אַרבעט

*) אַזעלכע מאָלעריי־אַרבעטן.

האָט קאַרלין גאַנץ הויך געזונגען איינס פון יענע לידלעך, וואָס ער האָט לעצטן פּרייטיק געהערט קאָטליאַרן זינגען און אויסצימבלען מיט אַ מאַנדאָלין־טרעמאָלאָ:

טו אָן דיין אַרבעטס־קלייד דעם בלויען,
און שטעל זיך מיט אונדז בויען, —
זייער גוט, זייער גו־וואו־וואוט, זייער גוט, —
זיי־ער!

ס'האָט שוין אָנגעהויבן דעמערן אין דרויסן, כאָטש קאַרלין האָט סיי־ווי געאַרבעט די גאַנצע צייט ביי עלעקטריש ליכט. שטיל, אומ־באַמערקט, ניט־געריכט — ווי תמיד — האָט ער פּלוצלונג דערזען לעבן זיך סימפּסאָנען. יענער האָט געהאַט אַ טבע זיך אַריינגנבענען אויפן דזשאַב אויף די שפּיץ־פינגער, זען צי די אַרבעטער באַלאַ־מוטשען ניט. ער איז מיט דער אַרבעט פאַרבליבן צופרידן. ער האָט אַרויסגענומען פון אַ צונויפגעפאָלדעוועט פאָרטמאָנע זעקס איינצעלנע דאָלאַרס, דערלאַנגט קאַרלינען. דער לעצטער האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט. דאָס האַרץ האָט אונטערגעזאָגט שלעכטס.

— פאַר אַזוינע אַרבעטער, ווי דו, האָט אונדזער פירמע אַ סך אַרבעט, דאַרפסט זיך ניט זאָרגן — האָט אויף זיין כמורנעם פּנים זיך באַוויזן אַ זויערער שמייכל.—אָבער מאָרגן דאַרפסטו ניט קומען... פאַרשטייסט, איך מוז דאָך דיך שיקן אַרבעטן באַזונדער. קאָנסט דאָך ניט אויף די גרעסערע דזשאַבס צוזאַמען מיט די אַנדערע אַר־בעטער. יו נאָו וואַט אי מין...

אָן־אַ־וואָרט האָט קאַרלין אָנגעהויבן איינפּאַקן זיינע אָוועראלס. אפילו פאַרגעסן אָפּוואַשן מיט טערפּענטין זיינע פינגער, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געקלעפּט פונם לאַק. דאָס שפּיל איז פאַרשפּילט... קאָן ער זיך דען באַקלאָגן פאַר דער יוניאָן, ווייבאַלד ער האָט קיין קאַרד ניט, האָט עובר געווען אויף די יוניאָן־געזעצן? דאָס שפּיל איז פאַרשפּילט, דער שווייגנדיקער סימפּסאָן האָט אים איבערגע־כיטרעוועט...

— כאַפּ זיך אַריין אין אַ פּאָר טעג אַרום — האָט ער ווידער כמורנע געפּיפּקעט און דורכדרינגענדיק באַטראַכט קאַרלינען, — צי

מיט א וואָך שפּעטער... אָדער שאַ: האָסט אַ טעלעפאָן? ניין? טאָ לאָז איבער דיין פּאָסט־אַדרעס. מירן שוין דיר אָנשרייבן...

אַ שטיק צייט האָט קאַרלין געבלאָנדזשעט איבערן פּוסטן בראָד־וועי און זיבעטע עוועניו, אַרויף און אַראָפּ, און אין ערגעץ ניט אַריין עסן וועטשערע. דאָס רוב קאָפּעטעריעס אין אָט דער געגנט זיינען זונ־טיק געשלאָסן. חוץ דעם: צוליבן געפיל פון טיפער אַנטוישונג און חרטה — צו וואָס האָט ער נאָך געדאַרפט, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, נעכטן איינהאַנדלען אַ ראַדיאָ! — האָט ער באַשלאָסן איצט נאָך שטאַרקער צו עקאָנאָמירן. ער'ט בעסער איינגאַנצן דורכלאָזן היינטיקן סאַפּער, ער איז סיי־ווי צו מיד צו עסן... האָט ער אַריינגעקערעוועט צו דער זעקסטער עוועניו, אונטערן געבריאַזג פונם עלעוועיטעד, אין דער אָרימקייט פון די געוועלבן און עס־פּלעצער, וואָס ציען זיך דאָרט אויף אייניקע קוואַרטאַלן העכער פון דער 42טער סטריט. ס'האָט אויסגעקוקט, ווי קאַרלין האָט באַשלאָסן צו עקאָנאָמיזירן אויפן חשבון פון די עוועניוס אויך... די זיבעטע עוועניו, בראָדוועי, צו רייך זיינען זיי, צו־שטאַרק שמעקן זיי מיט שפע: וואָס האָט ער דאָרט צו שפּאַ־צירן? אָט, אויף דער זעקסטער עוועניו, אין דער אָפּגעלאָזנקייט פון די אָרומיקע מענטשן מיט זייער אָרעמען הילוך — ניט קיין „גע־וועזענע" מענטשן, ווי אויף דער בויערי, נאָר סתם הילפלאָזע, פאַר־לאָרענע אַרבעטסלאָזע ניו יאָרקער — דאָ האָט ער זיך געפילט היי־מישער, ווייניקער געפאַלן.

פּלוצלונג באַמערקט ער אין אַ זייטיקער גאָס אַ גרויסע געלע שילד: פּעני־טעריאַ.... פּע־ני־טער־יאַ? אַ ניי וואָרט, ער האָט נאָך ביז איצט אַזוינס ניט געהערט. מיט נייגעריקייט פאַרקירעוועט ער אַהין, דערזעט: אַ פּאָר טרעפּ אַרונטער פונם טראָטואַר געפינט זיך אַ שוואַך־באַלויכטענער עס־פּלאַץ. ער גייט אַהין אַריין.

ביי טאַנדעט־אויפּגעמייסטרעוועטע טישן — רוי־אָפּגעהובלע־וועטע ברעטער אַריבערגעוואָרפן איבער קאָזלעס מיט אַן אויסזען פון „עקסן" — שטייען מענטשן און עסן פאַרטיפטערהייט, שווייגנ־דיקערהייט זיך־צוגעכאַפּטע... אַ סך פון זיי — גאַנץ נעט אפילו גע־קליידעט, מלבושים ציכטיקע, שיר גאַנצע. כאָטש אַנדערע — שוין מיט קאַנטיקע סימני־דלות אויף די אָפּגעטראָגענע מלבושים. אויפ־

שריפטן אויף די פענצטער־שויבן, אויף די ווענט דערציילן וועגן דעם וואוילטעטיקן צוועק צוליב וועלכן אַט די עס־פּלעצער זיינען לעצטנס געעפנט געוואָרן אין פאַרשיידענע טיילן שטאָט דורכן אייגנטימער פון אַ פאַרשפּרייטער טאָגבלאַט־צייטונג: אָנשטענדיקע אַרבעטסלאָזע זאָלן קאָנען קריגן אַ וואַרעמען נאַרהאַפטיקן מאָלצייט פאַר אַ שבוש, ניט דאַרפן שטיין אין „ברעדלאַינס".

פּעניטעריאַ — אַלץ קאָסט דאָ בלויז אַ פּעני, ווערט געחשבונט אויפן סענט. ברויט—אַ פּעני, אַ טעפּל קאַווע אָן צוקער—אַ פּעני, אַ שטיקל פּוטער—אַ פּעני, אַ קאַשקע פון „צעבראָקלטן ווייץ"— אַ פּעני, אַ סופּ — צוויי פּענים, דעסערט פון רויע ראָזשינקעס — איין פּעני; קאָמפּאָט פון פלוימען — צוויי פּענים... פּלאַי־פּלאַים! אַזוי וואָלוול! יאָ... ס'איז געפּאַלן איצט דער אויסשליסלעכער יחוס פון די קוואָדערס, פון די דאַימס און אַפילו פון די ניקלס, דער איינצי־קער סענט זיצט איצט אויף אויבנאָן!

קאָסטנס מיט ניט אויפגעעפנטע שפּייז־בלעכלעך, שפּייז־פּראָ־דוקטן, הויבן זיך פּאַזע די ווענט, די „פּעניטעריאַ" קוקט דעריבער גיכער אויס ווי אַ גראָסערי, איידער ווי אַ רעסטאָראַן. די „רייען" זיי־נען גרויסע, פון ביידע זייטן הילצערנעם קראָם־טיש. דאָס רוב עסט מען שטייענדיק, די „קעלנערס" טראָגן ניט קיין רעקלעך, נאָר שמוּ־ציקע פּאַרטיכער איבער זייערע ביליקע צעקנייטשטע הויזן, וואָס קוקן אויס ווי מען וואָלט אין זיי אויך געשלאָפן. מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, כאַפּן זיי אַוועק די אָפּגעפּאַרטיקטע געשיר אַ ביסל צו שנעל, גיבן די עסערס אָנצוהערעניש אַז בטלנען דאָ קאָן מען ניט, נייע מענטשן וואַרטן שוין אויף די פּלעצער... זעסט, קאַרלין, דער הימל פאַלט נאָך פונ־דעסטוועגן ניט אַרונטער אויף דער ערד, מען זאָרגט זיך נאָך פאָרט פאַר דיר און דיינס גלייכן.

ערשט נאָך אַ פּאָר שעה אַרומשלעפּן זיך אַזוי איבער די גאַסן קערט ער זיך אום אַהיים. ס'האָט זיך פאַרנומען אויף אַ טרוקן פּרעסטל. ביים אָנקומען אין שטוב איז ער שוין טויט־מיד, און וואַרפט זיך גלייך אַריין אין בעט, ניט מאַכנדיק אַפילו ליכטיק. נאָר מחמת גרוי־סער מידקייט קאָן ער ניט איינשלאָפן.

דערינערונגען, נישט צום שטאַנד געקומענע פּלענער, דער־

שטיקטע אַנטוישונגען, שטילע פאַרצווייפלונגען, באַאומרואיקנדיקע אַנונגען פון נאָך גרעסערע פיינען און פּלאָגן, וואָס דערוואַרטן אים... פינצטערע געדאַנקען בייסן, צופּן, דאָס לייב שטעכט ווי מיט נאָדלען... פינצטערע געדאַנקען? ער גיט אַ שפּרונג אַרויס פון בעט, מאַכט ליכטיק. שוואַרצע שטינקענדיקע פלעקן אַנטלויפן אין אַלע ריכטונגען איבערן לײַלעך. ער האָט גאָר ניט איבערגעצויגן דאָס בעטגעוואַנט, ניט אויסגעקערט די שטוב אפילו איין מאָל זינט דאָס ווייב איז אַפּגעפּאָרן. מאָרגן וועט ער זיך די ערשטע זאַך נעמען צו דער באַלעבאַטישקייט. און איצט? וואַרט... ער האָט דערזען דעם טונקעלן מאַהאָגאַני פון דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וואָס האָט געגלאַנצט אין דער פינצטער. ער האָט אים אויפגעדרייט. ס'האָט אַ שטראָם־געטאָן כישופדיקע מוזיק: „די פאָנטאַנען פון רוים". די מוזיק מאַכט אים גלייך ווייכער, רואיקער. די פלייצנדיקע באַלזאַמיקע טענער רופן אַרויס גוטע זכרונות, וואַנדער־טרוימען... יאָ, אָבער מאָרגן מוז ער פונדעסטוועגן געדענקען צו קויפן אַ בלעכל פליט; און אויך נאַפט־זייף... ווייל נאַפט־זייף — האָט ער געהערט אַמאָל לינען זאָגן — איז דער וואָלוולסטער זייף צו וואַשן וועש.

27

מאָנטיק פרי, אַרום האַלב נאָך אַכט, האָט מען צודרינגלעך אָנגעקלאַפּט אין טיר. קאַרלין האָט ניט געהאַט צוליב וואָס צו איילן זיך אויפשטיין. ערב־קריסטמעס האָט קיין זין ניט גיין זוכן אַרבעט. פויל איז ער אַרויסגעקראָכן פון בעט.

ער האָט די טיר אויפגעעפנט אויף אַ שפּאַרונקע בלויז. אַ אומבאַקאַנטע פּערזאָן, מיט אַ ברוינעם „קעסעלע" אויפן קאָפּ, האָט אים שווייגנדיק אַרייַנגערוקט אַ צונויפגעפאַלדעוועטן בלאַנק און איז אוועק אָן אַ וואָרט.

ס'איז געווען אַ דיספּאָזעס. מאָרגן, דינסטיק, פּונקט ניין אינדערפרי, דאַרף ער זיך מעלדן אין געריכט, „טו שאָו קאָז" פאַרוואָס מען זאָל אים ניט אַרויסזעצן פון זיין דירה.

קאַרלין האָט דעם האַרטלעכן פּאַפּיר אַוועקגעלייגט אויפן „מענטל-

פים", ווי ער וואָלט זיך מיט אים איינגאַנצן ניט אָנגעקערט. ער האָט גענומען צונויפשטעלן אַ ליסט פון די נויטיקסטע באַלעבאַטישקייט־אַרטיקלען, וואָס ער מוז נאָך היינט איינקויפן פאַר דער שטוב. דאָס לעבן גייט אָן ווייטער... מער ניט, ער וועט איצט זען מאַכן די סאַמע שטרענגסטע עקאָנאָמיע, נאָך מער עקאָנאָמיע. ער וועט אַליין אָנהויבן קאָכן זיך עסן. מיט אַ גרויסן צעראַטעוועם זעקל האָט ער זיך באַלד געלאָזט אויפן מאַרק ניט ווייט פונם האַרלעם־ריווער. דאָרט איז אַלץ געווען וואָלוועלער ווי אַפילו אין די „טשעין"־קלייטן.

אין פּאָסט־קעסטל איז געלעגן אַ בריוו פון לינען. ער האָט מיט אַזאַ ברענענדיקן אומגעדולד אויפגעריסן דעם קאָנווערט, אַז ער האָט פאַרכאַפּט אויך אַ שטיקל ברעג פונם בריוו אַליין. „זי קוקט אויס גוט", האָט לינע געשריבן, „זי עסט אַ סך, רוט אַ סך, אָבער..." דער קאַזאַרמע־רעזשים פון דער „האָום", וואוהין זי איז געפאָרן אויף אָפּרו נאָך איר קראַנקהייט, איז איר ניט געווען צום האַרצן. „נאָר מען מאַרשירט אונדז — צום עסן, צום שלאָפן, מען מאַרשירט אונדז אַפילו צום איינוואַשן זיך... די קינדערלעך מאַרשירט מען אויך אין אויסגעמושטירטע רייען... אָבער זיי ווערן געהאַלטן אָפּגעטיילט פון די מוטערס. בלויז איין מאָל, אין אָוונט, קאָנען זיי זיך זען..."

ווען דודל פלעגט זי די ערשטע טעג באַמערקן פונדערווייטנס — איז ווייטער געשטאַנען אין בריוו — פון זיין מאַרשירנדיקער קינדער־קאָלאָניע, בעת מען פלעגט זיך אַרונטערלאָזן פון די שלאָפצימערן אין עס־זאַל אַרונטער, פלעגט ער אויסברעכן אין אַ געוויין, און זיך אַ רים טאָן צו דער מוטער... אָבער די אוניפאָרמירטע „שוועסטער" פלעגט אים אָנהויבן מיט געוואַלד שלעפן צוריק. שפּעטער פלעגט זי זיך נאָך דערפאַר בייזערן אויף לינען: ווען זי וואָלט צו אים ניט געווען געשמייכלט פונדערווייטנס, וואָלט דאָך צו דעם ניט געקומען... וואָלט די אָרדענונג ניט געשטערט געוואָרן. איז איצט, ווען די ביידע קאָלאָנעס, די דערוואַקסענע און די קינדער, טרעפן זיך אין קאָרידאָר, אויפן מאַרש צו די מאָלצייטן, טוט לינע זיך אָן אַ כוח און קוקט שוין אָן אַ זייט, צו דער וואַנט... אָבער פון אַ ווינקל אויג באַמערקט זי: דאָס קינד, ווען די מוטער קוקט זיך אַפילו אויף אים ניט אום, הויבט אָן צוערשט „מאַכן גובקעלעך", באַלד אָבער פאַרבייסט ער

די ליפּן, ווי אויף אַ פאַרפּאַלענער זאַך, און לאָזט אויך אומעטיק אַרונ־טער די אויגן... ער פאַרשטייט שוין: דאָ איז אַ פּלאַץ, וואו עס העלפט ניט קיין וויינען, ער געפינט זיך עפּעס אין אַזאַ מין געפאַנגענשאַפט.

אָבער דער עיקרשט — האָט לינע ווייטער געשריבן מיט איר גרויסן צעכראַסטעטן כתב, אפשר בלויז דריי ווערטער צו אַ שורה: — איר איז שווער צו פאַרטראָגן די רייד, וואָס די ווייבער ריידן דאָרט צווישן זיך, דערהויבט בעתן אויסטאָן זיך פאַרן שלאָפן־גיין... די ווייבער הויבן דעמאָלט אָן צו פאַרגלייכן איינס ביים צווייטן די מאָס און פאָרם פון זייערע ליטקעס און בריסט, מען דערציילט זיך אַזעלכע פּיקאַנטע מעשיות און אַנעקדאָטן, אַז זי, די קינדערשע לינע, ווערט דערפון אַזש רויט ביז איבער די אויערן. און כאָטש עס איז ערשט געוואָרן אַ וואָך זינט זי איז אָנגעקומען אַהין, בעט זי שוין דעם מאַן ער זאָל זי זען וואָס גיכער אַרויסנעמען... בפרט, אַז באַזוכן זי קאָן מען ניט, און טעלעפאָנירן איר פון שטאָט קאָסט דאָך גאַנצע צוואַנ־ציק סענט...

— יאָ, וועסט נאָך מוזן אַ ביסל צוואַווארטן, טייערינקע. — האָט קאַרלין אַ זאָג געטאָן צום ווינט, וואָס האָט אים געגעבן אַ כאַפּ אַרום, ווי נאָר ער איז אַרויס פון הויז, — מירן צוערשט זען מכוח דעם דיספּאָזעס...

אויף די עוועניוס, אויף די קרייץ־גאַסן איז איצט לעבעדיק, ראַ־שיק, פול מיט ערב־יום־טובדיקן עולם. מאָרגן איז קריסטמעס. אין די פענצטער פון די גראָסערים, פון די פלייש־און־פיש געשעפטן זייַ־נען אויסגעלייגט בערג גאַנצע שפּייזן, אָפּגעפּליקטע אינדיקעס, שמאַל־ציק־געלע און בלוי־געפרוירענע הינער, קאַטשקעס, גענדז... אַלערליי פישן פון די ימים און טייכן און אָזערעס אַרום ניו־יאָרק... גאַנצע פּיראַמידעס מיט קאָנסערוון־פּושקעס פון איינגעמאַרינירטע און קאָנ־סערווירטע פישן און חזיר־פיסלעך און שעפּסענע צינגלעך און גרינסן און סופּן... בערג גאַנצע מיט פרוכטן אַלערליי, כמעט ווי אינמיטן זומער... אפנים, אַז אויך איצט נאָך זיינען דאָ גענוג מענטשן וועלכע קויפן גענוג פון אַלץ? אָבער קאַרלין, אַלנפאַלס, שענקט מער אויפ־מערקזאַמקייט די פּרייזן־צעטלען אויף די אויסגעשטעלטע אַרטיקלען,

איידער דער קוואַליטעט פון די אַרטיקלען אַליין... ער זוכט מציאות, מציאות!

אויף דער 136טער גאַס און ברוק עווענױ איז אַן איירישער געגנט. אָט איז אַ גרויסער קריסטלעכער פלייש־געשעפט, — דאָס הייסט, אַ ניט־יידישער, אַ „גענטילישער", כאַ־כאַ... זאָל ער צומאָל ניט גאָר קויפן גויאיש פלייש? יידיש פלייש, כשר פלייש, איז עפּעס גאָר מיט גאָלד גלייך... זע, קאַלבס־לעבער — אַכצן סענט אַ פונט! פאַר כשרע לעבער דאַרף מען צאָלן פערציק סענט! דער־באַרים זיך אויף מיר, גאָט פון ישראל, ס'איז פאָרט שווער צו זיין אַ ייד . . .

יאָ, ער'ט קויפן בעיקאָן (חזיר־שקוואַרקעס). וואָלװל — און ס'איז גרינג עס אָפּצופּרעגלען. ער'ט ניט האָבן דערבײַ קיין סך אַרבעט.

די פּרייזן אויף בעיקאָן זיינען שטאַרק געפאַלן, 10 סענט אַ אַ פונט. נאַטירלעך, ער וועט קויפן דעם פּראָסטן סאָרט, ניט קאַנאַ־דער, אַפילו ניט ביטש־נאַט, אָדער סוויפּטס... אָבער צוריקגערעדט: מען קאָן זיך דען מיט דעם אָנזעטיקן? ס'איז דאָך קיי־און־שפּיי, בלויז אַ נאַשערײַ... ניין, ער'ט בעסער קויפן „פּאָרק" (שווייַנען־פלייש). יאָ, אַ גאַנצן שטיק פון עטלעכע פונט, מיט איינמאָל, דאָס קאָסט נאָך וואָלװלער... ער קאָן עס אָפּקאָכן אויף איין מאָל, און האַלטן דערנאָך אויפן „פייער־עסקעיפּ". ס'איז דאָך ווינטער, קיין אייז דאַרף מען ניט. פאַר די וואָסערע 80 — 90 סענט, וואָס אָט דער גאַנצער שטיק פּאָרק וועט אים קאָסטן, קאָן ער האָבן גענוג צו עסן אויף אַ וואָך־צוויי, ביז די משפחה זיינע וועט קומען צוריק. אַ וואונדערלעכער איינפאַל!

פונדעסטוועגן, אויספירנדיק דעם דאָזיקן וואונדערלעכן איינ־פאַל, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צי מען קוקט אים ניט נאָך... כאָטש ווער האָט אים דען געקאָנט דאָ נאָכקוקן? זיינע פריינט און באַקאַנטע וואוינען ניט אין אָט דער אָרימער געגנט און די רוי־שיקע שטאָט איז גלייכגילטיק, קיינעם אַרום איז קאַרלין זיכער איצט אין דער לינקער פּיאַטע ניט געלעגן.

אויפן ליכטיקן פּראָסטיקן הימל האָט דורכגערעשט אַ זילבערן־

גלאַנציקער עראָפּלאַן. ווי אין געיעג נאָך אים האָט זיך פון ערגעץ צווישן די פאַבריק־געביידעס אויף אַרום דער איסט־ריווער אויפגע־הויבן אינדערלופט אַ מאָנאָפּלאַן מיט אַ גיראָסקאָפּ. די פליגלען האָבן זיך ביי דעם געדרייט אַרום־און־אַרום זיך אין אַ קרייז, און אינגאַנצן האָט דער מאָנאָפּלאַן דעריבער אויסגעזען, ווי אַ ריזיקע שפּין.

***

דינסטיק פרי, ערב קריסטמעס, איז קאַרלין שוין געווען אין געריכט פּונקט אום ניין דעם זייגער.

ער איז אַריין אין געריכט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, ווי ער וואָלט געווען אַ שרעקלעכער פאַרברעכער. טאַקע, וואָס וועט ער טאָן, אויב מען וועט אים פון דער דירה אַרויסזעצן? וועגן באַצאָלן איצט, אַפילו פאַר איין חודש, קאָן שוין מער קיין רייד ניט זיין. בפרט, אַז דער „אַגענט" איז אַזוי בייז, ווייניקער ווי פאַר די גאַנצע ביידע חדשים וועט ער געוויס ניט וועלן נעמען.

אינם גרויסן זאַל מיט די ניט־געפאַרבטע סטוקאָ־ווענט און מיט דער הויכער סטעליע, שיר ניט ווי אין אַ באַנק־געביידע, האָט שוין קאַרלין געטראָפן אַ געדיכטן עולם מענטשן. מען האָט צווישן זיך גע־שושקעט זיך, אומרואיק אימיגרירט פון איין העלפט געריכט־זאַל אין דער צווייטער, אַרויס אין די קולואַרן, זיך באַראַטן מיטן קלוירק, אָפּגעטראָטן דערנאָך אָן אַ זייט זיך סודען מיטן אייגענעם לאָיער... און כאָטש די ניט־געפאַרבטע ווענט זיינען געווען אַזעלכע הויכע, שטרענגע און קאַלטע, פול מיט דורכאויסיקן מדת־הדין, האָט קאַרלין ביסלעכ־ווייז זיך באַרואיקט.

אויף די קעגנאיבערדיקע בענק האָט ער באַלד באַמערקט דעם „אַגענט", וואָס איז געזעסן מיט אַ מינע פון אַנטשלאָסנקייט. ער האָט בייז אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט קאַרלינס בליקן, האָט שטאַרק באַשעפטיקט געדרייט דאָס ברוינע „קעסעלע" זיינס אויף דער גאַלקע פון זיין שטעקן. דאָס אַלץ האָט אַפילו אויף קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט... נאָר מילא, זאָל פּאַסירן וואָס עס וועט פּאַסירן — ביזט ניט קיין בן־יחיד ביי דער וועלט, קאַרלין!

פון אַ פּאָרל, וואָס איז געזעסן אויף אַ באַנק הינטער אים, האָט

ער אויפגעכאַפּט אייניקע ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ זייער באַלערנדיקן טאָן:

— מ׳דאַרף ניט קענען דאָס געזעץ, נאַרעלע דו... דער עיקרשט דאַרף מען קענען — דעם ריכטער!...

דער ריכטער איז נאָך אָבער ניט געקומען, כאָטש ס׳איז שוין געווען האַלב נאָך ניין.

ענדלעך אָבער האָט זיך באַוויזן אויך דאָס „געריכט" — אַ מיטלוואוקסיקער ברייט־פּלייציקער מאַן מיט אַ פעסטן שווערן טראָט, אין פּענסנע מיט אַ לאַנגן שוואַרצן בענדל. די פאַלדן פון דער היפּשער שוואַרצער ריכטער־פּעלערינע האָבן דאָס „געריכט" געמאַכט נאָך ברייטער און אַפילו אויך געהיימעניספולער, ווי אונטער די זיך־שפּרייטנדיקע שוואַרצע פאַלדן פונם ריכטער־מלבוש וואָלטן עס גע־ווען באַהאַלטן די אַלערליי בייזע אורטיילן, גרייט צו יעדער צייט פון דאָרט אַרויסצופליען... און ווירקלעך: אויב ניט פונם ריכטערס פּע־לערינע־פליגלען, האָט אָבער באַלד פונם עולם אַליין אינם געריכט־זאַל זיך אַ שאָט געטאָן אַ מחנה צרות, אומגליקן, טראָבלס... און דאָס אויך האָט שוין קאַרלינען געמאָגט כאָטש אַ ביסל באַרואיקן. ער איז ניט איינער!

אין אַ דריי־פערטל שעה אַרום איז די ריי ענדלעך געקומען צו אים אַליין.

„פאַרוואָס צאָלסטו ניט?" — דער ריכטער האָט געשטעלט זיי־נע פראַגן אַ פאַרטיפטער אין אַ פּאַפּיר פאַר זיך. אויף קאַרלינען האָט ער נאָך דערווייל קיין קוק ניט געגעבן.

— ניטאָ קיין געלט, יור האָנאָר.

— אַרבעטסט ניט?

— ניין.

— האָסט עפּעס טענות צום לענדלאָרד? ווילסט, ער זאָל דיר עפּעס פאַרריכטן? מיט צאָלן רענט האָט עס אָבער נאַטירלעך ניט צו טאָן...

קאַרלין האָט אַ לויפיקע סעקונדע אַ טראַכט געטאָן.

— נ־נ־ניין.

— נו, אויב אַזוי, וועסטו זיך מוזן אַרויסקלייבן...

ערשט איצט האָט דער ריכטער אויפגעהויבן אויף אים זיינע בליקן. קאַרלין האָט הילפלאָז אַ הויב געטאָן די אַקסלען. דעם שטרענגן ריכטער איז געפעלן געוואָרן יענעמס הילפלאָזיקייט. כמעט מיט אַ מענטשלעכער שטים האָט ער געפרעגט:

— צען טעג וועט זיין גענוג פאַר דיר?

— אויב דאָס איז דער מאַקסימום לויטן געזעץ, יור האָנאָר...

— האָט קאַרלין קווענקלענדיק ווי געפּרואווט אויסנוצן יענעמס אָנפאַל פון מענטשלעכקייט. — אפשר... אפשר קאָן מען עס פאַרלענגערן אויף... אויף צוועלף טעג? — האָט ער מורא געהאַט צו בעטן אַ גרעסערע פאַרלענגערונג.

דעם ריכטער איז אָפּנים געפעלן געוואָרן יענעמס באַשיידענע פאַרלוירנקייט און — מיט דעם האָט עס פאַסירט. „נעקסט! חיים מאַנדעלקאָרן קענגן דזשאָן דאָאו!" און די מיל פון גערעכטיקייט האָט ווייטער געמאָלן, נאָכאַנאַנד געמאָלן.

אין דרויסן האָט קאַרלין פריי אָפּגעצויגן דעם אָטעם. סאָראַ קורצע, איינפאַכע, גרינגע אָפּעראַציע! אַבי ער האָט געמיינט... ס'איז אים מיטאַמאָל ווי גרינגער געוואָרן אויפן געמיט: ער האָט נאָך זיבערע 10 טעג.

## 28

ער האָט געאײַלט אַהיים. אַ סך אַרבעט דאָ. נעכטן האָט ער גערעמט די צימערן. פאַרט — קריסטמעס, ניי־יאָר... קאָכן איז קיין צייט ניט געווען, האָט ער געגעסן קאַלטס. דערפאַר וועט ער היינט צוגרייטן דאָס פלייש, טאַקע לכבוד יום־טוב! און ווען דאָס פלייש וועט זיך קאָכן, וועט ער איינצייטיק דורכוואַשן עטלעכע שטיקלעך נויטיקע וועש.

פאַרנדיק אַהיים פונם גערירכט־זאַל, זעט ער דוכט זיך גאָרניט פון דעם וואָס עס טוט זיך איצט אַרום אים, ער האָט אָן־אַ־שיר זאַכן איצט רואיק צו באַטראַכטן... פול מיט חרטה און געוויסנביסן, באַשליסט ער: די אויסגענעבענע סומע אויף דער ראַדיאָ וועט ער זען איצט צוריק אָפּשפּאָרן פון זיין אייגן עסן נאָך ביז דאָס ווייב וועט

זיך צוריקקערן. איבעריקס, לינען וועט ער זאָגן, אַז ס׳איז אַ מתנה... אָבער — פון וועמען אַ מתנה? זי וועט דאָך וועלן וויסן אַ נאָמען! אָבער אַך, גולם דו, ווי עס איז דיר פריער ניט איינגעפאַלן... דו האָסט געקראָגן די ראַדיאָ פאַר קופּאָנעס, פאַר צייטונגס־קופּאָנעס, וואָס דו קלייבסט שוין באַלד דריי־פערטל יאָר אינדערשטיל, אַ סורפּריז, כאַ־כאַ . . .

פאַרנאַכט־צו איז ער אין שטוב ענדלעך געוואָרן פאַרטיק מיט אַלץ. דאָס קאָבן איז אים אפילו ניט אָנגעקומען אָן אַן עקסידענט. ווען ער איז געווען פאַרנומען מיטן רייבן די גרעט, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ סמאַלעניש: אין טאָפּ האָט געהאַט אויסגעזאָטן דאָס גאַנצע וואַסער, און דאָס טייערע חזיר־פלייש האָט אָנגעהויבן שמעלצן זיך... ער האָט עס אָבער אָפּגעראַטעוועט אין צייט, ס׳איז גאָרניט, דער „פּאָרק״־שטיק איז געווען אַ היפּשער, ס׳וועט אים קלעקן און קלעקן...

דער ריח אָבער פון דעם צעשמאָלצענעם און צוגעסמאַליעטן חזיר־פעטס האָט אים באַלד אָנגעהויבן שלאָגן צום האַרצן. דאַרף מען אפשר אַריינטאָן אינם וואַסער זאַלץ, פעפער? . . . אפילו די וועגטלעך פונם ריזיקן קאַסעראָל האָבן זיך דורכגענומען מיטן פעטס און חזיר־ריח. ער וועט עס דאַרפן דערנאָך גוט אויסוואַשן און אויסשייערן, אַז לינע זאָל גאָרניט פאַרדעכטיקן... אָבער די אמתע צרה האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ שעה שפּעטער, ביים מאָלצייט גופא.

גאָרניט מער, חוץ פלייש און אַ פּאָר פונט עפּל — פיר פונט פאַר צען סענט, קאָך־עפּל וואָס ער האָט באַנוצט ווי עס־עפּל — האָט ער ניט איינגעקויפט, אפילו ברויט פאַרגעסן. די שטיקלעך ברויט, וואָס ער האָט געפונען אינם ברויט־קעסטל, זיינען געווען צו האַרט, האָבן זיך ניט געלאָזן קייען אפילו פון זיינע שטאַרקע ציין. אַרונטערגיין אַלע פינף שטיגן נאָכאַמאָל אין גאָס אַריין איז ער שוין געווען צו מיד. חוץ דעם: היינט איז דאָך פּאָרט געווען אַ יום־טוב, אפילו ביי ניו־יאָרקער יידן אויך... און קאַרלין האָט געפילט ווי אויסצובאַהאַלטן זיך פון מענטשן, זיין אַליין מיט זיין וואָכעדיקייט און אָרעמקייט. וואָרים איז ניט אָרעמקייט — פאַרשאָלטענע אייביקע וואָכעדיקייט?

ער האָט איינגעטונקט אַ פּאָר שטיקלעך פלייש אין זאַלץ. אָבער נאָך די ערשטע פּאָר שלונג האָט עס אים אָנגעהויבן שטאַרק איבלען. ס'איז געווען עפּעס צו־פעט, צו־זיס... ער האָט אויף גיך אַרויפגע־שטעלט קאָכן אַ טשייניק וואַסער. אָבער אינם קליינעם טשייניק איז קיין סענץ ניט געווען, און אין שטוב — קיין טיי. זינט לינעס אָפּ־פאָר האָט ער דאָך געגעסן אין גאַס, האָט ניט געוואוסט וואָס סע פעלט אין שטוב. נאַטירלעך, ער האָט געקאָנט אַריינגיין צו די גאַר־ניצקים, די אוקראַאינישע שכנים, אָבער זיי וואָלטן עס דאָך באַ־שטימט אָנגענומען ווי אַן אָנצוהערעניש מען זאָל אים איינלאַדן אויף דער קריסטמעס־וועטשערע.

האָט ער געפּרואווט ארונטערשווענקען דאָס פעטס מיט פּשוטן באַזיסטן אָקראָפּ, אָבער פון דעם איז די נודעניש אויפן האַרצן נאָך שטאַרקער געוואָרן... אפשר וויים ער ניט, ווי מען קאָכט עס?... ניין, דאָס דאָזיקע פּאַרק איז ניט פאַר אים, גאָט זאָל אים ניט שטראָפן פאַר די רייד... ווי נאָר ער פלעגט באַלד געבן אַ קוק אויפן גרויסן פאַרבליבענעם שטיק פלייש, פלעגט אים שוין פון דעם אליין שיר ניט אַ שפּאַר טאָן צו ברעכן. ער האָט זיך נאָכאַנאַנד געהאַלטן אין ווישן די ליפּן. געוואַלד, וואָס וועט ער טאָן מיט אַזויפיל חזיר־פלייש? מאָרגן וועט ער עס מוזן אַרויסוואַרפן! איינוויקלען אין אַ פּאַפּיר, עס איבערלאָזן אויף אַ באַנק אין נאָענטן פּאַרק, קיינער זאָל ניט זען. יאָ, ער וועט עס טאָן נאָך היינט שפּעט אין אָוונט, מעגלעכע פאַרבייגייער זאָלן אים נאָך ניט באַטראַכטן פאַר אַ משוגענעם... אי־בערלאָזן אַ פּאָר פונט פלייש אויף אַ באַנק אין פּאַרק!

דאָס איז מיטן חזיר־פלייש, און וואָס זאָל ער טאָן מיט זיך דעם גאַנצן אָוונט?

ער האָט געקענט איצט אַריין צו די נייפעלדס, וואו ניטל איז אַ טראַדיציאָנעלע נאַכט אויף צו כאַפּן אַ קערטל. ער וואָלט דאָרט זי־כער געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט. נאָך די פלאָגעניש פון דעם לעצטן יאָר האָבן אים געמאַכט שטאַרק סענסיטיוו. כאָטש קיינמאָל פלעגט ער דאָך אויף קיינע איינלאַדונגען אהין ניט וואַרטן, האָט אים אָבער איצט זיך געדוכט אַז ניט־געבעטענערהייט פּאַסט ניט צו גיין אהין, זיין בלויזע דערשיינונג קאָן נאָך זיין אַ דיסאָנאַנס צו דער דאָרטיקער

פריידיקער יום־טובדיקייט. חוץ דעם, אזוי ווי ער האָט שוין אַזוי פיל יאָרן ניט געאַרבעט ביי מאָלעריי, האָט זיך אים געדוכט אַז ס'שטינקט רק פון אים מיט פאַרב און בענזין און פּראָסטן אויל, אַלע וועלן זיך אָנשטויסן וואָס פאַר אַן אַרבעט ער האָט ענדלעך געקראָגן צו טאָן, מען וועט אים באַדויערן...

ניין, ער'ט בעסער פאַרבערענגען היינט דעם אָוונט אַליין מיט זיך. ער איז געווען זייער אין אַ געדריקטער שטימונג. זאָל ער זיך אַנידערזעצן אָנשרייבן לינען אַ בריוו, אַ טרייסט־בריוו? ס'איז דאָך עפּעס היינט קריסטמעס־אָוונט, דער סעזאָן פון „פרידן און גוטן ווילן" אויף דער זינדיקער ערד. פון שכנישע וואוינונגען הערן זיך שוין דורך די פענצטער געזאַנג און געלעכטער. אַפילו ביי אָרעמע מענטשן איז מען זיך אויך היינט משמח... זאָל ער אָנשטעלן די ראַדיאָ, ווערן איינס מיט דער וועלט כאָטש דורך די אומגעזעענע לופט־כוואַליעס? ער וויל אָבער ניט, אַז די גאַרניצקים זאָלן דורך דער וואַנט דערהערן אַז ער איז דאָ אין שטוב, זאָלן אים נאָך ניט אַריינרופן צו זיך.

שפּעט אין אָוונט האָבן זיך דערהערט קלינגערייען פון גלאָקן, הודזשענדיקע, ברומענדיקע גלאָקן, אָנזאָגערס פון יום־טוב און פּחד איינציייטיק. „וועניטע אַדאָרעמוס, וועניטע אַדאָ־רע־מוס!..."

ניטל. די נאַכט, וועלכע ברענגט שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר בשורות פון גרויסער פרייד צו אַלע מענטשן! די נאַכט, ווען ברו־מענדיקע קלויסטער־גלעקער דערציילן פייערלעך ווי נאָך מיט הונדער־טער טויזנטער נעכט צוריק האָבן זיך אין די הימלען איבער בית־לחם, ניט ווייט פון דער מוטער רחלס קבר, פּלוצלונג באַוויזן ליכ־טיקע מלאכים און פייערדיקע צבאות, און אין כאָר אָנגעהויבן ריי־מען און לויבן גאָט: „רום צו גאָט אין די הימלען, פרידן אויף דער ערד און גוטער ווילן צווישן מענטשן!"

און קאַרלין וואונדערט זיך: אויף וויפיל האָבן זיך עס טאַקע מענטשן דערנעענטערט צום דאָזיקן „פרידן און גוטן ווילן" אין פאַר־לויף פון די צוויי טויזנט יאָר? עס קאָן זיין: אין דער זעלביקער ליכ־טיקער קריסטמעס נאַכט, אויף די זעלביקע פעלדער און לאַנען אַרום בית־לחם, אָנשטאָט דאָס פרידלעכע פיטערן פון סטאַדעס ניט־גע־וואַשענע קאַראַמעל־קאָלירטע שעפּסן, קעמפן גאָר איצט איינע אַנט־

קעגן די אַנדערע מחנות באַוואָפנטע מענטשן. יידן און אַראַבער, פאַרגיסן זייער בלוט צווישן די אַלטע חורבות — און די היינטיקע רוימער, די ענגלישע זעלנער אין די שאָטלענדישע קליידלעך, גיבן שוין אַכטונג, אַז קיינע פון אָט די קעמפנדיקע מחנות זאָל קיינמאָל ניט באַזיגן די צווייטע... און אין זיין געדריקטער שטימונג האָט קאַר־לין אַ מורמל געטאָן צו זיך אַליין, ווי עפּעס אַ גרויסע אַנטפּלעקונג, אַז פריינטשאַפט און גוטער ווילן צווישן מענטשן איז די זעלביקע אילוזיע איצט, ווי תמיד — ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

אָבער ניין, קאַרלין טרייבט באַשטימט אַ היפּש ביסל איבער! זאָל עס זיין די צו־פּעטע חזיר־פלייש, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגע־פרעסן, אַזש עס גייט אים אַזש קאַפּויער? ס'איז גרינג צו ווערן אַ מוסר־זאָגער אויף אַ פולן מאָגן, קאַרלין! און ער דערמאָנט זיך טאַקע ווי נייפעלד האָט אים נאָך לאַנג צוריק געמוסרט, קאַרלינען, פאַר זיין אָפטן באַקלאָגן זיך, פאַר זיין טבע אויפצואוואַרפן עוולות. איז וואָס, אַז ביי אַ מענטשן גייט עס אַמאָל אַוועק אַ ביסל אַ שלעכטע צייט? „פיינע מענטשן ווערן אָנגערופן יענע" — האָט אים דעמאָלט נייפעלד באַדייטונגספול אַריינגעזאָגט — „וועלכע ווערן כמעט קיינמאָל, אָדער אינגאַנצן ניט פאַרזשאַווערט... און דאָס זעלבע, ברודערל, קאָן מען אויך זאָגן וועגן מענטשן: פיינע, גייסטיק־פיינע מענטשן ווערן אויך קיינמאָל ניט אינגאַנצן פאַרזשאַווערט, — זיי גיבן זיך ניט אונטער די שאַרפסטע קלעפּ פון שיקזאַל!"

און כאָטש דעמאָלט האָט קאַרלין אויף נייפעלן שטאַרק פאַר־איבל געהאַט פאַר די דאָזיקע רייד, באַשליסט ער איצט צו נעמען זיך טאַקע אין די הענט אַריין. ער וועט שוין זען, אַז זיין געדריקטע שטימונג זאָל פאַראַיבערגיין! און זי וועט טאַקע זיכער פאַריבערגיין אַזוי גיך ווי זיין משפּחה וועט זיך ווידער פאַראייניקן מיט אים.

כאָטש ווי אַזוי וועט עס פּאַסירן, בעת אין אייניקע טעג אַרום וועט שוין קיין היים ביי זיי אינגאַנצן ניט זיין? אָבער ניין, אין אַזאַ הייליקער נאַכט איז גלייכער וועגן אַזעלכע זאַכן ניט צו טראַכטן. דער גאָט, וואָס באַזאָרגט מיט שפּייז די מילב און די וויזל־טיר...

און ער זעצט זיך אַוועק שרייבן לינען אַ גרויסן בריוו. זייטל נאָך זייטל חכמעט ער זיך און וויצלט זיך, באַרימט זיך מיטן דזשאָב וואָס

ער האָט אָנגעהאַלטן אַ פולע וואָך־צייט אויף פּראָבע, און אויסגע־האַלטן; פּרילינג־צו, אויב בעסערס וועט זיך ניט מאַכן, וועט ער טאַקע ביי דער זעלביקער פירמע שוין פאַרבלייבן אַרבעטן ווי אַ מאָ־ליער... וועגן דעם דיספּאָזעס דערציילט ער גאָרניט. ער גיט בלויז אָנצוהערן אַז צוליב די קינדערס וועגן האָט ער באַשלאָסן אַז מען דאַרף וואָס גיכער זיך אַרויסקלייבן אין אַ בעסערער מאָדערנערער דירה. יאָ, ער האַלט טאַקע איצט אין זוכן אַזאַ מין דירה — אַן אַפּאַרטמענט מיט מער ליכט, ניט אַזוי הויך, מיט אַ היינטיקן „אויס־לייג" פון די צימערן, אַזוי אַז קיין צוג־ווינט זאָל שוין ביי זיי אייביק ניט בלאָזן. און בכלל...

אָבער דעם בריוו קאָן ער פאָרט ניט פאַרענדיקן. אים דוכט זיך, אַז לינע וועט דערפילן די ניט־עכטקייט פון זיינע טרייסט־ווערטער. ווירקלעך, וואָס פאַר אַ טרייסטער איז ער פאַר אַנדערע, ווען אַליין נויטיקט ער זיך אַזוי שטאַרק אין טרייסט? אפּנים, אַז נייפעלד איז פאָרט יענעם מאָל געווען גערעכט: קאַרלין איז בשום אופן ניט פון יענע „פיינע מעטאַלן", וועלכע זשאַווערן כמעט אינגאַנצן ניט... אויף זיין האַרץ האָט זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אָנגעקליבן גאָר היפּש זשאַווער. און די געפאַר איז גרויס, אַז אָט דער זשאַווער זאָל אים נאָך אינגאַנצן ניט אויפעסן.

און פונקט ווי ער וואָלט באַשלאָסן כאָטש אַ ביסל אָפּרייניקן אָט־דעם גיפטיקן זשאַווער פון זיך, איז ער אויפגעשטאַנען, אַרויס־דערלאַנגט פון אַ פּאָליצע אַ תנכ׳ל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אַ ניט־גענוצטס, אַ ניט־געעפנטס, שוין כמה יאָרן, ווי געוויינלעך אַזעלכע ביכער. ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים טיש, אָנגעהויבן עס מישן און בלעטערן, זיך צום סוף אָפּגעשטעלט אויפן תהלים און אויף די ערשטע אָנגעטראָפענע פסוקים, וואָס האָבן גערעדט איצט צו זיין געמיט:

ביז וואַנען, גאָט, וועסטו זיך פאַרבאָרגן נאָכאַנאַנד?
וועט ברענען ווי אַ פייער דיין גרימצאָרן?
געדענק, וואָס איז מיין גאַנצער געדויער...
הער דעם קול פון מיין געבעט, אַז איך שריי צו דיר,
וואָרים אַז דו וועסט שווייגן צו מיר,

וועל איך זיין געגליכן צו די גענידערטע אין גרוב...
זאָלסט מיך ניט אוועקציען מיט די רשעים,
וואָס ריידן שלום מיט זייערע חברים,
און מיט די טוער פון אומרעכט,
און בייז איז אין זייער הארצן...

ער האָט געמישט און געבלעטערט דאָס אַלטע ספרל אַהין־און־אַהער, אַהער־און־אַהין, און אומעטום האָט ער אָנגעטראָפן שטעלן און פסוקים, וואָס זיינען לכתחילה געשריבן געוואָרן פאַר אים, טאַקע בכיוון פאַר קאַרלין, „פאַר דעם גערדיקטן, ווען ער פאַרגייט זיך, ווען ער גיסט אויס פאַר גאָט זיין קלאָג...״ אַ ווייך־מאַכנדיקער בוימל האָט זיך לאַנגזאַם געגאָסן איבער זיין געמיט, האָט ביסלעכווייז, אויב ניט אינגאַנצן אַרונטערגעשווענקט דעם זיך־אָנגעקליבענעם זשאַווער, איז אים כאָטש ווייכער געמאַכט, ער זאָל ניט אַזוי בייסן און עסן זיין נשמה־און־האַרץ. אַי קאַרלין־קאַרלין... זעסט דאָך אַליין, אַז דיינע צרות זיינען גאָרניט אַזעלכע אומגעווייינטלעכע. זיי זיינען אַלט ווי די וועלט, ביסט ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער...

צו מיטן־נאַכט האָבן די קלויסטער־גלאָקן זיך נאָך בשורההדיקער פאַנאַנדערגעקלונגען. קאַרלין האָט סוף־כל־סוף פאַרענדיקט דעם בריוו לינען, זיך אויפגעהויבן פון טיש. ער האָט זיך אַ קרים געטאָן. יאָ, דער זשאַווער איז אים טאַקע אַ ביסל אַרונטערגעשווענקט געוואָרן פון דער נשמה. אָבער — ניט דאָס שלעכט־אויפגעקאָכטע חזיר־פלייש... עס האָט אים איצט געשפּאַרט צום האַרצן און שרעקלעך געאיבלט.

מיטאַמאָל פאַלט אים איין אַ גליקלעכער געדאַנק. ער האָט פונדאַסניי אָנגעוואַרעמט דעם טשייניק. אָנשטאָט טיי, האָט ער אין דעם הייסן גלאָז אָקראָפּ אַריינגעבראָקט עטלעכע שטיקלעך עפּל און זיי געלאָזט זיך ווייקן. און ער האָט געזען, אַז עס איז גוט.

## 29

ביי די קאַטליאַרס אויף מיטאָג — אין אַ שיינעם ווינטערדיקן זוניקן טאָג, וואָס האָט דערמאָנט אָן אָנהויב הערבסט — ווען קאַרלין האָט איבערגעגעבן די נייעס וועגן דעם „דיספּאָזעס״ האָט מען עס

אויפגענומען מיט אַזאַ פרייד, פונקט ווי ער וואָלט עס געווען אומ־
געכאַפּט דאָס גרויסע געווינס.

— וועט איר זיך טאַקע באַזעצן איצט דאָ ניט ווייט פון אונדז!

קאַרלין האָט אין פאַרלעגנהייט אָנגעהויבן שמייכלען, הילפלאָז
פאַנאַנדערגעפירט די הענט.

— צו טייער פאַר מיר... דאָ ביי אייך זיינען דאָך נייע הייזער,
עס קאָסט דאָך פערצן דאָלער אַ צימער. וואָס רעדט איר!

— טע־טע־טע... מאַכט זיך ניט פאַר אַזאַ קבצן! אַז מיר קע־
נען, וועט איר אויך קענען...

אין איר קורצן געבלימטן שירץ־קלייד, וואָס האָט שטייף אַרומ־
געפּאַסט איר פעסטן און גוט־געבויטן קערפּער, בולט אַרויסגע־
בראַכט אַלע ווייבלעכע קאָנטורן, האָט עטל איצט אויסגעקוקט אַ סך
יינגער, און אירע גרויע האָר — אַ דיסאָנאַנס. אויף אַ קלוגן אופן
האָט זי מיט אירע מונטערע ווערטער געפּרוּווט אַרויסהויבן קאַר־
לינען פון זיין געפאַלנקייט־שטימונג, אויפהויבן זיין געמיט.

— וועט איר נעמען אַ דירה פון בלויז צוויי צימערן! די אי־
בעריקע שמאַטעס אייערע וועט איר אָדער אַרויסוואַרפן אָדער אַריינ־
שטעלן אין קעלער ביז בעסערע צייטן.

— אָבער עטל, איר מאַכט חוזק פון מיר! די פראַגע איז —
ווי הויבט מען אָן?

— זע נאָר דאָס צדיקל... מען מאַכט חוזק פון אים! טע־טע־טע...
לאָזט מיר נאָר גאָרניט איבער אויפן טעלער, עסט אויף דעם צווייטן
„טשאָפּ” אויך! כ'על סיי־ווי דאַרפן אַרויסוואַרפן... נישקשה, איר'ט
נאָך אַמאָל זיין רייכער פון מיר, ווי וואָר איך לעב! פון אונדז אַלע־
מען... ס'איז אַ סעיוו אינוועסטמענט...

— אָבער דערווייל — האָט קאַרלין פאַרשעמט ניט געוואָלט
מסכים זיין, כאָטש ער וואָלט פונדעסטוועגן אַ בעלן געווען צו קאָנען
דיסקאָנטירן אין דער קעגנוואַרט כאָטש דעם קלענסטן טייל פון זיינע
צוקונפטיקע גליקן.

— אָ, גייט שוין אַוועק... הערט אויף כניקען... וואָס דערווייל?
דער ערשטער חודש דירה־געלט איז שוין גלייך ווי ביי אייך אין קע־
שענע... הערט אויף זאָרגן וועגן דעם...

— ניין, דאָס קאָן איך ניט, — האָט קארלין דערקלערט מיט קאַטעגאָרישקייט, ווייל ער האָט פארשטאַנען פונוואַנען דאָס געלט וועט קומען. — איך קום שוין אייך אַזוי אויך געננוג.

— פּראַ־אָדם איינער! — האָט זיך עטל ווי אויף דער אמתן צעשריגן אויף אים. — ער קען עס ניט!... איך טו עס דען צוליב אייך? איך טו עס צוליב זיך אַליין! פּשוט. אויב איכ'ל אייך איצט אָפּלאָזן, קאָנט איר נאָך פארשווינדן און מיר אינגאַנצן אָנזעצן, מען האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן!... מוז איך אייך האַלטן ניט ווייט פון זיך, האַלטן אָן אויג אויף אייך. אַ ברירה האָב איך?

נאָכן עסן זיינען זיי אַרוים פון קיך אין דער היפּשער ליכטיקער סאַ־ליע, פון וואַנען עס איז געווען אָן אויסזיכט דורך די פענצטער אויף דער גאַנצער אָפענער געגנט אַרום. עטל האָט אַריינגעבראַכט טע־פּעלעך קאַווע. ליוסיל האָט זיך גערימן אין דרויסן, וואו זי האָט שוין באַוויזן צו מאַכן פריינט צווישן די קליינע קינדער אין הויף. צום טאָטן, וועלכן זי האָט ניט געזען העכער ווי אַ וואָך צייט, האָט זי זיך ווי באַצויגן ווי אַ ביסל קאַלטלעך. און ס'האָט אויסגעזען ווי די מאַמע און דוד האָבן איר אויך ניט צו־שטאַרק אויסגעפעלט, האָט קינדעריש אָן זיי אינגאַנצן פארגעסן.

אין דער סאַליע, אויף דער ווייכער קאַנאַפּע, האָט עטל פון איין זייט, און משה פון דער צווייטער, קארלינען אַרומגערינגלט מיט וואַרעמקייט און זיכערקייט, אָנגעהויבן אים צורײדן ער זאָל זיך אומ־באַדינגט אַריינקלייבן כאָטש אינם זעלבן בלאָק, וואָס זיי. דאָ אין הויז איז איצט גראָד קיין ליידיקע וואוינונג ניטאָ. עטל האָט עס שוין געהאַט נאָכגעקוקט.

— אָבער ווי אַזוי? — האָט זיך קארלין געבעטן רחמים. — גזלנים, פאַרט ווי אַזוי? נעמען אויף זיך צאָלן העכערע דירה־געלט, בעת איך ווייס אַפילו ניט פונוואַנען מיר וועלן איצט בכלל לעבן?

— „פון וואַנען מיר וועלן לעבן?” — האָט משה גזלניש אויס־געלופּעט אויף אים זיינע אויגאַנעס, ווי נאָר אויף איינצושלינגען אים. — אָט אַ זשלאָב!... מען רעדט צו אים, ווי אַ מענטש, און ער

האָט זיך רק זיינס אין זינען! קיין גרויסע אויסבּרענגער זיינט איר ניט, קיין „פּאָיזן לעם קאָוטס״*) טראָגט דאָך ניט דיין לינע...

— משה, דו שטער נאָר ניט! גיי, נעם דיין מאַנדאָלין, קיצל איר אין העלדזועלע... — און עטל האָט זיך מוטערלעך אַ קער געטאָן צו קאַרלינען, אים ווארעם אָנגענומען פאַר אַ האַנט, ווי אַ קליין קינד. — אַזוי די מעשה. צום אַלעם ערשטן, וועט איר טאַקע מוזן מוחל זיין און אַרויפגיין אויף רעליעף... מיט אייער דיספּאָזעס זיינט איר ערשט דער גרויסער יחסן!

קאַרלין איז געוואָרן רויט, ווי מ'וואָלט אים געוועזן געכאַפּט ביי אַ גנבה. ער האָט שוין בשום אופן מער ניט געקאָנט אָפּרייסן די בליקן פון די שפּיץ־נעזער פון זיינע שיך, וועלכע זיינען ערטערווייז געווען איינגעבויגן.

— נישקשה, ס'איז זיך ניטאָ וואָס צו שעמען! — האָט עטל ווידער אויפגעהויבן איר קול. — די „גאָוונמענט״ קומט עס אייך, אַ בראָך איז צו איר! וואָס'אי, איר ווילט דען סיידן ניט אַרבעטן? איר'ט שוין פּלענטי גענוג געזוכט — און וועט ווידער זוכן! און לינע וועט דערוויילע אַוועקגיין אָנהויבן לערנען אַ פאַך... כ'האָב איר אַ פּאָר מאָל געהערט זאָגן, אַז זי גלייכט זייער „ביוטי־קאָלטשור״.

— אָבער דאָס פּיצל קינד, — האָט זיך קאַרלין געבעטן. — ליוסעלע... ווי אַזוי וועט לינע קאָנען אַוועקגיין זיך לערנען?

— יאָלד איינער, אַט דאָס טענה איך דאָך איין מיט אייך די גאַנצע צייט! דאַרפט איר טאַקע דערפאַר זיך אַריבערקלייבן אַהער, וועל איך דורכן טאָג האַלטן דאָס קינד ביי זיך... שאַ, שרעקט זיך ניט — שמועסט זיך ניט איין, אַז איכ'ל זי אַריינגעמען צו זיך אויף שטענדיק. כ'וואָלט עס ניט געטאָן, ווען אפילו איך וואָלט עס גע־קאָנט, איך בין גאָרניט אַזאַ צדיקת... הייינט בפרט, אַז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום גיי איך אַליין אַוועק אַרבעטן אין שאַפּ. אָבער איין בלאָק פונדאַנען געפינט זיך אַ דעי־נוירסערי, ס'קאָסט בסך־הכל 15 סענט אַ טאָג. מ'האַלט דאָרט די קינדער ביז זעקס־זיבן אַ זייגער, אויב די מוטערס גייען אַוועק אַרבעטן.

*) קאַראַקולנע מאַנטלען.

און פּונקט, ווי אַ לייבלעכע שוועסטער, האָט די פרוי מיטן ברייט־שטריכיקן פּראָסטן פּנים און גראָב־שרייענדיקן קול, אָנגעצייכנט פאַר קאַרלינען דעם פּלאַן פון זיין צוקונפטיקן לעבן, שיר ניט ביזן קלענסטן דעטאַל. אַלץ האָט זיך דאָך סוף־כל־סוף אויסגעגלייכט ביי אים צו גוטן!... אַז דער „דיספּאָזעס" איז געווען צום גוטן — זעט ער שוין פּונקט אַזוי איז אויך געווען צום גוטן דאָס, וואָס לינע געפינט זיך גראָד איצט אין אַ „האָום".

— די אָרעמע וועט זיך דאָרט דערוויייל געשמאַק אויסרוען, זיך אונטערפּאַשען — וועט זי האָבן גענוג כוח זיך נעמען דערנאָך צו עפּעס אַן אַרבעט, מענטש איינער!

— אָבער לינע שרייבט דאָך מיר איך זאָל זי זען וואָס גיכער ברענגען אַהיים, זי קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן די גראָבקייט דאָרטן, די ווייבער מיט זייערע ניבול־פּה — האָט קאַרלין הילפלאָז געשמייכלט.

— זי ווייס נאָך אַפילו ניט, אַז מיר האָבן שוין באַלד ניט אונדזער וואוינונג.

— פידל־פּע! לאָקשן־הרע! — האָט עטל איבערגעקרימט. — הערט־זשע, לאַנדסמאַן! פאַרגעסט שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל וואָס איז געווען אַמאָל! מיר לעבן איצט אין אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט פון רעליעף און דאָבליו־פּי־איי! היינט איז ניט קיין צייט פאַר איידל־געפּאַטשקעטע לייט... שאַרפּ, רעדט מיר ניט אַנטקעגן! ס'איז אָפּגעמאַכט, אַזוי וועט עס זיין...

30

מיט אַ טאָג צוויי פאַר ניי־יאָר האָט שמעוני אָנגעקלונגען קאַר־לינען אויפן טעלעפאָן פון דער שכנה, דער אינשורנס־אַגענטקע פונם גראַנד־פּלאַר. איז קאַרלין פריי ניי־יאָר? אויב יאָ, לאַדט ער אים איין טאַקע צו באַגעגענען דעם נייעם יאָר צוזאַמען ביי אַן אויסער־געוויינלעך־אינטערעסאַנטער הולאַנקע פון דער אַמעריקאַנער באָהעמיע, — דער עכטער באָהעמיע, האָט ער אַקצענטירט, ניט דער סעקאָנד־עוועניודיקער!... שמעונים אַנטוישונג מיט דעם יידישן קולטור־לעבן איז די לעצטע חדשים אַלץ געוואַקסן. אָבער אין דעם האָט אפשר געהאַט ניט קיין קליינעם חלק זיין פאַנאַנדערגיין־זיך מיט דאָרען.

קאַרלין האָט מיט פרייד אָנגענומען די איינלאַדונג. אמת, לעצטנס האָט זיך אים ווייניק געגלוסט צו זען באַקאַנטע. אָבער אין אַזאַ נאַכט בלייבן איינער אַליין אין שטוב, אָן דער משפחה — ער וואָלט דאָך פון זינען אַרונטער! חוץ דעם, ביי אַ „פּאַדי״ פון דער אַמעריקאַנער באַהעמיע וועט ער סיי־ווי קיין באַקאַנטע ניט טרעפן. נייע פּנימער, אַ נייע סביבה, האַרמאָנירן ערשט טאַקע מיטן אָנהויב פון אַ ניי יאָר און מיט נייע דערוואַרטונגען... יאָ באַשטימט, ער גייט.

ערב ניי־יאָר האָט ער זיך געלאָזט קאָסטן אַ קוואָדער, האָט אויס־געספּאָנדזשט און אויסגעפּרעסט זיין בעסטן געטראָגענעם אָנצוג. ער האָט געבעטן מרס גאַרניצקין זי זאָל אים „איבערקערן״ דעם ווייכן, שוין צעטעפּעטן קאָלנער פון אַן אַלטער אויבער־העמד — אויף דער צווייטער זייט. אַן אָפּטע אָפּעראַציע וואָס לינע, דאָס ווייב זיינס, אַליין פלעגט געוויינלעך מאַכן אויף די אַלטע העמדער קאַרלינס, אויף די אָפּגעריבענע קעלנער און אַרבל. מרס. גאַרניצקי האָט ניט נאָר גע־טאָן די אַרבעט פאַר אים, נאָר קאַרלינען אויך אָנגעוואונטשן אַ גוט גליקלעך ניי־יאָר. זי איז געווען דאַנקבאַר, וואָס קאַרלינס עצה האָט טאַקע געהאָלפן, מ׳האָט דעם מאַן אירן טאַקע ענדלעך אַרויפ־גענומען אויף רעליעף.

שפּעט אין אָוונט, ווען קאַרלין איז שוין געווען אינגאַנצן פאַר־טיק, אַן אויסגעוואַשענער, אַן אַרומגעראַזירטער, איז ווידער אַנטשטאַ־נען ביי אים אַ האַרבע פּראָבלעם. די שנירלעך פון די שיך זיינען שוין געווען אַזוי אויסגעטראָגן, אַז אינמיטן פאַרשנורעווען האָט זיך איינער פון זיי פּונקט אינמיטן איבערגעריסן... מאַכן אַ קנופּ, ווי געוויינלעך? ס׳איז אָבער אַ צו אָנזעעוודיקער אָרט, היינט נאָך ביי אַ ניי־יאָר פּאַרטי צווישן ווילד־פרעמדע מענטשן! אָבער מילא, ס׳איז דאָך שוין שפּעט, וואוהין וועט ער עס איצט לויפן קויפן נייע שניר־לעך? נאָכאַמאָל אָנקלאַפּן צו די גאַרניצקיס — האָט ער זיך גע־שעמט.

אַ פאַרצווייפלטער, האָט ער אָנגעהויבן נישטערן אין די אַלטע שופליאָדן פון די דרויסנדיקע אָנגעקלאַפּטע הילצערנע שאַפּעס, וואָס פלעגן זיך עפענען מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג. ער האָט קוים באַוויזן צו עפענען איינעם אַזאַ מין שופליאָד, געפונען דאָרט אַ פּאָר

אַלטע איינגעדאַרטע געלע טופּליעס פון איינציקע זומערן צוריק, וועל־כע מ׳האָט שוין לאַנג ניט געטראָגן, אָבער מ׳האָט אַפּנים דאָך גע־זשאַלעוועט אַרויסצוואַרפן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט די שנירלעך. זיי זיינען געווען קורצע, האָבן מער ניט דערגרייכט ווי ביז צו די אויבערשטע צוויי לעכלעך פון די גאַצע ווינטער־שיך, שוין מיט איין פּאָר דורכגעלאָזטע לעכלעך... און קאַרלין האָט זיך דעריבער פאַרשריבן גוט אין זכרון, ער זאָל זען אויף דער „פּאַדי" ניט אויפ־צוהויבן די הויזן צו הויך, איבער די קני, ספּאָרט־מעסיק, כדי אויפ־צוהאַלטן דעם קנייטש. קיינער זאָל נאָך חלילה ניט באַמערקן די ניט־פאַרשנורעוועטע אויבערשטע לעכלעך פון זיינע שיך...

31

— העפּפּי ניו־יִיר!

מיט שמעונין האָט ער זיך געטראָפן ביי אַ סאָבוועי, ערגעץ אינם נידעריקערן בראָדוועי. זיי זיינען אַרויסגעשטיגן די ערשטע סטאַנציע אין ברוקלין, און זיך געלאָזט גיין באַרג־אַראָפּ, צום וואַסער־צו.

זיי זיינען געגאַנגען איבער די פּוסטע ברעג־גאַסן, ניט ווייט פון די דרעמלענדיקע פּיערס, פאַרהאַקטע סקלאַדן, ריזיקע געשלאָסענע סקליעפּן. אויפן גראַנאַטענעם הימל איז איצט אַריינגעשטעקט געוואָרן אַ היפּשע שטיק לבנה. אויף די ריזיקע הענג־בריקן איבערן איסט־ריווער — ברוקלין־בריק, מאַנהעטן־בריק און וויליאַמסבורג־בריק — אויף די אַרומשמייענדיקע אָדער לאַנגזאַם שווימענדיקע שיפן, בער־לינקעס, בוקסיר־שיפלעך, — האָט געבלאָנדזשעט פייער, זיינען אַרומ־געשוואומען שטערן אין דער לופט און אין וואַסער. אין דער האַלב־נאַכטיקער שטילקייט איז אַלץ געשטאַנען איצט פאַרגליווערט. ניו־יאָרק איז געוואָרן איצט אינגאַנצן אַן אַנדער שטאָט, אַ חלום־שטאָט, פּילפּאַך שענער ווי דער פאַנטאַסטישער באַגדאַד... אָבער וואוהין פירט עם אים איצט שמעוני?

אויף דער געפּלאָנטערטער ברעג־גאַס פאַר זיי — קיין איינציקער מענטש, קיין דורכגייער, קיין דורכפאָרער. לינקס — דער איסט־

ריוועד מיט די טויזנטער מיניענדיקע פייערן און פלעמלעך אין זיינע שווערע וואַסערן. רעכטס — אַ הויכע געמויערטע וואַנט פון ריזיקע בלאָקן־שטיינער, וואָס ציט זיך אַוועק ווייט פאָראויס פאַזע דער גאַנ־צער לענג פון דעם „ריווערסאַיד״, ווי פאַרגרונטפעסטיקנדיק דעם הויכן באַרגיקן ברעג פון ברוקלין, ער זאָל זיך ניט אַרונטערברעקלען אין וואַסער אַריין. זיי האָבן זיך געפונען אין דער געגנט פון די „ברוקלין־האַיטס״. אין דער געמויערטער הויכער פעלזן־וואַנט וואַרפן זיך פון צייט צו צייט דורך פאַרהאַקטע איינגעמויערטע אייזן־טירן, וואָס האָבן אָדער געפירט אין אַזעלכע אונטערערדישע סקליעפּן און מאַגאַזינען, אָדער צו די אָרטיקע וואַסערלייטונג־סיסטעמען. איינ־דערהויך איבער זייערע קעפּ, האָבן זיך געהויבן די פּרעכטיקע אַפּאַרט־מענט־הייזער און האָטעלן פון אָט־דער עקסקלוסיווער רעזידענץ־געגנט. אָבער דאָ ביים ברעג — ביינאַכטיק־ווינטיקע פוסטקייט פון וועלכער ס׳כאַפּט אַזש אָן אַ פּחד... מיט שרעק און נייגעריקייט איינציי־טיק איז קאַרלין נאָכגעגאַנגען שמעונין.

ענדלעך האָבן זיי זיך פאַרקערעוועט אויף טרעפּלעך רעכטס פונם טראָטואַר, די דאָזיקע טרעפּלעך האָבן טאַקע געפירט צו איינער פון די געקאָוועטע אייזן־טירן אין דער הויכער פעלזן־וואַנט. שמעוני האָט זיך דאָרט אַ גראַבל געטאָן ביי דער וואַנט, ווייזט אויס אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּל.

דורך דער הויכער און ברייטער טיר האָט אַפילו קיין מינדסטער שיין זיך ניט געזען. פונם ניט־ווייטן ניו־יאָרקער אויסגוס פונם „באָטערמילק טשענעל״, *) האָט אַ שטאַרקער ווינט געריסן זייערע מאַנטלען. ס׳האָט גענומען אַ פיינע פּאָר מינוט ביז ס׳האָבן פון אינע־ווייניק זיך דערהערט טריט.

מ׳האָט אַפילו ניט געפרעגט ווער עס קלינגט. די טיר האָט זיך שווייגנדיק געעפנט. ערשט דאַן האָט שמעוני אָנגערופן זיין אייגע־נעם נאָמען, פאָרגעשטעלט קאַרלינען. דער מאַן, וואָס האָט זיי גע־עפנט די טיר האָט געהאַלטן אַ ליכט אין האַנט. זיין גוף איז געווען

---

*) ווערט אַזוי אָנגערופן, ווייל דאָס וואַסער איז דאָרט געוויינטלעך אַזוי אויפגעבוימעט ווי מאַסלינקע.

פאַרשלונגען פון דער אינעווייניקסטער פינצטערניש. בלויז זיין פּנים, באַרויטלט פון דעם ליכט, האָט זיך געזען. באַגריסנדיק זיי פריינט־לעך, האָט יענער זיך געלאָזט גיין פאַראויס מיט א „פּאַללאָו מי!" זיי האָבן פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר, צו דעם טויער, און זיינען אים נאָכגעגאַנגען.

ס'האָט גלייך א זעץ געטאָן אין נאָז אַריין א ריח פון אונטער־ערדישער פייכטקייט און טונקלעקייט. קאַרלין האָט געהאַט דאָס גע־פיל, אַז ס'איז א ריזיקער קעלער, וואו די ווענט, די סטעליע מוזן זיין זייער הויך. די סטעליע — אומבאַדינגט א געוועלבטע, פון די ווענט מוזן רינען שנירלעך וואַסער... א שטשור איז פאַרבייגעלאָפן מיט א קוויטש. „וואַטש יור סטעפּ", האָט דער מאַן מיטן ליכט אין האַנט געקאָמאַנדעוועט. איצט האָבן זיי זיך אויפגעהויבן אויף גאָר שמאָלע טרעפּלעך. מען האָט זיך אָלע ווײַלע געריבן אָן די פייכטלעכע ווענט. אין א נישע אין וואַנט האָט געברענט א ליכט אַריינגעשטעלט אין א מילך־פלאַש. „איינבויגן דעם קאָפּ", האָט דער מאַן מיטן ליכט אין האַנט געקאָמאַנדעוועט, ניט אַזוי צוליב שמעונין, וועלכער איז שוין דאָ קאָנטיק פריער געווען, ווי צוליב קאַרלינען. זיי זיינען אַריבער א שמאָלער פּלאַטפאָרמע. דאָרט האָט ווידער געברענט א ליכט אין אַן ערדענעם לייכטערל. דערנאָך איז געווען א דריט ליכט אין א לאַמ־טערן, וואָס איז געהאַנגען אין א לאַוואַטאָריע. אין דער צעעפנטער טיר איז געשטאַנען איינגעבויגן א הויכע האַלב־שיכורע פרוי און האָט געבראָכן. „אַזוי פרי, דזשין? די נאַכט איז נאָך גרויס!" האָט דער מאַן לייכט א קיבעץ געטאָן. „גיי צום טייוול!" האָט די יונגע פרוי אָפּגעענטפערט ניט־איבעריק גראַציעז.

מען האָט באַלד דערהערט קולות, וועלכע האָבן זיך פון ערגעץ־וואו געטראָגן, דאָ ניט ווייט. מען האָט אָבער ניט געזען פון וואַנען. דער מאַן פאַראויס האָט געעפנט א טיר. מען איז אַריין אין א האַלב־באַלויכטענער הייל.

אויך דאָ האָט ניט געברענט קיין עלעקטריע, נאָר ליכט. א היפּ־שע צאָל ליכט אין פאַרשידענע ווינקלעך. ס'האָט קאַרלינען גענומען לאַנג ביז ער האָט זיך צוגעוואוינט צו אָט דער דעמער־טונקלהייט. צוערשט האָט ער באַמערקט בלויז קעפּ און שולטערן, אָדער בלויז

פיס און קני — ס׳וועגדט זיך ווי און וואו דאָס ליכט האָט גע־שטעקט — קעפּ, שולטערן, פּיס, קני, אָבער ניט קיין גאַנצע גופים... פון דעם האָט זיך די אומהיימלעכקייט נאָך מער פאַרשאַרפט. דאָס דאָזיקע אונטערערדישע געזעמל האָט זיך עפּעס ווי ניט געלייגט אויפן שכל, געווען ניט ממשותדיק.

אָבער די מענטשלעכע שטימען, וואָס האָבן זיך פון אָט דעם געזעמל געטראָגן, זיינען דערפאַר געווען זייער קלאָר און ממשותדיק, האָבן געקלונגען בגילופנדיק און קריגעריש.

— איר מיט אייער אייביקער קריטיק — באַ... איר מיינט אוודאי: דאָס לעבן־און־טויט פונם שעפערישן מענטשן, פונם אמתן קרעאַטאָר, ליגט אויסשליסלעך אין אייערע הענט! — האָט אַ קול פון אַן אומגעזעענעם מענטשן ביטער־סאַרקאַסטיש געטענהט. — אין איר בעסטער געשטאַלט שוין איז קריטיק מער ניט, ווי אַ נידעריקערע פאָרם פון ליטעראַטור! און אין איר ערגסטער, — דאָס הייסט, אין איר דורכשניטלעכער געשטאַלט; אין דער געשטאַלט וואָס איר, גענגעט, שרייבט זי — איז קריטיק בלויז אַ העכערע, ראַפינירטערע פאָרם פון שאַנטאַזש, פון מאַכט־זוכעריי און מאַכט־אָנהאַלטעריי... איינער פון אירע טרייב־מאָטיוון — דאָס איז דעם פּרוכטלאָזן שרייבערס דראַנג אָנצוהאַלטן מאַכט איבער די אייגנטלעכע עכטע שעפער... דער דאָרן, וואָס וויל קעניגן איבער די בוימער, וואָס זיינען אַליין פאַרנו־מען מיט ברענגען פּרוכט — און האָבן דעריבער ניט קיין צייט און ניט קיין חשק צו קעניגן...

קאַרלין האָט געבלאַנדזשעט מיט די אויגן, געזוכט שמעונין. נאָר יענער איז אים אַנטרונען אונטער די הענט. אויף קאַרלינען האָט זיך קיינער אַפילו ניט אומגעקוקט. די אומגעזעענע שטים האָט ווייטער געדונערט:

— נאַטירלעך, גענגעט, דאָס גייט ניט אויף אייך פּערזענלעך... דאָס מיינט בלויז אייך, ווי אַ פּראַקטיקאַנט פון אָט יענער אומגליק־לעכער ליטעראַטור־פאָרם, וואָס האָט זיך אַליין אַזוי אוזורפּאַטאָריש צוגעאייגנט דעם הויכמוטיק־קלינגעדיקן נאָמען: „קריטיק״... פון זיך אַליין מיינט שוין, אָט דאָס ווערטעלע, נאַטירלעך, אַז — אומ־פּאַרטייאישע קריטיק... מבינות־זאָגעריי פון אַן אייביקן, שיר ניט

איבער־פּערזענלעכן כאַראַקטער, וואָס האָט צו טאָן דירעקט מיטן סאַמע אור־קוואַל פון אַלע קונסטן... ווי געפעלט עס אייך? אָט יענער אור־קוואַל זאָל זיך עס האָבן אויף עפּעס אַזאַ הייליק־מיסטעריעזן אופן געעפנט גראַד ניט פאַרן שעפערישן קינסטלער אַליין, נאָר דווקא פאַר די עקר'דיקע קריטיקאַנטן, כאַ־כאַ־כאַ...

קאַרלינס אויגן האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוגעוואוינען צום האַלב־ליכט, האַלב־פינצטערניש. כאָטש ניט — צום זשומענדיקן טומל אַרום. ער האָט אַרונטערגענומען דעם מאַנטל, געזוכט אַן אָרט וואו צו זעצן זיך. נאָר קיין פרייער בענקל האָט זיך ניט געזען. אַ וואַרעמע האַנט האָט אים אַ שלעפּ געטאָן צו זיך, און ער האָט זיך באַלד דערזען זיצנדיק אויף אַ זייער־נידעריקן ברייטן בעט, אַ מין אָריענטאַלישן דיוואַן.

— אָט איז אַ פּלאַץ פאַר אייך, — האָט אים אַ ווייכע פרויען־שטים פריינטלעך דערמונטערט. — און אָט האָט איר אַ גלאָז וויסקי און סאָדאַ־וואַסער פאַר אַ „טשעיסער"... מיך רופט מען דאָראָטי... וואָס איז אייער נאָמען?

קאַרלין האָט אַ זופּ־געטאָן די סאָדאַ־וואַסער נאָך איידער ער האָט גענומען די וויסקי אין מויל אַריין. ער איז געווען צעטומלט. נישט געקוקט אויף איר זיצנדיקער פּאָזע, איז גלייך געווען צו זען אַז דאָס איז אַ הויך שלאַנק מיידל. איר פּנים איז געווען יונג, און עס איז געווען באַדעקט מיט אַ סך פּרישטשעס. זי האָט געטראָגן ברילן. זי איז, דוכט זיך, געווען דאָ די יינגסטע פון אַלעמען. ווייל ביסלעכווייז האָט זיך דער קעלער אָדער הייל, פאַר קאַרלינען אָנגעהויבן ווי אַרויסוויקלען פון אַ נעפּל.

ער איז געזעסן ניט ווייט פון אַ דיקן קיילעכדיקן זייל, וואָס האָט אונטערגעשפּאַרט דעם געוועלבטן סופיט. דער סופיט, ווי אַ גרויסע איבערגעקערטע שיסל, האָט זיך אַרונטערגעלאָזן סאַמע צום דיל. אין אַ העסע־לייכטער אויפן זייל זיינען געווען אַריינגעשטעקט אייניקע זיך־שמעלצנדיקע ליכט. אויך אויף אַ „מענטל־פּיעס" ניט ווייט איז געשטאַנען אַ בראָנדזענע קאַנדעליאַברע מיט אַ סך ליכט, וואָס זיינען נאָך דערצו רעפלעקטירט געוואָרן אינם שפּיגל הינטערגרונט. די

פנימער ארום זיינען דעריבער ביסלעכווייז געוואָרן קלאָרער, בולטער, און — אַ סך מער אין צאָל.

דאָ איז, קענטיק, געווען דער צענטער פון דער הייל. ס'איז גע־שטאַנען אַ טיש מיט פלעשער משקה, אַ גרויסע גלעזערנע שיסל גראַ־נאַט־קאַלירטן פונש, וואו ס'זיינען ארומגעשוואומען געל־פלאַמענדי־קע פּנעצלעך לימענע. טעלער מיט סענדוויטשן, און קליינע קאַנאַפּ־קעס, קרעקערס און ביסקוויטן.

קארלין האָט איינגעגעסן זיינע בליקן אינם נאָך גאָר יונגן מענטשן, וואָס איז אַזוי פאַרביטערט ארויסגעטראָטן קעגן דער קרי־טיק. די „קריטיק" אַליין האָט נאָך קארלין דערווייל ניט געזען. דער דאָזיקער שאַרפער „טענה'יסט" איז געווען אָנגעשפּאַרט אָן דעם זעלביקן קיילעכדיקן זייל, וואָס קארלין איז געזעסן ניט ווייט פון אים.

— ס'איז דזשעראַלד וועסט... — האָט דאָס יונגע מיידל מיטן נאָמען דאָראָטי גרייטוויליק אינפאָרמירט. — און אָט יענער־אָ איז גענגעט... גיט זיך אַ בויג הינטער מיין רוקן, וועט איר אים זען! ער זיצט אין אַ שטול. דער באַוואוסטער קריטיקער פונם וואָכנבלאַט „רוי־טער אויפגאַנג"... ער פאָרט אָפּט אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד, און איז אַ גרויסע אויטאָריטעט איבער דער סאָוועטישער ליטעראַטור. ניט געהערט?

— אַזוי? — האָט זיך קארלין אָפּגערופן מיט דער געהעריקער ערפורכט, כאָטש ער האָט ווירקלעך פוןביידן פריער ניט געהערט. — ער רעדט זייער... זייער האַרציק... כאָטש אַ ביסעלע צו־ביטער. ניין?

דזשעראַלד וועסט — אַ הויכער און סוטולעוואַטער יונגערמאַן פון אַ יאָר אַכט־און־צוואַנציק — האָט אין קארלינען ארויסגערופן דעם פאַרגלייך פון אַן איבערגעבערענטער זאַנג. די הויט פון זיין נאָך יונגן געזיכט איז געווען געל, קרענקלעך, ווי ער וואָלט געווען אויס־געוואָקסן דאָ אין קעלער. כאָטש אפשר איז עס געווען דער עפעקט פון דער היגער באַלויכטונג. אונטער זיינע גלאַנציקע, ווי מאָרפיניס־טישע אויגן, האָבן זיך געזען היפּשע טאָרבעלעך.

גענגעט, פאַרקערט, איז געווען אַ נידעריק פעסט־געבויט מענטשל פון אַ יאָר 35. די דאָזיקע „קריטיק" האָט געהאַט אַ פול פרישטשע־

וואַטע פּנים, אַ בולדאָגישע מאָרדע, דיקע ליפּן, אַ דין שמייכעלע. הינטער אַ פּאָר דיקע ברילן — פאַרשמעלערטע אויגן־שאַרפן, און אין מויל — אַ שווייגנדיקע פּיפּקע. וועסטן אויף זיינע עלאָקווענטע און ביטערע טענות האָט ער גאָרניט געענטפערט. מער ניט, זיינע קורצזיכטיקע אויגן האָבן זיך ביטרע געזשמורעט הינטער די ברילן־גלעזער, האָבן זיך איינגעגעסן אין דעם צעפּלאַמטן פּאָעט, און ער האָט ווי שטיל נאָכאַנאַנד געלאַכט אין זיך.

— דזשעראַלד וועסט איז איינגנטלעך בלויז אַ פּסעוודאָנים... ווייל ער שטאַמט פון דער ווייטער וועסט, ערגעץ פון אָרעגאָן... — האָט דאָראָטי ווייטער אָנגעפּאַרטרויט קאַרלינען. — כאָטש געננעט איז אויך אַ פּסעוודאָנים. („אַגב, ער איז גאָר אַ ייד... איר זיינט אויך אַ ייד, זאָגט איר? ס׳מאַכט ניט, איך בין אַליין אַ יידישקע, כאָטש מ׳קען עס אָן מיר ניט דערקאָנען“...) דאָס אַלץ איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פונם מיידל אי אין אַ טאָן פון נאָנשאַלאַנס, אי אין אַ טאָן פון אַ היימישער קאָנספּיראַציע. איר ווייסט, דזשעראַלד איז עס אויף געננעטן אין כעס הלמאי יענער האָט אַרונטערגעריסן זיין, דזשעראַלדס, ערשטן לידער־בוך... נאַטירלעך, געננעט האָט עס געטאָן ניט מחמת פאָרמאַליסטיש־ליטעראַרישע מאָטיוון, נאָר מחמת אידעאָ־לאָגישע... ווייל מיר האַלטן גראָד אַלע פון דזשעראַלדן, ער האָט זייער אַן אייגנאַרטיקן טאַלאַנט. אָבער ער דאַרף צוערשט אויסלעבן אין זיך זיין קליינבירגערלעכע דערציאונג און פאַרגאַנגנהייט... אַ סימן — אָט זעט, ווי ער קאָן עס אָט יענע רעצענזיע בשום אופן ניט פאַרגעסן!

— און וועמעס... פּלאַץ איז עס? — האָט קאַרלין געפרעגט פאַרזיכטיק, ווי ער האָט געטראָפן אויף גלאָז.

— צי דען ווייסט איר ניט? — האָט דאָס מיידל געשטוינט.

— דאָס איז דאָך קאַנינגהעמס סטודיאָ און רעדאַקציע! דאָס רוב פון אָט דער חברה דרוקן זיך אין זיין זשורנאַלעכל. ער איז גראָד אַן אומפּאַרטייאישער, אָבער אַ „רעגולער פעללאָו“... יעדער איינער איז ווילקאָמען זיך אַריינצוכאַפּן צו אים צו יעדער צייט, איבערנעכ־טיקן, כאַפּן אַ טרונק — עני טהינג, אַבי ניט קיין קאַווע, ווייל ער האָט דאָ ניט קיין גאַז און ניט קיין עלעקטריע... און וואָס זיינט איר, חבר, אַ דיכטער צי אַ מאָלער?

— איך? גאָרניט. דאָס הייסט, דערווייל טו איך נאָך גאָר־ניט... — האָט קאַרלין זיך ווי אַנטשולדיקט פאַרוואָס ער איז געקו־מען אַהער אויף פאַלשע פּרעטענזיעס — איך האָב זיך נאָך אייגנט־לעך ניט איינגאַנצן געפונען...

— איך בין נאָך אויך דערווייל גאָרניט, — האָט דאָראָטי אים באַרואיקט, און היימיש אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין קני. — אָ, ברודער קאַרלין, איר האָט דאָך נאָך כמעט ווי ניט אָנגערירט אייער גלאָז... קאָמאָן, היער גאָוז...

זי האָט פאַרוואָרפן דעם יינגליש־געשווירענעם בלאָנדן קאָפּ, אויסגעטרונקען מיט איין שאָס אַ האַלבע גלאָז פּונש. דער פּונש איז געווען געמאַכט פון דזשין, געמישט מיט „פּעיל־דראַי", מיט נאָך עפּעס אַ באַפאַרבונג. פונם ריח אַליין איז שוין קאַרלין שיר ניט שיכור געוואָרן. זע נאָר, ווי גרינג דאָראָטי מאַכט עס... אויפן אויסזען האָט מען איר מער ווי אַ יאָר צוואַנציק ניט געקענט געבן. זי האָט געטראָגן אַ טייער קליידל פון גרויען זיידנס, אַ קאַפּטל פון שוואַרצן פּליוש, די לאַנגע פינגער האָבן זיך פאַרענדיקט אין קונציק פאַרשפּיצטע נעגל. אַ באַלעבאַטיש טעכטערל, וועלכע וויל אַ ביסל באַהעמעווען?

זי איז דאָ, קאַנטיק, געווען אַן אָפּטע אַריינגייערין, האָט געוואוסט יעדן איינעם דאָ, און האָט וועגן יעדן איינעם געהאַט וואָס מיטצו־טיילן דעם נייגעריקן קאַרלינען. דער לעצטער האָט זיך שוין איינגאַנצן צוגעוואוינט איצט צום דעמער־ליכט, וואָס האָט דאָ געהערשט. אויף די סטודיאָ־בעטן, אויף קישעלעך גלייך אויפן פּאָל — דער שטיינער־נער פּאָל איז דאָ געווען דורכאויס באַדעקט מיט אַ ריזיקן טעפּיך פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר — זיינען געזעסן, זיינען געווען צע־לייגט און צעשפּרייט מענער און פרויען. פון די וויטסטע טונקלסטע קעלער־ווינקלען האָבן זיך געטראָגן אַהער שושקערייען, אויפלאַכונ־גען, האַלב־שיכורע פּראָטעסטן... יעדער איינער איז אַהער געקומען מיט זיין „פּאָרל", אָדער האָט זיך שוין דאָ מיט אימיצן אויפגעפּאָרט. און קאַרלינען איז געווען אַ חידוש, וואָס אַזאַ יונג מיידל, ווי דאָראָטי, איז דאָ קאַנטיק איינע אַליין.

— אָן יענער־אַ איז עס טאַקע אונדזער באַלעבאָס, קאַנינגהעם...
— האָט זי קאַרלינען אָנגעוואונקען אויף אַ מאַנספּאַרשוין מיט אַ פּליך

ביז איבער די אויערן. יענער פלעגט יעדע עטלעכע מינוט זיך באַ־פרייען פון דער דאַמע, וועלכע איז געלעגן וויז־אַ־ווי קאַרלינען אויף אַ ברייטן, מיט רויטן טוך איבערגעצויגענעם מאַטראַץ, וואָס איז ווי געלעגן סאַמע אויפן דיל. קאַרלין האָט אין אים דערקאָנט דעם זעלבן מאַן, וועלכער האָט זיי פריער געעפנט די טיר.

— און יענע „דעים”, וואָס וויל זיך דאָ דעם גאַנצן אָוונט ניט אויפהויבן פון איר געלעגער, — דאָס איז די באַראָנעסע... זיין חברטע.

פון דאָראָטיס אינפאָרמאַציע און פון אַ קאָפּיע פונם פּיצינקן זשורנאַל, וואָס איז געלעגן לעבן זיי אויפן דיוואַן, האָט זיך קאַרלין באַלד דערוואוסט, אַז קאָנינגהעם איז געווען דער גאַנצער אייגנטי־מער פונם דאָזיקן חודש־זשורנאַלעכל פאַר פּאָעזיע. ער האָט אים ניט נאָר אַליין רעדאַקטירט, נאָר אויך אַליין מיט די אייגענע הענט געזעצט, געדרוקט אויף אַן אַלט־מאָדישער פּרעס־מאַשינדל, וואָס האָט זיך געפונען טאַקע דאָ, אין אַן אַנדער טייל פונם דאָזיקן אונ־טערערדישן לאַבירינט. דער זשורנאַלעכל, דער „פּאַרנאַס”, האָט אינ־גאַנצן פאַרמאָגט פיר בלעטלעך — און אויך בלויז פיר זייטן, ווייל ער האָט זיך געדרוקט בלויז אויף איין זייט פון די בלעטלעך, דער דרויסנ־דיקער זייט. דערביי זיינען די אינעווייניקסטע צוויי בלעטלעך געווען לענגער פון די דרויסנדיקע צוויי... אויף דער דרויסנדיקער זייט פונם „זשורנאַל”, האָט זיך דער טעקסט געדרוקט אויך אויפן דרויסנדיקן שטיקל „עודף” פון די אינעווייניקסטע לענגערע צוויי בלעטלעך. אונ־טערן אָריגינאַל־געצ׳כתיבה׳טן „קאָפּ” איז אין אונטער־טיטל גאווה׳־דיק־באַשיידן אָנגעגעבן געוואָרן: A Wee Magazine

— אָבער אין רעוואָלוציע גלויבסטו דאָך, דו פּאַרדאַמטער באַיסטרוק? — האָט צום סטודיאָ־באַלעבאָס זיך געווענדט אַ קרעפּ־טיקער איבערגעוואָקסענער מאַן מיט רויטע האָר און אַ קריגעריש פּנים, וואָס איז געזעסן זאַלבעצווייט מיט אַ נעגערשן מיידל אויף אַ ברייטער טאַבורעטע קעגן דער באַראָנעסעס דיוואַן.

— דאָס איז דזשאַני קילפּעטריק... — האָט דאָראָטי אָנגעהאַלטן אירע פּרייוויליק־גענומענע אינפאָרמיר־פליכטן. — אַן אָרגאַנאַיזער

אין דער יוניע פון די טראַנספּאָרטלער... — האָט זי אַריינגעשעפּטשעט קאַרלינען.

די „באַראָנעסע" האָט גלייך אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס קאַנינגהעם האָט זי אויף אַ ווײַלע ווידער איבערגעלאָזט. מיט אַ לאַנגן אָרעם, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט אין אַ לאַנג־פינגערדיקער פּיאַניסטן־האַנט, ווי אַ שטעקן מיט אַ לאַנגן האָקן, האָט זי דעם פּראַגע־שטעלער געפּרוּווט אַ שלעפּ טאָן צו זיך פון דער ברייטער טאַבורעטקע אַרונ־טער. דאָס נעגערשע מיידל אינם ווייס־זיידענעם קאַפּטל האָט איר שעלמיש אַ דראָע געטאָן מיט אַ פינגער.

— אָבער די רעוואָלוציע האָסטו פונדעסטוועגן ליב ? — האָט קילפּעטריק מיט אַ שיכורם אומגעדולד געפּאָדערט אַן ענטפער. — ביסט דאָך ניט עפּעס קיין בורזשואזער פּאָעט דאָרטן ?

קאַנינגהעם, דער ווירט, האָט פון אַ זילבער־פּאַפּירענעם שאָלעכץ אַרויסגעשלעפּט ניט געאײַלטערהייט שטיקלעך ראָקפּאָר־קעז, וואָס האָט געקיצלט די נאָז־לעכער מיט זיין שאַרפן ריח. ער האָט באַלייגט קרעקערס, צוגעגרייט נייע סענדוויטשלעך. דאַן האָט ער מיט אַ גרויסער נאָזטיכל אָפּגעווישט דעם שוויים פון פּליך, און רואיק אָפּ־געענטפערט :

— צי איך גלויב אין רעוואָלוציע ? וועל... איך גלויב אין רע־וואָלוציע אויף אַזויפיל, אויף וויפיל איך גלויב אין אַ געשוויר : זי איז אומפאַרמיידלעך... אָבער צי האָב איך זי ליב ? דאָס איז שוין, זעסטו, אינגאַנצן אַן אַנדער פראַגע... ווער האָט עס דען ליב אַ גע־שוויר ?

דזשאָני קילפּעטריק איז אויפגעשפּרונגען פון דער טאַבורעטקע, ווי אַן אונטערגעשאָסענער. ער האָט שיר ניט אומגעוואָרפן דאָס נע־גער־מיידל, וועלכע האָט אים געהאַלטן פעסט אַרומגענומען. זיינע שיכורע אויגן זיינען נאָך מער פאַרלאָפן געוואָרן. ווען ער האָט צו־נויפגעביילט די פויסטן, האָט זיך קאַרלינען געדוכט : אָט־אָט, און ער וועט אַריינפאָרן קאַנינגהעמען אין די ציין אַריין.

דער לעצטער, נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן צוגרייטן פאַר די געסט אַ נייעם זאַפּאַס סענדוויטשלעך און קאַנאַפּקעס, האָט אָנגעגאָסן אַ האַלבע גלאָז דזשין, מיט אַ שמייכל עס אונטערגעטראָגן

קילפּעטריקן שיר ניט סאַמע צום מויל, עפּעס ווי אַ מעדיצין. בײַ יענעם זײַנען די צונויפגעבײַלטע פּויסטן גלײַך לויז געוואָרן. ער האָט אַ פּליאַך אַרײַן געטאָן די משקה אין האַלדז אַרײַן, אַרומגעלעקט די ליפּן שוין גאָר ניט ווי אַ מעדיצין.

— אַזוי לאַנג, ווי דער מענטשלעכער אָרגאַניזם וועט זינדיקן קעגן די פּשוטסטע און קלאָרסטע ביאָלאָגישע געזעצן, — האָט קאַנינגהעם רואיק און לײַדנשאַפטלאָז, כאָטש אַ ביסל סענטענציעז, אָנגעהויבן מסביר זײַן זײַן פריערדיקן געדאַנק. — וועט זיך תמיד מוזן אין אים אָנקלײַבן שמוץ. שמוץ פון דרויסן לאָזט זיך נאָך ווי־עס־איז אָפּוואַשן, אָפּרייניקן. אָבער שמוץ וואָס קלײַבט זיך אָן פון אינעווייניק — פוילט, יאַטערט, ווערט פאַרוואַנדלט אין מאַטעריע, וואָס מוז סוף־כל־סוף אָנרייסן אין דער פאָרם פון אַ געשוויר. פאַרשטאַנען? — האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפן אַ קאַוויאַר־קאַנאַפּקע אין ברייטן מויל אַרײַן.

— נו, און וואָס עס איז אמת וועגן אַן אינדיווידועלן אָרגאַניזם, איז אַוודאי אמת וועגן דעם סאָציאַלן. ווײַל וואָס איז דען רעוואָלוציע? דער אומפאַרמײַדלעכער אויפברײַס אין אַ געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם. די שטראָף פאַרן ניט־אָפּהיטן די געזעצן פון סאָציאַלער סאַניטאַציע. צופיל עקאָנאָמישע און פּאָליטישע — וואָס דאָס מיינט אײַנצייטיק אויך עטישע — עוולות און פאַרברעכנס האָבן זיך אָנגעקליבן אין פאַרלויף פון יאָרן: ערגאָ — אַן אויפברײַס פונם סאָציאַלן געשוויר... די קלענסטע קלייניקייט, אַ צופאַל, קאָן דינען דעמאָלט ווי די שפּילקע, וואָס לעכערט דורך דעם רײַף־געוואָרענעם געשוויר... אַ רעוואָלוציע!

— גלויבסטו דאָך, הייסט עס, יאָ אין אַ רעוואָלוציע? — האָבן דזשאַנס פאַרטרונקענע אויגן טריאומפירט. — פאַרוואָס־זשע היטסטו זיך אַזוי אויס פון צו דרוקן פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע אין דײַן מילבן־אויסגאַבע? פאַרוואָס־זשע צווינגסטו דײַן אייגענע פאַן־האָהענשטײַן צו דרוקן בײַ דיר לירישע אויסגיסעכצן וועגן די פּאַראַיאַריקע שנייען, פון וועלכע עס איז נעבעך מער קיין זכר ניט געבליבן?...

— און ווען אפילו איך גלויב אין דער אומפאַרמײַדלעכקייט פון אַ געשוויר, מיינט עס דען אַז איך דאַרף אים פאַרהיטן? — האָט

זיך קאַנינגהעם ווידער דערנעענטערט צו זיין פריערדיקן פּלאַץ אויפן דיוואַן, וואו די באַראָנעסע פאָן־האָהענשטיין איז געלעגן אויסגע־שפּרייט אין איר גאַנצער מאַיעסטעטישקייט. — טיפּש איינער... פּונקט ווי אויף אויסצומיידן אַ געשוויר איז דאָס בעסטע מיטל — באַ־שטענדיקע פּערזענלעכע היגיענע, איז דאָס זעלבע אויך ריכטיק בנוגע סאָציאַלע רעוואָלוציעס. אָנשטאָט וואַרטן אויפן סאָציאַלן געשוויר ביז ער וועט פּלאַצן — און ווער רעדט נאָך גלאָריפיצירן דעם דאָ־זיקן פּראָצעס אין פּאָראויס — איז ניט פיל גלייכער איינגאַנצן ניט צו דערלאָזן אים? יאָ, דורך די פיל־פאַרשריגענע סאָציאַלע רעפאָר־מערס! דורך אַ קאָרעקטער געזעלשאַפטלעכער היגיענע לאָזט זיך פיל מער אויפטאָן, ווי דורך די בלוטצלונג־אויפרייסנדיקע רעוואָלוציעס... די געשיכטע האָט אונדז שוין געגעבן גענוג לעקציעס אין דעם פּרט!

— אָבער אַ רעוואָלוציע רייניקט דאָך אָפּ מיט איין מאָל די גאַנצע פאַרפאַסקודיעטע לופט!... — האָט די וויים־פאַרפּוצטע נע־גערטע, קילפּעטריקס חברטע אויף דער טאַבורעטקע, זיך אויך אריינ־געמישט אויף אַ קוויטשיק קולעכל. די האָר אירע, פון וועלכע זי האָט שוין דורך אַ רייע פּערמאַנענטעס אומזיסט געפּרובירט אַרויסנעמען די „גרייזעלעך", האָבן אויסגעזען ווי אַ קאַראַקולענע היטל. — אָט, אַפילו איצט... סאַמע אין דער זעלביקער צייט וואָס מיר זיצן דאָ און דיסקוטירן, ווערן איצט געפּראַוועט אין די לוקסוסדיקע אַפּאַרט־מענטס און האָטעלן גלייך איבער אונדזערע קעפּ אַלערליי ווילדע אָר־גיעס... און מיר, די כראָניש־אַרבעטסלאָזע, האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוואַל ווי פאַרגראָבן זיך אין די היילן אונטער זייערע פיס, אין די קעלערן פון ברוקלין האַיטס, ווי קראָטן אין דער פינצטער־ניש... זאָל אָט די גאַנצע פאַרפּעסטעטע לופט מיט איין מוראדיקן דינאַמיט־אויפרייס איינמאָל פאַר אַלעמאָל ניט אָפּגערייניקט ווערן?

— אָבער, מיין טייערינקע, אַן אויפגעריסענעם סאָציאַלן גע־שוויר דאַרף מען שפּעטער נאָך מער ווישן ווי צו היילן, ווי אַרומצו־גיין אַרום דעם, איידער אַרום אַן אינדיווידועלן!... אַז ניט, דענגע־נערירט דעמאָלט די רעוואָלוציע אין אַ גאַנגרענע אויפן סאָציאַלן אָרגאַניזם. מען פאַרבייט, הייסט עס, דעם סאָציאַלן געשוויר — אויף אַ סאָציאַלער גאַנגרענע... איז וואו איז דאָ דער געווינס?

— יאָ, אַ שטייגער ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אויפן באַרימטן „זעקסטן־חלק פון דעם ערד־קוגל" — האָט מיט אַ זאַפטיק קול, האַלב־טענאָר, האַלב־באַריטאָן, איראָניש באַמערקט ראָזגולענקאָ. דאָס איז געווען אַ יידישער בחור פון אַ יאָר 25, וואָס דאָס ערשטע וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן וועגן אים — איז געווען זיין שיינקייט. ניט די שיינקייט פון וועלכן ס'איז איבער באַזונדער, נאָר זיין גאַנצער אויסזען און געשטעל. דער מאַט־גאָלדענער קאָליר פון די ווייטע כוואַליענדיקע האָר, דער לאַנגלעכער שניט פון זיינע וואונדערלעך־אויסדרוקפולע אויגן (ברוין־גאָלדענע פינטעלעך אויף אַ טיף־גרויען פעלד), די פערפעקטע גריכישע נאָז, דאָס קליינע זאַפטיקע מויל, דער בלוט־און־מילך קאָליר פונם פנים... זיין שטאָלצער און זעלבסט־זיכערער געשטעל פון אַ טריבון האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַלט־צייטיקס, קלאַסישעס, אַפּאָלאָנישעס, — אַ שיינקייט, וואָס מען טרעפט זעלטן אָן אין אַ מאַנצביל.

— שווייג שטיל, דו טראָצקיסט דו! — האָט זיך פון עטלעכע זייטן דערהערט צאָרנדיק־אויפגעבראַכטע שטימען. די באַראָנעסע אַליין, עווגעניע פאָן־האָהענשטיין, האָט זיך אַזש אויפגעהויבן פון איר געלעגער אויף אַן איילנבויגן, מיט נייגיר און דורשט אָנגעקוקט דעם „טראָצקיסט" מיט אירע אויסגעלאָשענע אויגן אין ריזיקע זיך־באַמבלענדיקע אווירינגלעך. יענער האָט מיט הויכמוטיקייט אַלעמען אָנגעקוקט און אָנשטאָט צו ענטפערן, געשענקט זיי בלויז אַן אָפּן־פאַראַכטלעכן בליק. בלויז איין קאַנינגהעם האָט זיך ניט געלאָזט אויפ־רעגן. פּראָפעסאָריש האָט ער פאַרגעזעצט זיינע סענטענצן.

— און וואָס איז דען געוואָרן פון אַלע ביז־איצטיקע רעוואָלו־ציעס? וויפיל ישועות האָבן זיי עס געבראַכט דער מענטשהייט? מיר ריידן דאָ ניט פונם פאַנטאַסטיש־גליקלעכן מילעניום, — חוץ אין דער עוואַנגעליע וועט ער שוין מער אין ערגעץ ניט זיין... אָבער אויף וויפיל האָבן עס רעוואָלוציעס איבערגעשאַפן דעם מין מענטשן — פון אינעווייניק? וואָס איז דען פאַרבליבן פון דער גרויסער קראָמ־וועלישער רעוואָלוציע אין ענגלאַנד — די ערשטע אין אייראָפּע — מיט איר דעקלאַראַציע וועגן די „רייטס אָוו מען"? און וואָס איז דען געוואָרן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע מיט אירע באַמ־

באַסטישע „עגאַליטע, פראַטערניטע, ליבערטע"? פון די־אָ זאַכן פאַר־מאָגט פראַנקרייך פּונקט אַזויפיל, וויפיל אויך אַנדערע לענדער... לאָזונגען, מיינע פריינט, מיינען נאָך גאָרניט. מיט לאָזונגען מאַכט מען טאַקע די רעוואָלוציע; אָבער שפּעטער קומט די דערפאָלגרייכע רעוואָלוציע, און צעשטערט דעם אינהאַלט פון אירע אייגענע לאָ־זונגען — און לאָזט בלויז איבער דעם נאַקעטן בוכשטאַב זייערן...

32

ביי קאַרלינען האָט זיך אַזש געדרייט דער קאָפּ. שוין לאַנג, ווי ער האָט אַזאַ עולם ניט אָנגעטראָפן, אַזעלכע רייד ניט געהערט. צופיל איז ער געווען פאַרנומען די לעצטע צייט מיט זיך, מיט זיינע פּער־זענלעכע צרות און קליינלעכע דאגות, אין דער צייט וואָס די גרונט־פעסטונגען פון דער וועלט טרייסלען זיך איצט!... איז עס דען אָט די מענטשן ארום פיל בעסער פאַר אים? טאַקע, אָט וואוינט דאָך, אַזאַ אינטערעסאַנטער מענטש, ווי קאַנינגהעם, צוזאַמען מיטן ווייב זיינעם—אַ באַראָנעסע און אַ דיכטערין!—אין אַזאַ פינצטערער הייל אָן עלעקטריע, אָן גאַז, אַבי ער זאָל זיין אימשטאַנד צו פאַרווירק־לעכן זיין אידעאַל פון ארויסגעבן אַ זשורנאַל פאַר „דער עכטער פּאָעזיע". און קאַרלין האָט אין דעם אַלעמען געזען אַ באַשטעטיקונג פאַר זיין אָפּטן פאַרדאַכט: ער, קאַרלין, איז אין תוך זייער אַ קליינ־טשינק מענטשעלע מיט גאָר נידעריקע און ערדישע השגות, יאָ!

אָט, טאַקע אפשר מיט בלויז אַ וואַסערע צען מינוט צוריק האָט ער אינמיטן פון אָט דער גאַנצער אינטערעסאַנטער אומגעבונג זיך פּלוצלונג מיט פרייד דערמאָנט אָן דעם, וואָס ס'איז אים היינט איינ־דערפרי געלונגען צו פועלן, אַדאַנק מיס סיגלס אינטערווענציע, אַז די לעווענטאַל־היים זאָל פאַרלענגערן דעם אויפהאַלט פון לינען און דאָס קינד אויף נאָך אַ וואָך־צען טעג, ביז ס'וועט אים געלינגען איינ־אָרדענען אַ נייע דירה פאַר זיי אַלעמען. הערסט, דאָ רעדט מען וועגן אַזעלכע הויכע ענינים — און וואָס ליגט אים אין קאָפּ? ווירקלעך: ער, קאַרלין, פאַרמאָגט אַפּנים ניט קיין שום אידעאַלן, קאָן זיך צו־הויך ניט אויפהויבן, צו־ווייט ניט פליען...

פּלוצלונג האָט זיך אים אָפּגעזוכט זיין אבידה. פון אַ ווייטסטן ווינקל, וואו דאָס ליכט פון דער צענטראַלער קאַנדעליאַבּרע האָט ניט דערגרייכט, האָבּן זיך אַרויסגעשלייכט צוויי שאָטנס. אין איינעם פון זיי האָט ער באַלד דערקענט שמעוני. דער צווייטער שאָטן איז ווי לענגער פאַרבּליבּן — שאָטן. אָבּער ווען ביידע האָבּן זיך מער דערנעענטערט, האָט קאַרלין אינם צווייטן שאָטן דערזען אַ נידעריקן דאַרן נעגער אין אַ פּענסנע. אַן אינטעליגענטער נעגער, קאַנטיק — איין אַקסל איז ביי אים געווען נידעריקער פונם צווייטן, דער פּידזשאַק איז געהאָנגען ווי אַ זאַק, זיינע ווייסלעכע ליפּן האָבּן אַלע ווײַלע אונ־טערגעציטערט און זיך געקרימט.

דער נעגער האָט היציק זשעסטיקולירט, געשפּרונגען קעגן שמעו־נין. אָבּער שמעוני—להיפּך צו זיין געוויינלעכער טבע, אפשר דער־פאַר וואָס ער האָט זיך געפונען צווישן „גויים" — האָט קיל און גרויסמוטיק געשמייכלט, מיט אַ שמייכל פון אַ קליגערן און געני־טערן.

ביים צענטער טיש האָבּן זיך ביידע אָפּגעשטעלט. שמעוני האָט זיך אָנגעגאָסן אַ שנאַפּס, האָט פאַרביסן מיט אַ פּאָר באַליינגטע קרע־קערס. דער נעגער האָט אויסגעליידיקט אַ פולע גלאָז פּונש, מיט גאָר־ניט פאַרביסן. ער האָט געקאָכט ווי אַ קעסל:

— ס'איז אַ ליגן, לינקאָלן האָט אונדז אַבּסאָלוט ניט באַפרייט! מיר זיינען איצט די זעלביקע שקלאַפן וואָס אַמאָל, פאַרן בירגער־קריג, — אויבּ ניט יורידיש, איז פאַקטיש. און דאָס טוט נאָך מער וויי! און עקאָנאָמיש? — פאַרן בירגער־קריג איז דער נעגער־שקלאַף באַטש געווען עקאָנאָמיש באַזאָרגט; דער עמאַנציפּירטער נעגער איז איצט עקאָנאָמיש פריי — צו הונגערן... ווייל מען לאָזט אים דאָך כמעט ניט צו צו קיין שום פּאָזיציע! — זיינע קרומלעכע אַקסלען האָבּן געצוקט, זיינע ווייסלעכע ליפּן האָבּן געשווימט אין די ווינקלען. — ניין, בלויז אין אַ סאָוועטן־אַמעריקע וועט געלייזט ווערן די נעגער־פּראָבּלעם... און ניט נאָר פּאָליטיש און עקאָנאָמיש, — אַפילו אויך קולטורעל און טעריטאָריעל. ווייל אונטער אַ סאָוועטן־רעזשים וועלן מיר קריגן דאָס רעכט צו קולטורעלער זעלבּסט־באַשטימונג אויף אַן אייגענער טעריטאָריע...

— אַ, בײַ אײַך שטרעבט מען אויך צו אַזאַ מין... טעריטאָ־ריאַליזם? — האָט שמעוני סקעפּטיש צונויפגעזשמורעט זײַנע אויגן.
— אויך בײַ אונדז האָבן פּיל מענטשן געפּרואווט לייזן די ייִדן־פראַ־גע דורך אַן אייגענער טעריטאָריע, ערגעץ־וואו, אָבער גראָד אָט די אין פּלוג לאָגישע אידייע האָט בײַ אונדז תמיד געקראָגן די קנאַפּסטע צאָל אָנהענגער.

— דאָס איז דערפאַר, ווײַל איר האָט ניט קיין אייגענע טע־ריטאָריע, אָבער מיר האָבן! — האָט דער נעגער גאַוווהדיק זיך אויס־געגליכן, — כ'מיין ניט, נאַטירלעך, די כלומרשטע נעגער־„רעפּובליק" ליבעריע, וואוהין איניקע נאַציאָנאַל־שאָוויניסטן בײַ אונדז האָבן נאָך מיט צענדליקער יאָרן געפּריידיקט מיר זאָלן זיך אומקערן, אָט פּונקט ווי עס פּריידיקן אײַערע ציוניסטישע רעאַקציאָנערן, אַז ייִדן זאָלן זיך אומקערן קיין פּאַלעסטאַין... מיר האָבן אַ טעריטאָריע טאַקע דאָ גופא, אין די יונאַיטעד סטעיטס! אונטער אַ סאָוועטן־סיסטעם וועט מען אונדז לאָזן אויסבויען אַן אייגענעם שטאַט אין „דהי בלעק בעלט" אין דער סאַוט, וואו נעגערס וואוינען שוין עטלעכע הונדערט יאָר... פּונקט ווי ייִדן האָבן געקראָגן זייער סאָוועטישע היים אין ביראָ־בידזשאַן...

אויסגעשפּראָכן האָט ער עס „ביראָ־בידיאַן", און זײַנע ברילן אין די גאָלדענע ראַמען האָבן צופרידן געפינקלט. „אַן אינטעליגענטער נעגער", האָט שמעונין הנאה געטאָן, „ווי ער ווייסט עס אַלץ וואָס עס טוט זיך בײַ אונדז!..." אים האָט פונדעסטוועגן פאַרדראָסן, הלמאַי יענער שיקט ייִדן קיין ביראָ־בידזשאַן, בעת אַליין וויל ער קיין לי־בעריע ניט פאָרן?

— אָבער פאַרוואָס זאָלן ייִדן אין אַמעריקע אויך ניט קריגן זייער גלייכבאַרעכטיקונג? זייער פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע?

— ייִדן דאַרפן דען נאָך קריגן גלייכבאַרעכטיקונג? כאַ־כאַ, שוין איינמאָל אַ וויץ... — האָט שמעונים טונקעלער דעבאַטאַנט אויסגעשטשירעט צוויי רייען גרויסע אומגעווייגלעך־ווייסע ציינער.
— און וואָס פעלט זיי דען איצט? זיי האָבן, דוכט זיך, מער רעכט פאַר אַלעמען... אומעטום זײַנען זיי דאָ, און אומעטום שטייען זיי אויף דער שפּיץ... אַפילו אין אונדזער אייגענער באַוועגונג.

שמעוני האָט זיין דעבאַטאַנט פאַרדעכטיקנדיק אָנגעקוקט. זיין שטים איז געוואָרן אַ ביסל קילער, צוריקגעצויגענער.

— איר האָט מיך ניט פאַרשטאַנען, מיין פריינט. כ׳האָב ניט געמיינט קיין פּאָליטיש־עקאָנאָמישע גלייכבאַרעכטיקונג. כאָטש אויך אין דעם פּרט שטייט עס מיט יידן אין אַמעריקע ניט אַזוי גלענצנדיק, ווי איר דענקט עס. און נאָך ערגער שטייט עס ביי יידן אויפן קולטורעלן געביט. אָבער פאַרוואָס זאָלן יידן, לכל־הפּחות אין אַ סאָוועט־אַמעריקע, אויך ניט קריגן זייער קולטורעלע אויטאָנאָמיע? כ׳מיין ניט קיין שטאָטלעך־אַרויפגעצוואונגענע, נאָר אַ פּערסאָנעל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע... — האָט זיך פון שמעונים מויל פּערלדיק געשאָטן דער אַמאָל־אַמאָליקער גוט־פאַרגעדענקטער סעימיסטישער זשאַרגאָן. — יעדער איינציקער ייד, וואָס וויל עס נאָר, זאָל זיך קענען פריי אויסלעבן אויף זיין אייגענער יידישער שפּראַך!

— פּערסאָנעל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע? — האָט דער נעגער מיט שטוינונג אָנגעהויבן פאַרריכטן זיינע אַרומשפּרינגענדיקע פּענסנע. — מ׳זאָל זיך קאָנען אויסלעבן אויף „יידיש”? אָבער אויך דאָס האָט איר דאָך שוין אין אַמעריקע, מענטש איינער... און בראָנקס איז אייך ווייניק?

שמעונים סענסיטיוועה הויט האָט זיך אויסגעדוכט צו דערפילן דאָ אַן אַנטיסעמיטישן שטאָך... ער איז בלייך געוואָרן, האָט זיך איבערגעקוקט מיט קאַרלינען. קאַרלין האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן. שמעוני איז דאַן אומעטיק אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.

פון אַ שטול ניט־ווייט אויף וועלכן זי איז געזעסן שלא־כדרכה, רייטנדיק, האָט זיך פּלוצלונג אַ ריס געטאָן אַ הויכע האַלב־שיכורע מויד. דאָס בלויע קלייד ביי איר איז געווען געדיכט באַשאָטן מיט פּאַפּיראָסן־אַש, די קינסטלעך־בלאָנדע האָר אויפן קאָפּ — צעשויבערט. איין לאַנגער לאָקן איז איר קאַמיש אַרונטערגעהאַנגען צווישן די אויגן, זיך געצויגן פּאַזע דער לאַנגער פּליישיקער יידישער נאָז.

— דהעטס ראַיט... — האָט זי מיט אַ שיכורן גרעבץ דערמוטיקט דעם נעגער. — גיוו איט טו הים... אי העיט דעם יידיש נעשיאָנעיליסטס... דערלאַנג אים, ווילי... ווי וואָנט — סאָוויעט־ראָשיאַ... ווי — וואָנט — סאָוויעט־ראָשיאַ... — האָט זי אָנגעהויבן אויסזינגען

מיטן זעלבן ניגון, ווי דער באַגייסטערטער עולם זינגט אויס לאָזונגען אויף אַ פּאָליטישן מאַס־מיטינג.

קאַרלין האָט אינם בלויען קליידל אין קראַטקעס דערקאָנט די זעלביקע מויד, וועלכע זיי האָבן אָנגעטראָפן ביים פאַרבייגיין פריער די לאַוואַטאָריע אין דער דרויסנדיקער הייל. די היציקע דעבאַטע האָט דערווייל צוגעצויגן אַהער די אויפמערקזאַמקייט פון אַנדערע נאָענט־זיצנדיקע געסט. שמעוני האָט געזוכט אויפצוכאַפּן געננעטס בליקן. אפשר וועט ער, אַ ספּעציאַליסט אין די ענינים פון סאָוועטי־שער וועלט־אַנשויאונג, האָבן וואָס צו ענטפערן דעם נעגער? אָבער געננעטס האָט בלויז שווייגנדיק באַטראַכט יעדן איינעם דורך זיינע דיקע אויגן־גלעזער, האָט געזויגן זיין פּיפּקע, רעטענישפול געשמייכלט — און געשוויגן.

— דאָס איז דאָך, וואָס איך זאָג! — האָט זיך פון אַהינטער דער גרויסער זייל אַרויסגערוקט דזשעראַלד וועסט, וועלכער איז די לעצ־טע האַלבע שעה, נאָך זיין היציקן איבעררייד מיט געננעטן, געזעסן איינגעהויקערט אויף אַ שטול אַן אומצופרידענער און דערשעפּטער, האָט געזופּט עפּעס אַ געטראַנק דורך אַ שטרוי, און געמורמלט פאַר זיך אַליין. איצט האָט ער זיך ווידער אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, און זיינע מאָרפיניסטישע אויגן האָבן זיך פאַנאַנדערגעגליט.

— דאָס איז דאָך, וואָס איך זאָג תמיד! בלויז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד... — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם איינציקן אונטערגע־הערטן וואָרט פון דער דעבאַטע, כאָטש ער האָט אפילו ניט געוואוסט וועגן וואָס דאָרט איז די גאַנצע צייט גערעדט געוואָרן. — ווייל וואָס מיינט זשעני? „זשעני מיינט פלייסיק זיין", האָט שוין עמיצער געזאָגט פאַר מיר. בילדונג און גוטער פאַרשטאַנד שאַפן דעם זשעני, אָבער ס'מוז אויך דערביי זיין אַ גאַנצע ריי פון גינסטיקע אומשטענדן, האָט נאָך געזאָגט סטרינדבערג, אַליין אַ גרויסער און אומגליקלעכער זשעני. דאָס מיינט: דער געבאָרענער זשעני דאַרף האָבן די מעגלעכ־קייטן, די דרויסנדיקע מעגלעכקייטן, פריי צו עקספּערימענטירן און פּראַקטיצירן זיין פאַך. ווייל אָן דעם שטאַרבט אָפּ, מוז אָפּשטאַרבן אפילו דער גרעסטער זשעני! יעס, סער!

ער האָט אַ לויפיקן קוק געגעבן אויף גענגעטן. ס׳איז געווען, ווי ער וואָלט זיך געסטאַרעט איצט אויסקויפן ביי יענעם אַ באַגאַנ־גענע זינד, — די זינד פון זיינע פריערדיקע ווידערשפעניקע רייד קעגן דער „קריטיק״.

— אָבער וואו איז דאָס אַלץ מעגלעך? — האָט ער זשעסטי־קולירט איבערצייגנדיק מיט זיינע לאַנגע אָרעמס. — טאַקע נאָר אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד! און דערפאַר דאַרפן מיר אַלע שטרעבן צו אַ סאָוועטן־אָרדענונג אויך דאָ אין אַמעריקע. ווייל בלויז דאָ ביי אַ סאָ־וועטן־רעזשים קאָן דער דיכטער פאַרנעמען אין דער געזעלשאַפט דעם פּלאַץ, וואָס געהערט אים מיט רעכט — בלויז אינם לאַנד פון די הערשנדיקע אַרבעטער־און־פּויערים האָט מען אים דעם קינסטלער, אוועקגעזעצט סאַמע אויפן העכסטן שפּיץ... אויפן סאַמע טראָן!

— כדי עס זאָל אים זיין באַקוועמער ביי יעדער ענדערונג פון דער פּאַרטיי־ליניע אַרונטערצופאַלן פון זיין הויכקייט, און זיך ברעכן האַלדז־און־נאַקן, ווי מיר האָבן עס שוין געהערט וועגן ניט איין דאָרטיקן דיכטער און שריפטשטעלער... — האָט זיך דערהערט אַ שפּאָטיקע שטים, דער פריערדיקער זאַפּטיקער האַלב־טענאָר, האַלב־באַריטאָן. און ווידער איז קאַרלין פאַרכאַפּט געוואָרן פון ראַזגולענ־קאָס שיינקייט, אַ סך מער ווי פון יענעמס פּייערדיקע רייד, פול מיט אָראַטאָרישע אויסרוף־צייכנס און נאָכאַנאַנדיקע פּאַטעטישע אַקצענ־טירונגען. מיט עפּעס אַ קוואַליטעט אין זיין שטים, וואָס לאָזט זיך ניט דעפינירן, אָבער וואָס איז, קאָנטיק, דער סוד פון יעטווידן טרי־בון, האָט ער סאַמע פון די ערשטע ווערטער פאַרכאַפּט דעם עולם, אַלעמען ווי גלייך איינגעשטילט.

— באַ, „פאַרנעמען דאָרט דעם געהעריקן פּלאַץ״! אָבער וואָס זעען מיר אין דער ווירקלעכקייט? בלויז יענע פאַרנעמען דאָרט בכלל אַ פּלאַץ, וואָס זיינען געוואָרן אמתע קנעכט פון דער פּאַרטיי!

— קוקט נאָר אָן דעם מאָראַן מיטן ווייבערישן פּנימל... — האָט גענגעט אויף אַ פּאָר סעקונדן בלויז אַרויסגענומען די פּיפּקע, און אַרויסגעזייעט האַלב־הויך. — אַ ביליקער אַקטיאָר...

ראַזגולענקאָ האָט אָבער די ווערטער ניט אויפגעכאַפּט, כאָטש

ער האָט פאַרנומען עפּעס אַ מורמלעריי. ער האָט זיך נאָך הייסער אָנגעצונדן.

— און פאַלט אַקאָרשט דאָרטן באַלד אויף מיר ניט אָן, ווי בייזע הינט — איר׳ט מיך סיי־ווי ניט איבערשרעקן! איך טרעט דאָ ניט אַרויס, ווי אַ טראָצקיסט, ווייל איך בין עס נישט איצט, און בין עס אויך קיינמאָל ניט געווען, איך האָב עס אייך שוין טויזנטער מאָל דערקלערט! איך בין קעגן דעם, אַז דער דיכטער זאָל זיין אַ שקלאַף ביי וועלכער ס׳איז פאַרטיי! ווייל קיין שום פאַרטיי איז ניט פאַראינטערעסירט אין דער שעפערישער אַנטוויקלונג פונם דיכטער, נאָר דער עיקרשט אין דער דינסט, וואָס ער קען פאַר איר לייסטן, אינם פּאָליטישן נוצן וואָס זי קאָן פון אים אַרויסזויגן!... אָט די דיכטער אייערע, וואָס פאַרנעמען דאָרט די „שפּיצן" — דאָס זיינען דאָך בלויז די יעניקע, וואָס זיינען געוואָרן קנעכט ביי די פאַרטייען, באַצאָלטע קנעכט, כאָטש איך גיב צו, אַז עס זיינען נאַטירלעך, אויך דאָ אומזיסטע קנעכט... אָבער פון דעם ווערן זיי דאָך נאָך ניט אויס קנעכט! אין בעסטן פאַל שוין דינען אָט אַזעלכע שרייבער ביי די פאַרטייען צוליבן זעלביקן צוועק, ווי די דראָגנעס, אין אַ בינשטאָק — אויף אָפּצוטאָן זייער אַרבעט, שמוציקע אָדער ניט שמוציקע, און דערנאָך דורך די זעלביקע פאַרטיי־לייט געטויט צו ווערן...

קאַרלין, וועלכער איז געזעסן מיט אַ האַלב־אָפן מויל, באַרוישט פונם רעדנערס פּאַטעטישן אויסגוס, האָט זיך פּלוצלונג געכאַפּט, אַז ער האָט דערווייל פאַר׳חוש׳טערהייט צו־הויך אַרויפגעצויגן זיינע הויזן. עמיצער פון די אַרומיקע האָט שוין זיכער געהאַט באַמערקט די שליאַבעוואַטע ניט־פאַרשנורעוועטע שיך זיינע... פלינק האָט קאַרלין זיינע הויזן ווידער אַרונטערגעלאָזט. און ווי מאַסקירנדיק זיין שולד, האָט ער זיך גענומען איינהערן אין ראַזגולענקאָס טיראַדן מיט נאָך מער פאַרטועניקייט.

— און אויב איר האָט נאָר אייגענע אויגן — איז אדרבא, קוקט אייך אַליין אַרום און זעט! און וואָס זעט איר דען? וואָס גרעסער דער עם־הארץ, דער פּראָסטאַק, דער כאַם — אַלץ העכער איז געוויינלעך די פּאָזיציע, וואָס ער פאַרנעמט אין דער פאַרטיי־היעראַר־

כיע! ווייל בלויז אַט אַזעלכע טיפּן זיינען עס גוטע געהאַרכזאַמע גולמס און אויטאָמאַטן. און אַז אויטאָמאַטן זיינען אומסקרופּולער, דאַרף מען דאָך אייך ניט זאָגן...

— זע נאָר, ווי דאָס שפּילט פאַר דער גאַליאַרקע... — האָט געננעט ווידער האַלב־הויך אַרויסגעזייעט, אָבער דאָס מאָל שוין מיט מער גיפט. פון זיינע אויגן איז פאַרשוואונדן דער שמייכל; אויף זיין אָרט האָט זיך באַוויזן אַ שאַרף חלפל. ער האָט געוואָרפן כעס־דיקע בליקן אויף די אַרומיקע, פאַרוואָס יענע רעאַגירן ניט, זיצן אַזוי פאַרכאַפּט פון דער גלאַט־פּלייצנדיקער אַראַטאַרישקייט.

— און נאָך זעט איר דאָן — האָט ראַזגולענקאָס שטים שוין צוגעקראָגן אַ נביאישע נאָטקע, — ווי מענטשן פון גייסט, פון זע־אונגען און געווויסן ליגן אין די פאַרטייען אונטערן זויל־און־קנאַפּל פון די מענטשן פון פויסט, פון דער גרענעצלאָזער מאַכט־גייציקייט, פון אומסקרופּולערסטער ברוטאַלישקייט, — אומאַפּהענגיק פון דעם, וואָס פאַר אַ שיינע ווערטער און לאָזונגען די נעמלעכע פאַרטייען שטעלן ניט אַרויף אויף זייערע פאָנען!

— דאָס איז דאָך פּשוטע קאָנטער־רעוואָלוציע! — דער ערש־טער האָט ניט אויסגעהאַלטן קילפּעטריק, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין טאַבורעטקע. — דאָס איז דאָך... דער שוואַרץ־יאָר ווייס וואָס. אַזוי קאָן ריידן נאָר אַן אונטערגעקויפטער אַגענט פון דער בורזשואַזיע...

— ס'איז בילוקער קליינבירגערלעכער אינדיווידואַליזם, וואָס פאַראַדירט ווי טיפּזיניקע פילאָזאָפיע! — איז די וויים־פאַרפּוצטע נעגערטע אים געקומען צו הילף.

די אומרואיקייט, די פּראָטעסטן צווישן עולם האָבן זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט. אָבער ראַזגולענקאָ האָט געמאַכט אַ לעצטע אָנ־שטרענגונג צו דערטרינקען די וואַקסנדיקע אומצופרידנקייט מיט זיין אָראַטאָרישקייט.

— אָבער דאָס איז פּאָרט דער אמת, צי ער געפעלט אייך, צי ניט, צי ער שטימט מיט דעם וואָס מען האָט אייך אַריינגעהאַקט אין קאָפּ, צי ניט... דורך אָט די לאָזונגען, וועלכע ווערן שפּעטער קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט, פאַרנאַרן די פאַרטייען צוערשט די מאַסן צו

זיך — און שפּעטער פאַרראַטן זיי די זעלביקע מאַסן, הויבן אָן זשאָנג־לירן און מאַנעווורירן מיט די פריערדיקע „אידעאַלן" אַזוי גוט, ווי עס לוינט זיך זיי, דעמאָלט — האָט ראַזגולענקאָ זיך נאָך מער צע־פּלאָמט. — און דערפאַר אפשר האָבן זיי אײַגנטלעך אַזוי פײַנט די עכטע דיכטער, וואָס פאַרבלאָנדזשען שוין יאָ אַמאָל צו זיי, וואָס גיבן זיך זיי איבער... עס מוז בײַ זיי הערשן אַ פײַנטשאַפט צו די אמתע מענטשן פון גײַסט, צו די ריינע נשמות און ערלעכע הערצער, וואָס האָבן געהייליקט זייערע גאַנצע לעבנס אָט יענע אידעאַלן, וואָס בײַ פּאַרטיי־פירער זײַנען זיי בלויז באַקוועמע פּאָליטישע „סלאָגאַנס"... יאָ, עס זײַנען בלויז די דיכטער, וואָס האָבן עס לאַנגזאַם געבויט די מענטשהייט! ווייל זיי האָבן געבויט דעם איינצלנעם מענטשן, — און ניט פּאָליטיקער און ניט פּאַרטיי־אַמביציאַנטן, פאַר וועמען דער איינצלנער מענטש איז גאָרניט, און סוף־כל־סוף מאַכן זיי אויך תמיד חרוב די גאַנצע מענטשהייט...

די צאָרניקע צווישנרופן, וואָס האָבן די גאַנצע צייט דורכגע־שטאָכן ראַזגולענקאָס רעדע, זײַנען איצט געוואָרן לײַדנשאַפטלעכער און העפטיקער. מען האָט זיך אויפגעשטעלט פון די קאַנאַפּעס און דיוואַנען, מען איז אויפגעשפּרונגען פון דעם באַטעפּיכטן דיל, מען האָט געקוויטשעט:

— ס'איז טראָצקיזם, דער נאַקעטסטער טראָצקיזם!

— קוקט נאָר אָן דעם אַפּאָלאָן פון די „דאַים־מואַווינג־פּיק־טשורס", ווי ער קאָקעטירט עס פאַר די ווײַבער...

כאָטש קאַרלינען האָט עס אויסגעקוקט גאָר פאַרקערט: דער פרויען־טייל פון די פאַרזאַמלטע איז אַ סך היציקער געשפּרונגען קעגן דעם רעדנער, איידער דער מענערשער. ס'האָט אויסגעקוקט ווי זיי קענען אים ניט מוחל זיין זיין שיינקייט... פון די ווייטסטע טונקל־סטע ווינקעלעך פון דעם ריזיקן אונטערערדישן „לאָפט", וואָס איז דורך קאַנינגהעמס קאַפּריז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קינסטלער־סטודיאָ, זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פרויען־געשטאַלטן, וואָס קאַרלין האָט פריער אַפילו ניט פאַרדעכטיקט זייער אָנוועזנהייט דאָ. זיי האָבן זיך געדרייט און געקאָכט אַרום ראַזגולענקאָן, ווי וועלנדיק אים דורס זיין, לינטשן. אָבער דער לעצטער האָט זיי געשמייכלט אַנט־

קענען מיט זיין בייסיקן און שפּאַטישן געלעכטער, וואָס האָט בלויז קאָליע געמאַכט זיין אַפּאָלאָ־געזיכט.

קאַנינגהעם, דער קלוגער און רואיק־ניכטערער באַלעבאָס, וועל־כער האָט געהאַט אויפן אויג אַלץ און אַלעמען, איז גלייך אויסגע־וואַקסן אינמיטן, האָט אָנגעהויבן דרייען מיט די אָרעמס, ווי מיט אַ מיל, זיך גוטמוטיק אָנגעהויבן בייזערן אויפן עולם.

— משוגעים! געפונען אַ צייט! ס'האָט דאָך שוין געשלאָגן האַלבע נאַכט! אויף וואָס וואַרט איר — ביז איר וועט דאָ דער־הערן אַ פּייפן און גראַגערן פון דרויסן? ביז איר וועט פאַרנעמען דאָס ברעכן פון ליידיקע מילך־פלעשער דורך די גאַסן־יינגלעך? אין אַזעלכע רייכע גאַסן לויפן אייך ניט אַרום קיין גאַסן־יינגלעך... איז אויף וואָס וואַרט איר?

דער עולם האָט גלייך אָנגעהויבן קלאַפּן אין די שטולן, טופּען מיט די פיס, אָנשלאָגן די גלעזער אָן די אויסגעליידיקטע טרינק־פלע־שער — הורא פאַרן נייעם יאָר!

— איבעראַיאַר — אין אַ סאָוועטן־אַמעריקע!

— פאַרן זיג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע!

ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז ס'איז שוין מער ניט געווען קיין משקה. מען האָט געדאַרפט עמיצן אַרויסשיקן, זען צי קאָן מען ערגעץ קויפן נאָך אַ פּאָר פלעשער וויהיסקי און בראַנדי. קאַנינגהעם האָט אין אַ היטל צונויפגעקליבן געלט פון יעדן איינעם. קאַרלין האָט זיך דערפילט אַזוי זאָרגלאָז, די אַלגעמיינע יום־טובדיקע צערו־דערטקייט האָט אים אויף אַזויפיל אָנגעשטעקט, אַז ער האָט מיט דעם גרעסטן נאָנשאַלאַנס, ווי דער ריכטיקער עושר, אַריינגעוואָרפן אין היטל אַריין זיין לעצטן דאָלאַר. די משפּחה, די „האָום", דער דיספּאָזעס, די אומזיכערקייט פון די קומענדיקע טעג, וואָכן, חדשים, יאָרן — זיי זיינען צערונען, פאַרשוואונדן, ווי זאַכן וואָס האָבן אייגנטלעך צו טאָן מיט אַ פרעמדן דאָרטן, אָבער ניט מיט אים אַליין... ער האָט אָנגעקלאַפּט זיין נאָך אויף אַ העלפט פולע גלאָז אָן דאַראַטים. דער אַרומיקער טומל האָט אַזוי וואונדערלעך פאַרטויבט און פאַרשיכורט אַלע זיינע אַנגסטן און זאָרגן.

— העפּפּי ניו־יִיר, פּאַר אַ גליקלעכן לעבן! לאָמיר זיך צעקושן,

חברטע, לכבוד ניי־יאָר! — האָט ער זיך אַליין געחידושט, ווי עס קוועלט עס אין אים אויף אַזאַ ניט־געוויינלעכער מוט.

— מיין גלאָז איז שוין אָבער אינגאַנצן פּוסט... — האָט דאָ־ראָטי געענטפערט, אַ צעפּלאָמטע און צעשטראָלטע. — מירן וואַרטן אויף די נייע פלעשער.

— נאָר ניט וואַרטן — האָט ער גליקלעך געפּלאַפּלט. — איך נעם ניט קיינע שאַנסן...

ער האָט איר איבערגעגאָסן דעם גרעסטן טייל פון זיין געטראַנק. סיי־ווי האָט ער ניט געקאָנט פאַרטראָגן ניט דעם טעם, ניט דעם ריח דערפון.

— לחיים! אָווער די האָט סענדס... — און ער האָט ניט באַמערקט ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר זיי האָבן זיך טאַקעביידע האַרציק צעקושט. זי האָט זיך דעמאָלט צוגערוקט צו אים, אים אַרומגענומען.

— אָט אַזוי האָב איך אייך ליב!... אַ גאַנצן אָוונט, ווייסט איר, זיצט איר עפּעס אַזאַ שווייגנדיקער, אַזאַ פאַרעמדער... מיט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס וויל ווי אונטערשטרייכן אַז ער באַלאַנגט אינ־גאַנצן ניט אַהער... און דאָס איז באַליידיקנדיק...

— איך האָב די לעצטע פּאָר חדשים געהאַט זייער אַ שווערע איבערלעבונג, — האָט זיך קאַרלין ווי פאַרטענהט. ער האָט אָבער איינצייטיק אויך געפילט אַז זיינע רייד זיינען פאַרפירעריש, אַז אויף אַ סובטעלן אופן גיט ער דאָ צו אַ ראָמאַנטישע באַפרייאונג זיינע זייער פּראָסטע — מאַטעריעלע שוועריקייטן, אַפּנים כדי צו פאַראינ־טריגירן דאָס דאָזיקע נאַאיווע מיידל. — יאָ, אַ שווערע איבערלעבונג... איך קאָן עפּעס אַלץ ניט אַרויסקריכן דערפון.

— ע, זייט אַ מאַן! — האָט זי אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, שפּאַסיק־ערנסט אַריינגעקוקט אין די אויגן. — איך האָב לעצטנס אויך געהאַט אַ שווערע איבערלעבונג, אַ סך אַ שווערערע ווי איר קאָנט זיך גאָר פאָרשטעלן... און — גאָרניט: אָפּגעהאַקט שאַרף, ווי מיט אַ גאָל־מעסער. פאַרגעסן!

— מיר איז טאַקע אויפּפאַלנדיק געווען די גאַנצע צייט, וואָס איר זיצט דאָ אַליין, אָן אַ קאָמפּאַניאָן... און אַזאַ...

— אזא — יונגע מיידל? — האָט זי קאָקעטיש אים פאַרקוקט אין די אויגן אריין. — דאָס איז ווייל כ'האָב אין זיך כוח אויף געװאַגטע אָפעראַציעס! „אָפגעברענט זיך", ווי נאַאיווע האַי־סקול דריקן זיך אויס. ריכטיקער — ווי אַ נאַרישע פלאָטערל — פאַלט זיך געלאָזט כאַפּן אויפן האָקן פון „ליבע" — איז אָפגעווישט דאָס בלוט פון די ליפּן, אַרויסגעריסן דעם האָקן צוזאַמען מיט אַ שטיק פלייש — און פטור... ווי קאַמעראַדן — יאָ; אָבער נעענטער צולאָזן צו זיך יונגעלייט — נעווער מאָר!

פלוצלונג באַמערקט קאַרלין שמעונין, ווי ער דרייט זיך דאָ אַרום אַליין. די הענט גאַווהדיק פאַרשטעקט אין די קעשענעס פון זיין שפּאָגל־נייעם וואָלענעם אָנצוג, זיינע פאַרזשמורעטע אויגן באַטראַכטן אַלעמען מיט אַ מינע פון אַן אויבערמענטש... יאָ, אַ גאַנצן אָוונט האָט ער דאָ געהאַט ווייניק דערפאָלג, זיך מיט קיין איינציקער דאַמע ניט געקאָנט צונויפשמעקן. ער האָט זיך דערנעענטערט צו זיי מיט אַ געלאַנגווייליקטער מינע.

— שוין צייט צו גיין אַהיים.

— וואָס איז אויף דיר די איילעניש? — קאַרלינען איז באַנג געוואָרן אָפצולאָזן דאָס דאָזיקע ניט־געריכטע געפיל פון גרינגקייט און זאָרגלאָזיקייט, וואָס האָט אים איצט אויפגעהויבן אויף זיינע פליגלען. — זעץ זיך צו... מ'עט באַלד ברענגען נאָך וויין.

— איר האָט דען ווייט צו פאָרן? — האָט דאָראָטי זיך היימיש נאָכגעפרעגט, קאַרלינען ווי איינגעוויקלט אין אירע אויפגעגלאַנצטע בליקן.

קאַרלין האָט אָנגעגעבן דעם אַדרעס פון די קאָטעליאַרס... שמעוני האָט בטול'דיק באַטראַכט דעם יאָלדישן פריינט זיינעם: אזא טיפּש, איז דאָך איצט איינער אַליין אין זיין אַפּאַרטמענט... נו, אויב אַזוי, הויבן זיך דאָך אָלנפאַלס זיינע אייגענע שאַנסן, שמעונים.

— גוט, — האָט ער מיט צוקער־זיסקייט מסכים געווען צו פאַרבלייבן. — אָבער בתנאי, איר זאָלט מיך לאָזן באַגלייטן אייך אַהיים.

מיט זיין אויסגעבאַליעטער ווייכקייט האָט ער זיך גענומען וויק־לען אַרום דאָראָטין, ווי אַ שנעקע. זי האָט זיך אָבער גלייך אַרויס־געגליטשט פון זיין אַרומרינגלונג.

— איך האָב ניט קיין היים. דאָס הייסט, ניט לעצטנס, — האָט זי ווי אַקצענטירט.

— וואו־זשע וואוינט איר לעצטנס?

— כ'וואוין מיט מיין מוטער, — אויב דאָס איז פאַר אייך פון אַזאַ אינטערעס, — האָט זי צוגעוואָרפן שמעוני.

— אָ, זי איז נאָך, הייסט עס, אַ מאָדהערס בעיבי... — האָט דער לעצטער, מיט דאָן־זשואַנישער געניטקייט, געפּרואווט אַרויס־רופן איר פרויען־אַמביציע, ווי ער איז עס פון תמיד געוואוינט געווען צו טאָן מיט יונגע מיידלעך.

דאָראָטי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן פון אויבן אַרונטער, ניט געענטפערט, בלויז פאַררייסן קעגן אים די שיינע רוימיש־גלייכע נאָז. דורך די ברילן האָט זי אָבער ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן איר בטול.

— פונדעסטוועגן, ווען איך וואָלט געקאָנט קריגן אַ צימער ביי אַ פיינער משפחה... — האָט זי זיך ווידער געווענדט צו קאַרלינען. — אין דער געגנט פון טרימאָנט עוועניו, אַ שטייגער... ס'וואָלט מיר געווען נעענטער צו דער אַרבעט.

— טאָ דינגט אַ צימער ביי קאַרלינען! — האָט שמעוני אָנגע־הויבן מיט פיל געטריישאַפט. אויב ניט מיט מאַנסבילשקייט, איז אפשר מיט פריינטשאַפט וועט ער זי קאָנען צו זיך דערנעענטערן?

— ביי מיר? — האָט קאַרלין אים אָנגעקוקט, ווי אַ צעדולטן.

— ווייסט דען ניט אַז —

אָבער אָט דער איינפאַל האָט גאָר איינגנטלעך אים אַליין, קאַר־לינען, מער צעדולט... פון גרויס צעטומלטקייט האָט ער אַזש אָנגע־הויבן נאָכאַנאַנד שטופּן אין די אַרבל אַריין די ווידערשפּעניקע מאַנ־זשעטן פון זיין אויבערהעמד, וואָס האָבן זיך דווקא געוואָלט כסדר אַרויסרוקן. דאָראָטי זאָל גאָר ניט האָבן באַמערקט די צוויטן פון די מאַנזשעטן, וואָס האָבן זיך אַזוי אומפאַרשעמט געדריבלט...

— נו, יאָ! האָסט דאָך אָקאָרשט געדונגען אַ וואוינונג פון פיר צימערן טאַקע אין אָט דער זעלבער געגנט! — האָט שמעוני פון דער זייט אַ וואונק געטאָן צו קאַרלינען מיט אַן אויגל. — וועסטו אַרויסגעבן איר איין צימער... פאַרוואָס ניט? ער האָט אַ וואונדער־לעך הנוודיקע ווייב! — האָט ער ערנסט אַ שאָקל געטאָן צו דאָראָטין. — און פּרעכטיקע צוויי קינדערלעך אויך... אָבער זיי זיינען ביידע זייער שטילינקע.

אויסן איז ער אייגנטלעך געווען מיט דעם גאָר קאַליע צו מאַכן קאַרלינס מערכה ביי אָט דעם באַברילטן פּרישטשעוואַטן מיידל, וואָס האָט צו אים, שמעונין, די גאַנצע צייט קיין איבעריקע סימפּאַטיע ניט געוואָלט אַרויסווייזן. קאַרלין, הייסט עס, האָט שוין אַ ווייב. קינדערלעך... דאָס האָט אָבער געהאַט גאָר אַ פאַרקערטע ווירקונג.

— איז עס טאַקע אַזוי, קאַמרעד קאַרלין? — האָט דאָראָטי נאָך ווארעמער זיך צו אים געטוליעט. — דאָס וואָלט ווירקלעך גע־ווען זייער גוט... ווייל אַזוי דאַרף איך פאָרן יעדן טאָג פון אַזש דער פינפטער סטריט — אָפּ־טאָון צו טרימאָנט עוועניו. איך וואָלט גע־ווען אַ גרינגע באָרדערקע אויך. אַ גאַנצע טאָג אין שטוב ניטאָ, קום אהיים אפשר צען אַזייגער אין אָוונט, אַמאָל אויך שפּעטער.

— ביי וואָס אַרבעט איר דען? וואו?

— איך אַרבעט אין מאַרצעטטים ביוטי פּאַרלאָר אויף טרימאָנט...

— אַזוי, אַ „ביוטישען”? — איז קאַרלין געוואָרן נייגעריק. — אינטערעסאַנט, מיין פרוי וויל זיך אויך אויסלערנען אָט דעם פאַך.

— ריכטיק, האָט דאָראָטי אים אונטערגעגעבן מוט. — אפשר דער איינציקער פאַך היינט־צו־טאָג, וואו מ'קאָן נאָך אַמאָל געפינען אַרבעט... ווייל ס'איז אַ נייער פאַך.

קאַרלינען האָט זיך אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ פון אַ גאַנצער ריי נייע פּלענער.

— גוט, טייער מיידל, גיט מיר אייער אַדרעס, וועל איך אייך לאָזן וויסן אַזוי גיך, ווי מיר וועלן האָבן די דירה איינגעאָרדנט... מיר דאַרפן נאָך צוקויפן אַ ביסל מעבל, ווייסט איר...

שמעוני, דערזעענדיק אַז דאָראָטי קוקט זיך אויף אים ענדגיל־טיק מער ניט אום, איז אויפגעשטאַנען אַ באַליידיקטער, אַוועק זוכן זיין גליק ערגעץ אַנדערש.

— אויב אַזוי, האָט טאַקע אין זינען קויפן פאַר מיר אַ סטודיאָ־בעט, — האָט דאָס מיידל קינדיש־פריידיק אויפגעפליעסקעט מיט די הענט. — איך האָב פיינט אַ צימער, וואָס איז דורכאויס שלאָף־צי־מער... מיך עקלט פון שלאָף־צימערן! —האָט זי אַזש אַ דראָזשע געטאָן מיטן גאַנצן גוף, ווי זיך דערמאָנענדיק אָן עפּעס. און קאַרלינען האָט זיך געדוכט: זי האָט געוואָרפן אַ בליק פול שנאה אויפן רויט־האָ־ריקן דזשאַנין, וועלכער איז יעדע עטלעכע מינוט שיר ניט אַרונ־טערגעפאַלן פון זיין טאַבורעטקע־זיץ, האָט נאָכאַנאַנד געגרעבצט און אויסגעפליוסקעט די משקה פון זיין גלאָז. אַ גליק, וואָס די ווייס־פאַרפוצטע נעגער־מיידל האָט אים כסדר אונטערגעהאַלטן מיט אַן אָרעם אַרום זיין טאַליע.

דער עולם האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעשפּרייט יעדער אין זיין ווינקל, טרינקענדיק. שושקענדיק זיך, דעבאַטירנדיק. אייניקע זיינען שוין געווען שיכורערהייט אַנידערגעזונקען אויפן דיל. אַנטשלאָפן גע־וואָרן ווי געהרגעטע. בלויז אויף דער קאַנאַפּע, ניט ווייט פון דער באַראָנעסע, וועלכע איז שוין אויך געווען אַוועקגעפאַלן, האָט קאַנינג־העם אומדערמידלעך און פעדאַגאָגישאַ־געלאַסן איינגעטענהט מיט שמעונין, וועלכער איז מיט זיין כאַראַקטעריסטישער מינע פון אַל־ווייסנדיקייט געשטאַנען איבער אים, באַלעבאַטיש פאַרלייגט ביידע הענט אויף הינטן.

— ...איר זיינט דאָך אַ רוסישער, האָט איר דאָך זיכער געלייענט „קלים סאַמגין״? געדענקט איר אוודאי, ווי איינער אַ העלד דאָרטן — איך געדענק שוין ניט ווער, אַלע פילאָזאָפירן זיי דאָרט ביי אים געגנוג, נישט צו פאַרזינדיקן! — זאָגט טאַקע וועגן דעם זעלביקן ענין: „אינטערנאַציאָנאַליזם — איז בלויז אַ המצאה פון די דענאַציאָנאַ־ליזירטע און דעקלאַסירטע מענטשן... אָבער אין דער וועלט פון ווירק־לעכקייט הערשט נאָר דאָס געזעץ פון עוואָלוציע, וואָס לייקנט אָפּ די

מעגלעכקייט פון אַ צונויפמישונג פון דעם, וואָס לאָזט זיך קיינמאָל ניט צונויפגיסן... אין דער וועלט פון געוויקסן און חיות איז קיין רע־וואָלוציע ניטאָ! ציפּרעסן וואַקסן ניט אויפן צפון, און אַ בעטהאָוועןֿ־נעשטאַלט איז ניט מעגלעך אין כינע, אַפילו ווען כינע וואָלט שוין פולשטענדיק איבערגענומען די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע..." אָט דאָס הייסט זיך סוף־כל־סוף דערדעדט צום אמת!

אָבער די שפּעטע שעה, די פילע אריינגעגאָסענע גלעזער משקה האָבן אויך קאַנינגהעמען ענדלעך אָנגעהויבן באַזיגן. זיין בלייך גע־זיכט איז געוואָרן נאָך מאַטער, טויטער, כאָטש זיין דורכאויסיקער פליך האָט נאָך שפּעדיק געגלאַנצט.

— אַז וואָס איז דאָ צו ריידן... — האָט זיין צונג שוין אָנגעהויבן פּלאָנטערן שוואַך און שוואַכער, ווי אַן אויסגייענדיקער גאָרן. — אונדזער אינטערנאַציאָנאַליזם, כ'מיין אין אָט די־אָ קרייזן, דרייט זיך דאָך הויפּטזעכלעך אַרום שיכורן און אַרום גזאַפן.

ווען קאַרלין האָט זיך ענדלעך אויפגעהויבן, אַ זוך געטאָן זיין אויבערמאַנטל, איז דאָראָטי אויך אויפגעשפּרונגען, „איך גיי אויך מיט אייך", אָבער אויך דזשאַנני איז גלייך אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ. זיין פּנים האָט זיך אין איין אויגנבליק געענדערט, געוואָרן וואַך־אָנגעשטרענגט, זיינע רויטע האָר האָבן זיך קריגעריש צעפּלאַמט... מ'וואָלט געקאָנט גלויבן, אַז ער האָט זיך פּלוצלונג אינגאַנצן אויס־געניכטערט, ווען ניט וואָס פון אים האָט אויך איצט מוראדיק נע'אָוורט, ווי מיט איבערגעשטאַנענעם אַלקאָהאָל.

— איך באַגלייט דיך אַהיים! — אין זיינע פאַרטרונקענע אויגן, ווי אין צוויי שנאַפּס־גלעזלעך, האָבן זיך אָנגעצונדן גרינע פלעמלעך, און אין זיין קול פעסטקייט.

— נאָ, מאַי פרענד, יו דאָנט! *) — האָט דאָראָטי פּונקט אַזוי פעסט צוריקגעשלידערט און אויך אין אירע אויגן האָבן אויפ־געגלאַנצט פייערדיקע מעסערלעך. — העפּפּי ניו־ייר, דזשאַן... **) —

*) ניין, מיין פריינד, דו טון עס ניט...

**) אַ פריילעך ניי־יאָר!

זי איז אָבער צו צו קאַרלינען, אים אַנטשידן אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם. שמעוני איז זיי נאָכגעגאַנגען.

— איר ווייסט דען, ווי מען קריכט אַרויס פון אַט דער הייל?

—האָט ער ניט צופרידן זיי נאָכגעשריגן.—איר׳ט זיך קענען אַרויס־קלייבן דורכן גאַנצן לאַבירינט?

— זאָרגט ניט, — האָבן דאַראָטי און קאַרלין געשפּאַנט אין פאַראויס. — איר גייט נאָר אונדז נאָך...

זי האָט זיי געפירט מיט אַן אַנדער וועג, ניט מיט דעם מיט וועלכן די צוויי פריינט זיינען אַהער געקומען פאַר האַלבער נאַכט. אויך דאָס מאָל האָט דער וועג געפירט דורך רינענדיקע סקלעפּן־ווענט, שוואַך באַלויכטענע מיט לאַמטערן־ליכט. אָבער אַנשטאָט אַרונטערצולאָזן זיך אויף טרעפּ, האָבן זיי זיך גאָר געהויבן אַלץ העכער און העכער. דורך אַ הינטער־טיר זיינען זיי ענדלעך אַריין אין אַ לאָבי פון אַ זייער־רייכן אַפּאַרטמענט־הויז. געדעמפּטע עלעקטרישע ליכט האָבן אומגעזעען געברענט אין גלעזערנע שיסלען און אַבאַזשורן פון פאַרשידנסטער געאָמעטרישער צייכענונג. אָבער אַלע — מיט זייע־רע עפענונגען געווענדט אַרויפצו, צום רייך־דעקאָרירטן סופיט. זייערע פים זיינען געזונקען אין טיפע ווייכע טעפּיכער, און דאָך זיינען די דריי פאַרשווינען געטראָטן אויף די שפּיץ־פינגער, כדי ניט אויפצו־וועקן די שווייצאַרן, וועלכע האָבן דאָ אַרומעט ערגעץ געדרימלט... ווען זיי האָבן זיך ענדלעך דערזען אויף דער גאַס, האָט שוין געבלויט דער פּראַסטיקער באַגינען.

הינטער זיי האָט שווער געפּרייכט שמעוני. קאַרלין האָט מיט פולער ברוסט דורשטיק אַריינגעצויגן אין זיך די מחיהדיק־דערקוויקנ־דיקע פאַרטאָגיקע לופט, האָט אַרויסגעאָטעמט די טוכלע־שיכורע לופט פון ביינאַכט. ער האָט צוגעדריקט צו זיך די שמייכלענדיקע דאַראָטי, איר חבריש פאַרקוקט אין די מידע אויגן אַריין:

— אַט־אַ דער־אַ... דזשאָן... אייער אַ נאָענטער פריינט, קאָנ־טיק?

— ניין, קיין פריינט איז ער מיר קיינמאָל ניט געווען, אָבער

ער האָלט, אַז ער האָט אויף מיר היפּשע רעכט, ווייל ער האָט ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק מיין אַנאַטאָמיע זייער נאָענט געקענט... אָבער לאָמיר וועגן דעם אַלעמען איצט ניטריידן — דאָס זיינען טרויעריקע דערמאָנונגען — און ס'הויבט זיך דאָך איצט אָן אַ נייער יאָר. העפּפּי ניו־יִיר! העפּפּי ניו־יִיר... וועלן מיר זיך אפשר אינגיכן ערגעץ טרעפן, הא?

